# היימישע עופות

א לעהר־בוך

וועגען היהנער, גענז, ענטלעך, אינדיקעס און טויבען


פון

ישראל איסר קאַצאָוויטש

מיט־רעדאקטאר פון „אידישען פארמער",
פּראָפעסאָר פון „זעכציג יאהר לעבען".


צווייטע פאַרגרעסערטע און פאַרבעסערטע אויפלאַגע




ארויסגעגעבען פון דער

דזשואיש אגריקולטשורעל סאָסייעטי

ניו יאָרק.

Published by
THE JEWISH AGRICULTURAL SOCIETY, INC.
New York, 1924

# איניגע ווערטער צו דער צווייטער אויפלאגע

די ערשטע אויפלאגע פון דעם בוך „היימישע עופות" איז פארקויפט געווארען. אזוי ווי דאס בוך האט געבראכט גרויסע נוצען, און אזוי ווי עס איז נאך פאראן א גרויסע פאדערונג אויף דעם בוך, האט די דזשואיש אגריקולטשורעל סאסייעטי באשלאסען צו דרוקען א צווייטע אויפלאגע; און איך האב פאררעכט די איניגע דרוק-פעלערען, וואס זיינען געוועזען אין דער ערשטער אויפלאגע; און איך האב צוגעשריבען נייע פינף פאראגראפען אין דער ביילאגע פון זייט 266 און ווייטער.

ווער עס וויל האבען די פולע נוצען פון דעם בוך, דארף ער מיט אויפמערקזאמקייט לערנען דעם גאנצען בוך פון אנפאנג ביז צום ענדע; און נאכהער אין דער פראקטיק טאן אלעס פינקטליך ווי עס פאדערט זיך אין יעדער הינזיכט. מען קאן ניט זיין ערפאלגרייך, אויב מען וועט אפהיטען איין זאך, און פארנאכלעסיגען א צווייטע זאך.

אייער ערפאלג וועט זיין די בעסטע באלוינונג פאר מיר.

ישראל איסר קאצאוויטש.

# פאָרעדע

אין די לעצטע יאָהרען האָט זיך זעהר ענטוויקעלט דאָס געשעפט מיט עופות. אין די פאראייניגטע שטאאטען פון אמעריקע, צום ביישפּיעל, ווייסען מיר פון דער רעגירונגס רעפּאָרטען, אז די היימישע עופות מיט זייערע פּראָדוקטען פון איין יאָהר באטרעפען ביז דריי פערטעל ביליאָן דאָלאר (750 מיליאָן). מיר מוזען אָבער וויסען, אז פיעלע היהנער בעצאָהלען ניט פאר זייער עסען און פאר דער ארבייט וואָס מען האָט ארום זיי, ווייל זיי לעגען ווייניג אייער. איבערהויפּט ווינטער צייט, ווען מען קאָן פאר אייער באקומען הויכע פּרייזען, אָט דאַן האָט מען ניט פון זיי קיין אייער. אויך ווייסען מיר, אז א גרויסער טייל הינדעלעך קאָנען ניט ארויסגעהן פון די אייער אין דער צייט פון אויסבריהען; און די, וואָס קומען ארויס, שטארבען קליינערהייט; און, אויב איניגע בלייבען לעבען, זיינען זיי שוואכע, צו זיי קלעפּען זיך אלע קראנקהייטען, און זיי לעגען ווייניג אייער.

אום צו מאכען אַן ערפאָלג אין דעם געשעפט מיט עופות מוזען מיר פארשטעהן אלע פאָדערונגען פון א הוהן. וואו צו האַלטען זי, וואָס צו געבען איהר עסען, און ווי אזוי ארומצוגעהן ארום איהר אין אלגעמיין. און אויב מיר ווילען אויסבריהען אייער, איבערהויפּט מיט א מאשין, מוזען מיר זיין גוט באקאנט מיט אלע איינצעלהייטען וואָס די נאַטור פאָדערט.

מיר ווייסען, אז פון אָנפאנג זומער, אויב די היהנער זיינען אין א גוטען צושטאנד, לעגען זיי מעהר אייער איידער א גאנץ יאָהר, איבערהויפּט, וואו די היהנער געהען ארום פריי. ווען מיר װעלען בעאָבאכטען די אויפפיהרונג פון דער הוהן אין דער צייט, ווען זי לעגט פיעל אייער, וועלען מיר הערפון קאָנען עטוואָס לערנען. די געזונטע הוהן שטעהט אויף גאנץ פריה און געהט באלד

ארויס אין דרויסען כאפען פרישע לופט. גיט איהר באלד א הייפעל קערנער און קוקט זיך צו, ווען איהר זעהען ווי זי עסט אביסעל קערנער, און נאכהער שלינגט זי איין א פאר שטיקלעך גראבע זאמד. איהר זאלט ניט מיינען, אז זי האט א טעות געהאט און געכאפט זאמד אנשטאט א קערענדעל. ניין, זי ווייס גאנץ גוט וואס זי טהוט. איהר אינסטינקט דיקטירט איהר, אז זי זאל עסען די זאמד, ווייל דאס פאדערט זיך צוליעב איהר געזונד. קוקט ווייטער, וועט איהר זעהען, ווי זי פאנגט אן צו גראבען די ערד און זוכט אב א פאר ווערים און עסט זיי אויף. דאס באווייזט, אז די קערנער אליין קאנען זי ניט צופרידען שטעלען, זי מוז האבען נאך א שפייז פון לעבעדיגע באשעפענישען. יעצט, אויב זי האט וואסער, וועט זי טרינקען אביסעל, און וועט אוועקגעהן איבער'ן פעלד און פיקען די זאפטיגע גראז. נאכהער שפיעלט זי זיך, לויפט ארום און זינגט, ביז זי קומט צוריק און לעגט אן איי.

אויב מיר ווילען, אז זי זאל לעגען אייער אין דער צייט, ווען מיר האלטען זי פארשפארט, דארפען מיר פארזארגען זי מיט די אלע זאכען וואס זי פאדערט. נעמליך, מיט פארשיעדענע שפייזען, ווי קערנער פון תבואה, פראדוקטען פון לעבעדיגע באשעפענישען און גרינסען, און דערצו מוז זי נאך האבען אביסעל זאמד און גענוג ריינע וואסער צום טרינקען, פרישע ריינע לופט צו אטהעמען און א פלאץ וואו צו באוועגען זיך און שפיעלען זיך.

ניט יעדער איינער קאן זיין א בעאבאכטער און לערנען אליין פון אייגענער ערפאהרונג; און, ווען אפילו ער האט די פעהיגקייט צו בעאבאכטען און לערנען, וועט איהם צו טייער קאסטען די לעהרע. דעריבער מוזען מיר לעזען און לערנען פון אנדערע, וואס זיי האבען אויסגעפונען.

פיעלע פון אונזערע פארמער פון די רוסישע אידען פרעגען: „פארוואס האבען די היהנער ביי דעם רוסישען מוזשיק געלעגט אייער, אבוואהל ער האט קיינע ביכער געלעזען?“

אויף אזא פראגע קאן מען ענטפערען: ערשטענס, די היהנער זיינען געווען פריי, פלעגען זיך ארומגעהן אין שייער אדער

# פאָררעדע

אין פעלד און געפינען אביסעל קערנער און גרינסען; און אינזעקטען האָבען זיי געווים געגוג געהאַט דורכ'ן זומער; און א פּלאַץ צום שלאָפען פלעגען זיי זיך אויך אָבזוכען, וואו עס איז גענוג לופט; אין נאָך דעם אלעמען האָבען זיי טאקע געלעגט ווייניג אייער, און די היהנער זיינען געוועזען פיעל קלענער איידער זיי האָבען געקאָנט זיין. צווייטענס, דאַרפען מיר פארשטעהען, אז אמאָל איז די הוהן נאָך ניט פארעדעלט געוואָרען, און דעריבער האָט זי געקאָנט איבערטראָגען פיעלע זאַכען, פון וועלכע אונזערע היהנער וועלען געווים אָנפאנגען צו קרענקען.

אזוי ווי פיעלע אידען ווילען אָנפאנגען צו באשעפטיגען זיך מיט עופות, און אזוי ווי פיעלע אידישע פארמער האָבען היהנער און האָבען ווייניג אייער פון זיי, האָב איך באשלאָסען אָנצושרייבען דיעזען בוך. אלעס, וואָס איז געשריעבען אין דעם בוך, איז גענומען געוואָרען פון די לעצטע זיכערסטע קוועלען, וואו מען האָט מיט וויסענשאפט אין מיט פיעל פראקטיק געמאכט דעם גרעסטען ערפאָלג מיט עופות.

אין דעם בוך ווערט באשפּראָכען וועגען אלע היימישע עופות, ווי היהנער, געגנז, ענטלעך, אינדיקעס און טויבען. וועלכע הייזער זיי פאָדערען און ווי אזוי צו האלטען די הייזער. וועלכע שפּייזען זיי דארפען האָבען. ווי אזוי אויסבריהען מיט עופות און מיט א מאשין, אויך וועגען קראנקהייטען ווי אזוי צו היילען און איבערהיפּט, ווי אזוי צו פארהיטען פון קראנקהייטען. אויך האָב איך געשריבען וועגען דעם געשעפט אין אלגעמיין, און וועגען יעדען פּראָדוקט באזונדער.

איך האָב געשריבען קורץ און דייטליך, אז יעדער איינער זאָל קאָנען פארשטעהען; און איך האָף, אז דאָס בוך וועט זיין אינטערעסאַנט ניט נאָר פאר די, וואָס קאָנען לעזען נאָר אידיש, נאָר אויך פאר די, וואָס קאָנען לעזען אין אן אנדער שפּראַך.

די, וואָס דענקען אָנפאנגען דעם געשעפט מיט עופות, זאָלען איבערלעזען דעם בוך, און דאן וועלען זיי אָנפאנגען און וויסען וואָס צו טהאָן. ‏דער פיליכט וועלען זיי אין גאנצען אויפגעבען

דעם געדאנק, ווען זיי וועלען דערזעהן, אז דאס איז ניט אזוי גרינג ווי זיי האבען זיך פארגעשטעלט.

און דער פארמער, וועלכער האלט אביסעל היהנער, און ווינטער דארף ער קויפען אייער, ווען ער וועט איבערלייענען דעם בוך, וועט ער אנפאנגען צו האלטען מעהר היהנער, און ער וועט וויסען ווי אזוי צו מאכען, אז זיי זאלען איהם גוט באצאהלען.

דער אידישער פארמער דארף וויסען, אז פון דער גאנצער פראדוקציאן פון עופות אין די פאראייניגטע שטאאטען פון אמעריקא, ווערט 90% פראצענט פראדוצירט אויף די פארמס, און נאר 10% קומט פון די ספעציעלע עופות געשעפטען. דעם פארמער איז אלגעמיין קאסט אלץ ביליגער, סיי די ארבייט ארום די עופות, און סיי דאס עסען פאר די עופות; און דעריבער קאן ער האבען פון זיינע עופות מעהר פראפיט איידער דער ספעציעלער געשעפט. מען דארף נאר פארשטעהן און וועלען אביסעל אבגעבען זיך דערמיט.

די אהייא עקספערימענט סטיישאן האט זיך אבגעגעבען אויסצוגעפינען דעם פראפיט פון היהנער אויף די פארמס. פינקטליכע רעקארדען זיינען געפיהרט געווארען אויף 18 פארמס. פון יעדע 100 היהנער איז דער ריינער פראפיט געוועזען דורכשניטליך 87 דאלאר. אויף די בעסטע 5 פארמה איז דער פראפיט געוועזען פון 104 ביז 247 דאלאר פון 100 היהנער און אויף די ערגסטע 5 פארמס איז געוועזען פון 15 ביז 67 דאלאר פון 100 היהנער. ד. ה. אז ווען איין פארמער האט געהאט 2,47 דאלאר פון א הוהן, האט א צווייטער געהאט נאר 15 סענט פון א הוהן אין א יאהר צייט. און דאס איז נאר דערפאר, וואס דער ערשטער פארשטעהט ווי אזוי ארומצוגעהן ארום די היהנער, און דער צווייטער פארשטעהט ניט און וויל ניט אבגעבען זיך דערמיט.

די סטאטיסטיק באווייזט, אז יעדער הוהן אויף'ן פארם לעגט דורכשניטלאך אין א יאהר 60 אייער, און עס איז גאנץ גרינג אויסצופיהרען, אז יעדער הוהן זאל לעגען 120 אייער.

איך האב אויך אין זינען געהאט די שטאדטישע איינוואהנער, איבערהויפט פון די קליינע שטעדטלעך. ווען זיי וועלען לעזען

פאָררעדע

דיעזען בוך, וועט יעדערער איבערצייגען זיך, אז ער קאָן האלטען אביסעל היהנער, און האָבען אימער א פרישע איי; און עס קאָן זיין, אז מיט דער צייט זאָל ער דאָס ענטוויקלען און מאכען פאר א געשעפט.

איך דריק דאָ אוים מיין דאנקבארקייט צו אלע פערפאסער פון די ביכער און שריפטען, מיט וועלכע איך האָב זיך בענוצט שריי־בענדיג דיעזען בוך, און וועלכע ווערען דערמאהנט אין דער ביב־ליאָגראפיע צום ענדע בוך.

**ישראל איסר קאַצאָוויטש.**

נאָוועמבער 10, 1920.

# אינהאַלט

קאַפּיטעל 18.

קאַפּיטעל 1.

# דאָס געשעפט מיט עופות.

1. **די ענטוויקלונג פון דעם געשעפט.** — ווי עס איז דער־מאהנט אין דער פאררעדע ווערט דאָס געשעפט מיט עופות מיט יעדען יאָהר אַלץ מעהר ענטוויקעלט. די אורזאכען דערפון זיינען פאָלגענדע:

1) די פאָהערונגען אויף אַלע פּראָדוקטען פון עופות זיינען געוואָרען גרויס. מען האָט אָנגעפאַנגען צו עסען מעהר אייער און מעהר פלייש פון עופות.

2) די מאשינעס צוליעב אויסבריהען עופות און די נייע מע־טאָדען ווי אזוי גרומצוגעהן ארום די עופות האָבען פיעל געהאָל־פען צו פאַרגרעסערען דאָס געשעפט.

3) פיעלע איינוואָהנער פון די שטעדט, וועלכע ווערען מיד פון דעם טומעלדיגען לעבען, און בעשליכען צו ווערען פארמער, נעהמען זיך צו דעם געשעפט מיט עופות, ווייל דאָס איז גרינגער איידער אנדערע פאַרם ארבייט. איבערהויפט פאַר א מענשען, וועלכער איז ניט געוואוינט צו שווערע פיזישע ארבייט.

4) פיעלע פרויען אָדער קינדער פון פארמער האָבען אָנגעפאַנ־גען צו באשעפטיגען זיך מיט עופות אַלס א ביי־געשעפט צו די אַלגעמיינע פארמעריי.

2. **איינקינפטע פון עופות.** — דאָס געשעפט מיט עופות באשטעהט פון פיעלע צווייגען.

1) פארקויפען אייער צוליעב עסען; 2) פארקויפען אייער צו־ליעב אויסבריהען; 3) פארקויפען היהנדעלעך פון א טאָג אָדער צוויי טאָג אלט צוליעב האָדעווען; 4) פארקויפען יונגע היהנדעלעך

צוליעב פלייש ; 5) פארקויפען אלטע עופות צוליעב פלייש ; 6) פאר־קויפען אלטע היהנער צוליעב בריד (פארמעהרונג).

מיט אלע צווייגען צוזאמען באשעפטיגען זיך ווייניג מענשען.
אבער מיט אייניגע צווייגען צוזאמען באשעפטיגען זיך פיעלע.

אויסער די אויבענדערמאהנטע פערשיעדענע צווייגען פון דעם געשעפט, האבען די פעדערען א ווערטה, ניט נאר געזונע, נאר אפילו די פעדערען פון היהנער קאן מען פארקויפען, אויב מען קלייבט די קלענערע און גרעסערע באזונדער, און מען האלט זיי טרוקען. דערצו נאך דארף מען רעכענען די מיסט, ווייל די מיסט פון א הוהן איז זעהר גוטע (זעה § 285).

3. עופות מיט נאך א צווייג אין פארמעריי. — אין אל־געמיין איז ראטזאם צו האבען אויסער די עופות נאך א באשעפ־טיגונג אויף׳ן פארם. איבערהויפט אן אנפאנגער זאל זיך ניט פאר־לאזען אין גאנצען אויף די עופות, ווייל אנפאנגען הארף מען גאנץ קליין און ביסלעכווייז פארגרעסערען דעם געשעפט ווען מען בא־קומט שוין מעהר ערפאהרונג.

עס זיינען פאראן אייניגע צווייגען אין פארמעריי, וועלכע זיי־נען זעהר גוט צוזאמען מיט עופות, ווי צום ביישפיעל:

1. האלטען קיה צוזאמען מיט היהנער איז גוט, ערשטענס, ווייל די ביי־פראדוקטען פון די מילך, ווי די מילך, וואס בלייבט, ווען מען נעמט אראב די זיסע שמאנט (סקים מילך) אדער בוטערמילך (מאסליאנקע) זיינען פיעל ווערט אלס שפייז פאר די היהנער; און צווייטענס, ווייל די פראדוקטען, וואס מען זעעט צוליעב די קיה, זיינען גוט אויך פאר די עופות.

2. א פרוכט־גארטען צוזאמען מיט היהנער איז אויך גוט. די היהנער האבען זומער א שאטען וואו צו באהאלטען זיך פון דער זון. זיי האבען צווישען די בוימער די גרינע גראז צום עסען, און זיי האבען פון די ביימער די אינזעקטען וועלכע באפאלען די פרוכט־בוימער; און פאר די בוימער זיינען די היהנער ניצליך דערמיט, וואס זיי פארניכטען פיעלע אינזעקטען, און די מיסט פון די היהנער איז זעהר גוט פאר די בוימער.

3. באשעפטיגען זיך מיט גארטענווארג צוזאמען מיט היהנער איז אויך פראקטיש, ווייל די נידעריגע סאָרטען גאָרטענווארג, וועלכע זיינען ניט גוט צום פארקויפען זיינען זעהר גוט פאר עופות, און די מיסט פון עופות איז זעהר גוט פאר גאָרטענווארג.

4. אין אייניגע געגענדען איז גוט צו האָבען צוזאמען מיט די עופות סטראָבעריס (ערדבערען, זעמליאניקע), וועלכע פאָדערען ארבייט נאָר א פאָר מאָנאטען אין יאָהר און באצאָהלען גאנץ גוט.

5. בינשטאָקען מיט עופות צוזאמען איז אויך גוט. מען קאָן זעען באָקהוויט (גריקע, בוכווייצען) אָדער פיז (ארבעס), וועלען די בינען קלייבען האָניג פון די בליהונגען פון די באָקהוויט א׳ן פון דעם פיז, און די עופות וועלען האָבען די קערנער צום עסען.

## 4. וואָס פאָדערט זיך צוליעב מאַכען אַן ערפאָלג מיט עופות.

— דער מענש, וועלכער וויל אָנפאנגען באשעפטיגען זיך מיט עופות, דארף וויסען, אז דערצו פאָדערען זיך פאָלגענדע זאכען:

1. ער מוז האָבען אַ ווייכע נאטור, ער זאָל ניט קוקען אויף די עופות נאָר ווי אויף א שטיקעל ווארע, פון וועלכע ער דארף ציהען פרנסה, נאָר ער דארף זיי ליעב האָבען א׳ן זיין צערטליך צו זיי. אייך וועט זיך פיליכט אויסווייזען לעכערליך, אָבער דאָס איז א פאקט, אז די הוהן האָט ליעב, אז מען זאָל ארום איהר ארומגעהן איידעל און שטיל ווי אן אמת׳ער דזשענטעלמען. ווען מען קומט אריין צו די היהנער מיט א שטיקעל טומעל ווערען זיי נערוועז און געפינען זיך ניט קיין אָרט; און, אויב דאָס טרעפט אָפט, ווערען זייערע נערוועז אָבגעשוואכט, און זיי קאָנען מעהר ניט לעגען קיין אייער ווי געהעריג.

2. דער מאן, וואָס געהט ארום היהנער, דארף האָבען אָפענע אויגען צו באמערקען יעדער קלענסטע ענדערונג אין דעם אויס־זעהען פון די היהנער אליין, ווי אויך פ׳ון די מיסט, ווייל די קלענסטע ענדערונג אין זייער אויסזעהן אָדער אין זייער מיסט קאָן פיהרען צו שלעכטע רעזולטאטען.

3. ער מוז ליעב האָבען פינקטליכקייט אין יעדער זאַך, ווייל

דער גרעסטער אומגליק מיט עופות איז ניט־פינקטליכקייט און נאכלעסיגקייט.

4. ער דארף קאָנען און וועלען פיהרען א ריכטיגע רעכענונג פון יעדער זאך. אין אלגעמיין דארף ער זיין א גוטער געשעפטס־מאן צו וויסען די פאָדערונגען פון מארק, אויסרעכענען וואָס עס באצאָהלט זיך בעסער, און ער זאָל קאָנען אויסארבייטען די ריכטיגע פלענער, וועלכע ער זאָל קאָנען דורכפיהרען.

5. אויך דארף מען וויסען, אז דאָס געשעפט מיט עופות, איי־בערהויפט מיט היהנער, פאָדערט לאַנגע שטונדען ארבייט. אמת, ניט קיין שווערע ארבייט, אָבער מען מוז זיין פארנומען פון גאנץ פריה אין פריה־מאָרגען ביז שפּעט אין אָבענד.

אויב איינער פיהלט, אז ער האָט די אלע אויבענדערמאָהנטע מעלות, זאָל ער אָנפאנגען צו לערנען וועגען דער נאַטור פון עופות און וועגען זייערע פאָדערונגען. זאָל ער לעזען וואָס די וויסענשאפט צוזאמען מיט דער פראקטיק האָבען ביז יעצט אויסגעפונען וועגען עופות; און, ווען מען איז שוין באקאנט מיט דער טעאָריע, זאָל מען, אויב מעגליך, לערנען די פראקטיק ביי אן ערפאָלגרייכען מאן, וואָס באשעפטיגט זיך מיט עופות; און דאן ערשט אָנפאנגען קליין, און ביסלעכווייז פארגרעסערען דעם געשעפט.

צום גרעסטען באדויערען נעהמען זיך צום געשעפט מענשען, וועלכע זיינען פון דער נאטור נאכלעסיג, אונפאָרזיכטיג, ניט פינקט־ליך, און איבערהויפט אונוויסענד; און וואָס מעהר א מענש איז אונוויסענד, רעדט ער זיך אלץ מעהר איין, אז ער וויים אלעס; און די ענדע איז, אז אזעלכע מענשען פארלירען זייער געלד און אנט־לויפען צוריק אין שטאָדט.

**5. פיעל געלד פאָדערט זיך צוליעב דעם געשעפט מיט עופות.** — אויב איינער וויל אָנפאנגען גאָר פון אָנהויב, דאָס מיינט צו קויפען א פארם און איינפיהרען דעם געשעפט מיט עופות, וועט ער געוויס דארפען אריינלעגען שעהנע עטליכע טויזענד דאלאר. אויסער, וואָס ער דארף איינצאָהלען אויף דער פארם, דארף ער האָבען א בעגריעף פיעל געלד דער געשעפט פאָדערט. א הויז צו־

ליעב היהנער האט אין נארמאלע צייטען געקאסט פון 1.25 ביז 1.50 דאלאר פאר יעדער הוהן, ווען מען וויל האלטען נאר 500 היהנער וועלען די מאשינעס מיט די ברוטערס אויך קאסטען נאהענט פון 300 דאלאר. איסהאדעווען א היהנדעלע ביז דער צייט וואס זי פאנגט אן צו לעגען אייער קאסט אין נארמאלע צייטען ביז 65 סענט א שטיק. נעהמענדיג די אלע זאכען אין אבבאטראכט, קאן יעהערער האבען א פארשטעלונג פיעל געלד ער וועט דארפען.

ווען אבער איינער האט שוין א פארם מיט אנדערע צווייגען אין פארמעריי, קאן ער מיט וועניג געלד אנפאנגען דעם געשעפט מיט עופות, און ווען ער וועט יעדער זאך טהאן ווי געהעריג, ניט בלינדערהייט, וועט ער זיכער האבען איינקינפטע פון די עופות אזוי גוט, און פיעלייכט נאך בעסער, איידער פון די אנדערע צוויי־גען אין פארמעריי.

6. ווי אזוי צו קויפען א פארם צוליעב עופות. — ווער עס וויל קויפען א פארם צוליעב עופות דארף נאכזוכען פאלגענדע זאכען:

1. דער פלאץ זאל זיין ניט ווייט פון א גוטען מארק, וואו מען זאל קאנען פארקויפען די פראדוקטען גלייך צום פארברויכער, ווייל די וואס האנדלען מיט אייער און מיט עופות שטעלען זיך א גרוי־סע פרנסה, און דעם פארמער בלייבט ווייניג.

2. אין פיעלע הינזיכטען איז בעסער אזא געגענד וואו פיעלע באשעפטיגען זיך מיט עופות ווייל דארט איז גרינגער צו באקומען די אלע נויטיגע זאכען, וועלכע פאדערען זיך צוליעב די עופות.

3. דאס לאנד צוליעב אן עופות פארם שפיעלט א וויכטיגע ראליע. פייכטליכע לאנד איז ניט גוט פאר אזא פארם, ווייל היהנער קאנען ניט איבערטראגען קיין פייכטקייט. נאר זאמדיגע לאנד איז אויך ניט גוט, דאס בעסטע לאנד איז לייכטע, זאמדיג־ליימיגע, וועלכע איז אבסאלוט טרוקען.

4. די פראגע פיעל לאנד מען דארף צוליעב אן עופות־פארם איז שווער צו זאגען, ווייל דאס איז פיעל אבהענגיג פון דעם מענ־שען, וועלכער געהט ארום די עופות. דער מענש, וואס פארשטעהט

ווי אזוי צו האלטען ריין די היהנער־הייזער און די הויפען, און וויים ווי אזוי צו פארזארגען זיי מיט אלעס, וואס זיי פאדערען. קאן האלטען אויף דעם זעלבען פלאץ מעהר היהנער איידער דער אונוויסענדער. אין אלגעמיין פאדערען יעדערע 500 היהנער אן אקער לאנד. עס זיינען אבער פאראן מענשען, וועלכע האלטען פיעל מעהר היהנער אויף אן אקער לאנד און זיינען ערפאלגרייך. בעסער איז אבער, אז מען זאל האבען מעהר לאנד. אום מען זאל קאנען זעען א גרויסען טייל פון די שפייזען, וואס די עופות דארפען, און דערצו זאל מען קענען האבען עפעס נאך א צווייג אין פארמעריי ווי מיר האבען אויבען דערמאהנט. א פארם פון 50 אקער לאנד קאן זיין א גוטע פארם צוליעב עופות.

7. **ווי אזוי אנצופאנגען דעם געשעפט מיט עופות. —** דאס ערשטע דארף מען וויסען דייטליך וואס מען וויל פראדוצירען צום פארקויפען. אויב מען וויל האבען נאר אייער צוליעב עסען, זאל מען אויסגעפינען, וועלכע אייער פאדערען זיך אין יענער געגענד, ווייסע אדער ברוינע. און מען זאל אנפאנגען מיט די היהנער וועלכע לעגען אזעלכע אייער. אויב מען רעכענט פארקייפען יונגע היהנדעלעך צוליעב פלייש, דארף מען אויך וויסען, וועלכע היהנער לוינט זיך בעסער צו האלטען.

אנפאנגען קאן מען אין פארשיעדענע וועגען:

1. מען קאן קויפען אייער און אויסבריהען מיט א מאשין. די אייער זאל מען קויפען פון א זיכערען פלאץ, וואו מען באשעפטיגט זיך מיט פארקויפען אייער צוליעב אויסבריהען. די אייער זאלען זיין פון דעם סארט היהנער וועלכען איהר ווילט האבען.

2. מען קאן קויפען היהנדעלעך, וועלכע זיינען אלט איין טאג אהער צוויי טעג און אויסהאדעווען זיי. דערצו מוז מען זיין גוט צוגעגרייט וואו און ווי אזוי צו האדעווען די היהנדעלעך.

3. מען קויפט עטליכע היהנער מיט איין האהן און מען געברויכט די אייער נאר צוליעב אויסבריהען. זעלבסטפארשטענדליך, אז די היהנער מיט'ן האהן מוז מען קויפען פון א זיכערען פלאץ.

וואו מען זאָל גאַראַנטירען, אז זיי זיינען גוט צוליעב בריד (פאַר־מעהרונג).

4. מען קאָן קויפען מעהר היהנער און האָבען דערוויייל איינ־קינפטע פון זייערע אייער.

היהנער איז גוט גוט צו קויפען אין הערבסט, ווייל דאן קאָסטען זיי געוועהנליך ביליגער, און די יונגע היהנער איז בעסער צו ברייג־גען אויף א נייען פּלאַץ איידער זיי פאַנגען אָן צו לעגען אייער. אויב מען קויפט היהנער זאָל מען קויפען צוויי דריטעל פולעטס, דאָס הייסט היהנדעלעך, וואָס זיינען אויסגעבריהט געוואָרען דעם לעצטען פריהלינג, און איין דריטעל זאָל מען קויפען פון לעצטען יאָהר אויסגעבריהטע, דאָס הייסט די, וואָס זיינען יעצט אלט א יאָהר מיט א האַלבען. פון די יונגע וועט מען האָבען אייער צום פאַר־קויפען, און פון די עלטערע, וועלכע מען דאַרף האַלטען בעזונדער, וועט מען געברויכען די אייער צום אויסבריהען. אין אנפאַנג פון נעקסטען פריהלינג וועט מען קאָנען אויך פון די בעסטע יונגע היהנער געברויכען זייערע אייער צום אויסבריהען. אויפ'ן צווייטען יאָהר וועלען די פולעטס, וואָס מען האָט געקויפט, פערנעהמען דעם פּלאַץ פון די עלטערע, דאָס הייסט זיי וועט מען האַלטען צוליעב אויסבריהען זייערע אייער, און די אַלטע קאָן מען פערקויפען צו־ליעב פלייש.

דער פאַרמער, וואָס וויל אָנפאַנגען באַשעפטיגען זיך מיט היהנער, זאָל פריהער פאַרקויפען זיין ביסעל היהנער, וואָס ער האָט פון פערשיעדענע סאָרטען און פון פערשיעדענע עלטער, און זאָל אַייך אָנפאַנגען ווי אויבענדערמאַהנט.

פּיור ברעד. — אָנפאַנגען זאָל מען נאָר מיט א פּיור ברעד. דאָס מיינט, א ריינע פאַראַדע, אז די היהנער זאָלען זיין פון איין סאָרט און ניט פון געמישטע בלוטען.

8. האַלטען עופות אין שטאָדט. — יעדער איינער, וואָס האָט אין שטאָדט אן איינגענע הויז מיט א שטיקעל הויף, קאָן אויס־פיהרען צו האָבען אימער פרישע אייער. דאָס ערשטע מוז מען נאָר פערזאָרגען די היהנער מיט א גוטער וואָהנונג. עס פערקויפען זיך

יעצט פערטיגע הייזלעך, וועלכע זיינען געמאכט נאך די פאָדע־רונגען פון דער הוהנ'ס געזונד, אין זיי זעהן אויס זעהר שעהן. דער וואס קאן נאר האלטען אינסטרומענטען אין האנט קאן אליין מאכען א הויז. א הויז פאר 15 אָדער 20 היהנער קאן קאָסטען פון 12 ביז 15 דאלאר. אָדער מען קויפט א פיאנאָ באקס און מען מאכט דער־פון א הויז פאר היהנער.

אין שטאָדט דארפט איהר ניט זעצען קיין היהנער, און דארפט ניט אויסבריהען מיט א מאשין. איהר דארפט נאָר קויפען יונגע היהנער. אויב איהר פאנגט אָן אין פריהלינג, זאָלט איהר קויפען היהנער, וואָס זיינען אלט א יאָהר, און, אויב איהר פאנגט אָן אין הערבסט, קאָנט איהר קויפען יונגע היהנער, וואָס זיינען אלט 6 אדער 7 מאנאטען, און דארפען באלד אנפאנגען לעגען זיך. אין אלגעמיין לעגען זיך די היהנער בעסער דעם ערשטען יאָהר פון זייער עלטער. צו ענדע פון צווייטען יאָהר פערקויפט מען זיי אָדער מען געברויכט זיי צוליעב פלייש פאר זיך, און מען קויפט אנדערע יונגע היהנער. קיין האָהן דארפט איהר ניט האלטען מיט די היה־נער, וועלכע איהר האלט נאָר צוליעב אייער צום עסען און ניט צוליעב אויסבריהען.

אום די היהנער זאָלען זיך לעגען ווי געהעריג, וועט איהר נאָר מוזען אָבהיטען צו געבען זיי עסען ווי מיר וועלען שרייבען. איהר דארפט וויסען, אז דאָס וואָס בלייבט פון אונזער טיש איז זעהר גוטע שפייז פאר היהנער צוליעב לעגען אייער, און פון א געוואהנ־ליכער געזינד קאָן דאָס געבען גענוג עסען פאר 12 היהנער, דערצו וועט מען נאָר דארפען געבען גאָנצע קערנער אין די אונטערבעטונג און האלטען אין א קעסטעל איסטער שעלס, גריט און קויהלען.

אזא קליינער פלאץ ווי א הויף אין שטאָדט, וועט מען נאר אי־מער מוזען האלטען זעהר ריין. דאָס פאָדערט אָבער וועניג ארבייט, אין יעדער איינער פון הויז וועט עס טהאָן מיט פערגעניגען, וועןען ער וועט לעזען אין דיעזען בוך וועגען די וויכטיגקייט פון ריינקייט. ווען איינער האָט אין שטאָדט א שטיקעל לאנד 50 ביי 50 פוס



From the Jewish Farmer

א איד אין שטאדט האָט פאר זיינע קינדערלעך פרישע אייער פון אייגענע היהנער.

קאָן ער אָנפּאַנגען צוליעב געשעפט. ער קאָן אָנפאנגען מיט אַ צעהנדליג היהנער, און ווען ער וועט זיך בעקאַנען מיט די פאָדערונגען פון היהנער וועט ער קאָנען האלטען עטליכע הונדערט היהנער מיט דעם אבזיכט צו פערקויפען פרישע אייער. וואָס פאר איינקינפטע מען קאָן האָבען נעבען א שטאָדט פון עטליכע הונדערט היהנער קאָן זיך יעהער איינער פאָרשטעלען.

מיר זיינען זיכער, אז פיעלע שטאָדט־לייט, ווען זיי וועלען איבערלעזען דעם בוך, וועלען געווים מאַכען אַ אנפאנג, און וועלען זיך איבערצייגען, אז עס לוינט זיך די ביסעל מיהע אום צו האָבען יעדער טאָג פאר זיך און פאר די קינדער א פרישע איי.

קאפיטעל 2.

# קלאַסען און שטאַמען פון היהנער.

9. **פערשיעדענע היהנער.** — דער וואָרט „קלאס“ ווייזט אַז פון וועלכען טייל וועלט, אָדער פון וועלכען לאנד זיינען די היהנער ארויסגעקומען, ווי צום ביישפיעל, דער אמעריקאנער קלאס היהנער, דער האָלענדישער קלאס, און ז. וו.

אין יעדען קלאס זיינען פאראן פערשיעדענע שטאמען (ברידס), וועלכע זיינען פערשיעדען איינע פון די אנדערע אין דער פאָרמע פון זייער קערפער, ווי צום ביישפיעל, אין דעם אמעריקנער קלאס היהנער זיינען פאראן די פלימוט ראקס, ווייענדאטס, און אז. וו.

יעדער שטאם (בריד) ווערט צוטיילט אויף ווערייעטיס, דאס ווייזט די פערשיעדענהייט אין דעם קאָליר פון די פעדערען און אין דער פאָרמע פון דעם קאם.

אין ענגליש איז נאָך פאראן א וואָרט „סטרעין“, דאס מיינט, אַז פון הער זעלבער ווערייעטי האָט מען אויסגעקליבען איינינגע היהנער און העהנער, מיט וועלכע מען האָט זיך אָבגעגעבען איינינגע דורות צו ענטוויקלען אין זיי געוויסע אייגענשאַפטען.

אינגאנצען רעכענט מען אין אמעריקא עלף קלאסען היהנער. וועלכע האָבען אין זיך 38 שטאמען (ברידס) און 108 ווערייעטיס.

10. **דער אַמעריקאַנער קלאַס היהנער.** — צום אמעריקאַנער קלאס באלאנגען די פאָלגענדע שטאמען (ברידס): די פלימוט ראקס, ווייענדאטס, רהאָד איילענד רעדס, דזשאוועס, דאָמיניקעס און בוקיס.

ד י פ ל י מ ו ט ר א ק ס זיינען פון מיטעלען געוויקס מיט א פולער ברוסט. זייער קערפער איז לאנג און ברייט, דער קאם

איז העל־רויט מיט פינף צייהנדלעך, די אויגען זיינען גרויסע און העל־רויטע, דער שנאָבעל, די פיסלעך און די פינגער זיינען געלע. זיי זיינען גוט אי צוליעב לעגען אייער אי צוליעב פלייש. זיי זיצען גוט אויס היהנדעלעך, און זיינען גוטע מוטערס. זייערע אייער זיינען ברוינע אין קאָליר. אן אלטער האָהן וועגט ביז ניין מיט א האלבען פונט און אן אלטע הוהן וועגט ביז זיעבען מיט א האלבען פונט. פון די פלימוט ראקס זיינען פאראן זעקס ווערייעטיס: 1. די בארד, וואָס זייערע פעדערען זיינען גרוי־ווייסע און אויף יעדען פעדער ציהען זיך בלוי־שווארצליכע פאסקעלעך. 2. עכט ווייסע. 3. באף, דאָס מיינט גאָלד־געלבליך. 4 סילווער פענסילד. 5. פאט־רידזש און, 6. קאָלומביע.

ו ו י י ע נ ד א ט ס באלאנגען אויך צום אמעריקאנער קלאס היהנער. זייער קערפער איז פעסט געבויט, די ברוסט איז פול און



United States Department of Agriculture

א פאאר פלימוט ראקס, בארד.

רונד, די פיס ניחעריגער פון די פלימוט ראקס, און דער קאם איז ביי זיי קורץ און גראָב, ווי פיער־עקעדיג, וואָס מען רופט ראָוז קאום אָדער פימפּעלד קאום. א האָהן וועגט ביז 8½ פונט און א הוהן ביז 6½ פונט. אלע אנדערע אייגענשאפטען האבען זיי דיזעלבע ווי די פלימוט ראקס.

פון די ווייענדאטס זיינען פאראן פאלגענדע וואריייטעס:

1. די זילבער ווייענדאטס, וואָס זייערע פעדערען זיינען זילבער־ווייס, מיט שווארצע פאסקעלעד ארום ברוסט און אונטערשטען טייל פון קערפער. דער רוקען איז ווייס, דער עק איז שווארץ, די פליגלען שווארץ מיט ווייסע הינדען. ביי דער הוהן איז דער רוקען און די פליגלען עטוואָס דונקעלער איידער ביי דעם האָהן. 2. די גאלד ווייענדאטס, וואָס זייערע פעדערען זיינען געלע געמישט מיט שווארצע. 3. לעדער קאָליר, וואָס דער גאנצער קערפער איז



United States Department of Agriculture
א פּאאר סילווער ווייענדאטס.

גאָלד־רויט. 4, עכט ווייסע. 5, עכט שוואַרצע. 6, פּאַטרידזש.
7, זילבערנע אין פּאַסקעלעד און 8, קאָלומביע.

ר ה אָ ד א י י ל ע נ ד ר ע ד ס. געהערען אויך צום אמע־ריקאנער קלאַס היהנער. זייערע פעדערען זיינען העל־רויט, נאָר טיילען פון דעם עק און פון די פליגלען זיינען שוואַרץ. דער קאָליר




רהאָוד איילענד רעדס

פון די היהנער איז עטוואס העלער פון די העהנער. אייניגע פון זיי האָבען אן איינציגען קאַם (סינגעל קאָום), אייניגע א ראָוז קאַם און אנדערע א פּיפּ קאָום. דאס מיינט דריי קליינע קאַמען, און דער מיטעלסטער איז עטוואס גרעסער. זיי זיינען אויך גוט אי צוליעב לע־גען אייער אי צוליעב פליישי א האָהן וועגט ביז אכט מיט א האַלבען פונט און א הוהן ביז זעקס מיט א האַלבען פונט. זיי זיינען גוט צום אויסזיצען היהנערלעך און זיינען גוטע מוטערס.

די אַנדערע שטאַמען פון דעם אמעריקאנער קלאַס זיינען ווענינ פּאָפּולער.

11. דער מיטעללענדישער קלאַס היהנער. — פון דעם מיטעללענדישען קלאַס היהנער זיינען אין אמעריקע מעהר פּאָפּו־לער די לעגהאָרנס און די מינאָרקעס. דיעזע היהנער זיינען קליין פון געוויקס, זיי ווערען גיך רייף, און פאנגען אָן צו לעגען איי־

ער פריהער פון אנדערע; און קאָנען לעגען זעהר פיעל אייער. זייערע אייער זיינען ווייסע אין קאָליר.

די לעגהארנס האָבען אַ לענגליכען קערפּער מיט ברייטע שאָלדערען; די פיס זיינען פון מיטעלער הויך און אהן פעדערען, דער עק איז האלב־קייַלעכדיג, ביי דעם האָהן ליגען די פליגלען נאָהענט צום קערפּער, און ווען ער צושפּרייט זיי זיינען זיי גאַנץ לאַנג. דער האלז איז אויסגעבויגען, דער קאָפּ איז קורץ. דאָס געזיכט און די אויגען זיינען רויטע, דער קאַם שטעהט גלייך, און איז העל־רויט און די צייהנדלעך פון דעם קאַם זיינען טיפע. איינינגע האָבען אַ ראָזן קאַם, דאָס מיינט, אז דער קאַם איז קורץ און גראָב, זעהט אויס ווי פּיער־עקעדיג און האָט אויבען פיעל קליי־נע צייהנדעלעך. די אויערען זיינען ביי זיי ווייסע.



ווייסע לעגהאָרנס, סינגעל קאַם

דער קערפּער פון דער הוהן איז עהנליך צו דעם האָהנ'ס, נאָר דער קאַם, אויב אַ סינגעל קאַם, איז ער אַ ביסעל איינגעבויגען אויף

א זייט. איהר ברוסט איז פול, הויך און קיילעכדיג, און דעם עק האלט זי צושפרייט.

די לעגהאָרנס האלט מען איבערהויפט צוליעב לעגען אייער, ווייל זיי קאָנען לעגען זעהר פיעל אייער. צוליעב פלייש לוינט זיך ניט צו האַלטען זיי, ווייל זיי זיינען קליין. א האָהן קאָן וועגען פון פינף און א האלב ביז זיבען פונט און א הוהן פון פיער און א האלב ביז פינף און א האלב פונט.




United States Department of Agriculture
א פאאר שווארצע מינארקעס סינגעל קאם.

די לעגהאָרנס זיינען זעהר טהעטיג און באוועגענד; דעריבער האָבען זיי ניט ליעב צו זיין צופיעל פאַרשפאַרט, און זיינען ניט גוט צוליעב אויסזיצען היהנדעלעך. זיי פאנגען אָן צו לעגען אייער ווען זיי זיינען אַלט פון פיער ביז זעקס מאָנאַטען. די אייער זיינען עכט ווייסע פון מיטעלער גרויס.

לעגהאָרנס זיינען פאראן אכט ווערייעטים:

1. ווייסע מיט איין קאם (סינגעל קאום). 2. ווייסע מיט גע־

פימפעלטע קאמען. 3, ברוינע מיט איין קאם 4, ברוינע מיט א געפימפעלטען קאם 5, לעדער קאליר מיט איין קאם. 6, לעדער קאליר מיט א געפימפעלטען קאם. 7, שווארצע און 8, זילבער קאליר.

עס איז שווער צו זאגען וועלכער פון דיעזע אלע שטאמען איז דער בעסטער, דאך זיינען די ווייסע פאפולער.

מ י נ אָ ר ק ע ס באלאנגען אויך צום מיטעלענדישען קלאס היהנער. פון זיי זיינען פאראן שווארצע און ווייסע. איינינע מיט איין קאם און איינינע מיט א ראָז קאום. זייער קערפער איז עטוואס לעננער איידער ביי די לעגהארנס, און דער קאם איז עטוואס גרעסער. ביי דער הוהן הענגט דער קאם אן א זייט, אז ער פארשטעלט איהרע אויגען. ביי די שווארצע היהנער זיינען די אויגען ברוינע, און ביי די ווייסע היהנער זיינען די אויגען רויטע.

די מינארקעס זיינען גרעסער פון די לעגהארנס. א האהן קאן וועגען ביז ניין פונט, און א הוהן ביז זיבען מיט א האלבען פונט. די וואס האבען דעם פימפעל קאום וועגען מיט 1 פונט וויינינער. געוועהנליך לעגען זיי וויינינער אייער פון די לעגהארנס, און זייערע אייער זיינען א ביסעל גרעסערע.

צום מיטטעלענדישען קלאס היהנער באלאנגען אויך די שווארצע שפאנישע, די אנדאליוזשיענס און די ענקאנס. נאר אין אמעריקא באשעפטיגט מען זיך וויינינ מיט זיי.

12. דער אזיאטישער קלאס היהנער. — צום אזיאטישען קלאס היהנער באלאנגען די בראהמעס, קאטשינס און לענגשאהנס. מען האלט זיי איבערהויפט צוליעב פלייש, ווייל זיי זיינען גרויסע. איינינע פון זיי לעגען גאנץ גוט אייער. ביי דיעזען סארט היהנער איז דער קערפער באדעקט מיט געדיכטע פעדערען, אפילו די פיס זיינען באדעקט מיט פעדערען. זיי זיינען פון דער נאטור פוילע,


קאָטשינס.

בעוועגען זיך ווייניג און עסען זעהר פיעל. צום אויסזיצען היהנדעלעך זיי־נען זיי גוט. זיי קאָנען זיצען דעם גרעסטען טייל פון יאָהר; נאָר אמאָל קאָ־נען זיי צוקוועטשען די אייער מיט זייער שווערען קערפּער. צו האָדעווען היהנדעלעך זיינען זיי זעהר גוט, ווייל מיט זייער גרויסען קערפּער מיט די געדיכטע פעדערען קאָנען זיי פאַרזאָרגען די היהנדע־לעך מיט גענוג וואַרימ־קייט.

די בראהמאס, וועלכע באַלאַנגען צום אזיאַטישען קלאַס היהנער זיינען פאַראַן העלע און דונקעלע אין קאָליר. די העלע בראהמאַס האבען ווייסע פעדערען געמישט מיט עטוואָס שוואַרצע. די בראהמאַס האבען דריי קליינע קאַמען. דער קאַם וואָס אין מיטען, איז עטוואָס העכער. אזא קאַם רופט מען פּי קאַום. דאָס געזיכט, ארום די אויערען, און די וואַטעלס זיינען העל־רויט, און די פיס געלע.

די בראהמאַס זיינען די גרעסטע פון די היימישע היהנער. א האָהן וועגט ביז צוועלף פונט און א הוהן ביז ניין און א האַלב פונט. צוליעב לעגען אייער זיינען זיי אויך גאַנץ גוט. די אייער זיי־נען ברוינע אין קאָליר און גרויסע.

אין אמעריקע זיינען די בראהמאַס מעהר פּאָפּולער איידער די אנדערע אזיאַטישע היהנער.

13. **פערשיעדענע קלאסען היהנער.** — צו באשרייבען אלע קלאסען היהנער, וועלכע געפינען זיך אין אלע לענדער דארף פארנעהמען צופיעל פלאץ, דעריבער וועלען מיר חערמאהנען נאר איינינע פון זיי.



Fig. 17.—Pair Silver-spangled Hamburgs.

דער ענגלישער קלאס היה־נער באשטעהט פון די האמבורגער מיט זילבערנע פליטערליך, דארקינס רעדקאפס און ארפינגטאנס. די דארקינס זיינען ניט גוט צוליעב לעגען אייער, אבער זייער פלייש איז זעהר געשמאק. א האהן וועגט ביז נייז פונט און א הוהן ביז זיבען פונט. די אייער זיינען ווייסע אין קאליר.

די רעדקאפס זיינען א גאנץ גוטער סארט היהנער אי צוליעב לעגען אייער אי צוליעב פלייש.

די ארפינגטאנס זיינען פאראן ווייסע, שווארצע און געלע. זיי לעגען ברוינע אייער. דער האהן וועגט ביז צעהן פונט און די הוהן ביז אכט פונט.

דער האלענדערשער קלאס היהנער, אדער ווי מען רופט זיי די האמבורגער, האלט מען אין אמעריקא מעהר צוליעב זייער שעהנקייט, אבוואהל זיי לעגען גאנץ גוט אייער. זייערע אייער זיינען ווייסע, און עטוואס קלענער פון די לעגהארנס אייער, פון זיי זיינען פאראן עכט ווייסע, עכט שווארצע, און איינינע מיט גאלדערנע אדער מיט זילבערנע פליטערליך.

דער פראנצויזישער קלאס היהנער. פון פראנצויזישען קלאס היהנער זיינען אין אמעריקא מעהר באוואוסט די הודענס. זייערע פעדערען זיינען שווארצע צוגעמישט מיט ווייסע. זיי האבען קרוינען אויפ'ן קאפ. זיי לעגען ווייסע גרויסע אייער. זיי האבען פיינט אויסצוזיצען היהנדעלעך און זיינען ניט קיין גרויסע

עסערס. זייער פלייש רעכענט זיך פון די געשמאַקסטע. א האהן וועגט ביז זיבען פונט און א הוהן ביז זעקס פונט.

היהנער צוליעב שעהנקייט א. ד. ג.—עס זיינען פאַראַן קליינע סאָרטען היהנער, וואָס מען האַלט זיי נאָר צוליעב זייער שעהנקייט. עס זיינען פאַראַן אַזעלכע קליינע וואָס דער האָהן וועגט 22 אונסעס און די הוהן 20 אונסעס.

אויך זיינען פאַראַן סאָרטען היהנער, וואָס מען האַלט זיי צו־ליעב פייטען זיך (מלחמה האַלטען). מען לאָזט ארויס צוויי העה־נער, אז זיי זאָלען זיך שלאָגען ביז איינער צובלוטיגט און ממית'ט דעם צווייטען.



בראהמעס. אַ הוהן מיט האָהן

14. די הויפט פיער סאָרטען היהנער. — אלע היהנער קאָן מען צוטיילען אויף פיער הויפט סאָרטען:

1. היהנער, וואָס זיינען איבערהויפט גוט צו לעגען אייער.

אזעלכע היהנער זיינען ניט קיין גרויסע, זיי זיינען זעהר טהעטיג אין בעוועגענד און זיי ווערען גיך רייף צו לעגען אייער. צו דיעזען סארט באלאנגען די לעגהארנס, מינארקעס, האמבורגער, ספאנישע, הודענס און ד. ג.

2. היהנער, וועלכע מען האלט איבערהויפט צוליעב פלייש. עס פארשטעהט זיך, אז צוליעב פלייש דארף מען האלטען גרויסע היהנער, ווי די אזיאטישע: בראהמעס, קאטשינס און ד. ג.

3. היהנער, וועלכע זיינען גוט אי צוליעב לעגען אייער אי צו־ליעב פלייש. צוליעב דיעזען צוועק האלט מען די אמעריקאנער: פלימוט ראקס, וויינדאטס און רהאד איילענד רעדס; פון די ענג־לישע זיינען גוט די ארפינגטאנס, און פון די פראנצויסזישע — די הודענס.

4. היהנער, וועלכע מען האלט צוליעב זייער שעהנקייט, ווי די פוילישע און ד. ג.

קאפיטעל 3

# הייזער פאַר היהנער

## 1. וואָס הייסט אַ גוטע הויז פאַר היהנער.

15. ביליג און בעקוועם. — הייזער פאר היהנער דארף מען מאכען, אז זיי זאָלען קאָסטען ניט טייער׳ אָבער מען מוז זיי מאכען אזוי, אז זיי זאָלען פארהיטען דעם געזונד פון די היהנער. אַ הויז, אין וועלכען מען קאָן מיט זיכערהייט האַלטען היהנער, פאָדערט פאָלגענדע זאכען:



Courtesy International Harvester Co.
א הויז פאר היהנער אין אהייא סטייט יוניווערסיטי.

1. אין הויז מוז אימער זיין פרישע לופט.

2. אין הויז דארף זיין גענוג ליכטיגקייט און זונענשיין.

3. אין הויז זאָל ניט זיין קיין פייכטקייט, ניט פון דער ערד און ניט פון אויבען.

4. מען זאָל דאָס הויז האַלטען אבסאָלוט ריין.

5. עס זאָל זיין גענוג פלאץ פאר די היהנער.

6. עס זאָלען ניט זיין קיינע צוג־ווינטען (דרעפטס).

ווען איינער וויל בויען א נייעס הויז פאר היהנער, זאָל ער פריהער איבערלעזען דיעזען קאפיטעל, באקאנען זיך מיט אלע איינצעלהייטען און נאכהער בויען. נייע היהנער הייזער איז גוט צו

בויען אין פריהלינג אָדער זומער, אום זיי זאָלען זיך גוט אויס־טריקענען.

די, וואָס האָבען אלטע היהנער הייזער, ווען זיי ווע̇לען איבער־לעזען דיעזען קאפיטעל, קאָן זיין, אז מיט אביסעל געלד און אר־בייט וועלען זיי קאָנען פאררי̇כטען זייערע אלטע הייזער, אז מען זאָל קאָנען האלטען היהנער אין זיי.

16. **פרישע לופט פאר היהנער.** — א הוהן פאָדערט פיעל פרישע לופט. איהר בלוט איז זעהר ווארים — ביז 108 גראד פארענהייטס — און זי אָטעמט שנעל, דעריבער דארף זי פיעל לופט. אויב איהר פעהלט לופט, פארלירט זי דעם אפעטיט און הערט אויף צו לעגען אייער, און וואָס מעהר מען האלט זי פארשפארט אהן פרישע לופט אלץ גיכער פארקיהלט זי זיך פון יעדער צוגווינד אָדער פון עטוואָס פייכטקייט. די פרישע לופט מוז אריינקומען נאָר פון איין זייט. אויב די לופט וועט קומען פון פערשיעדענע זייטען וועט עס געוויס שאדען די היהנער.

17. **ליכטיגקייט און זונענשיין.** — יעדע געוועקסע און יעדע לעבעדיגע באשעפעניש דארף האָבען ליכטיגקייט און זונענשיין. און איבערהויפט א הוהן, וועלכע איז פון דער נאטור געווען א פרייע פויגעל, דארף געוויס האָבען ליכטיגקייט און זונענשיין. אין א פינס־טערען פלאץ וועט די הוהן זיין שוואך און לעגען ווייניג אייער. אויך דארפען מיר וויסען, אז די שטראהלען פון דער זון פארניכ־טען די באקטעריען און מיקראָבען, פון וועלכע עס ענטוויקלען זיך די ערגסטע קראנקהייטען.

18. **פארהיטען פון פייכטקייט.** — היהנער קאָנען ניט איבערטראגען קיין פייכטקייט. ווען ביי זיי אין הויז איז פייכט אונטער די פיס, אָדער די לופט אין הויז איז אָנגעצויגען מיט פייכט־קייט, וועלען זיי געוויס אָנפאנגען צו קרענקען. פייכטקייט קאָן זיך ציהען פון דער ערד אונטער'ן הויז. אום צו פארהיטען דערפון מוז מען שטעלען דאָס הויז אויף א טרוקענעם פלאץ, און מאכען דעם פלאָר (פוסבאָדען) ווי מיר וועלען שרייבען אין פאראגראף 25. צו פארהיטען, אז קיין וואסער זאָל ניט אריינקומען פון דרויסען

אונטער די ווענט מאכט מען א הויכען פונדאמענט (24§) און די ווענט פאנגען זיך אָן מיט 6 אָדער 8 אינטשעס העכער פון דער ערד. צו פארהיטען פון רעגען און פון שנעען דארפען די ווענט און דער דאך זיין אָהן לעכער און אָהן שפּאלטען. און ווען מיר פארהיטען אָט די אַלע זאכען קאָן דאָך זיין אין הויז פייכטקייט, וועלכע קלייבט זיך אין דער לופט, און דאָס ווערט געדיכט און בלייבט הענגען אזוי ווי טראָפּענס אויף די ווענט און אונטער׳ן דאַך, און דערפון ווערט נאָס ביי די היהנער אונטער די פיס, און זיי פארקיהלען זיך דערפון. צו פארהיטען אָט פון דער פייכטקייט מוז מען האָבען א גוטע ווענטילאַציאָן, דאָס מיינט, אז אין הויז זאָל אימער אריינקומען פרישע לופט; און צוליעב דיעזען צוועק לאָזט מען יעצט אָפען א טייל פון דער פאָדערשטער וואנט (זעה § 30). פון האלטען די היהנער צו ענג ווערט אויך פייכט דאָס הויז.

19. דער פּלאַץ פאַר אַ היהנער הויז. — דער פּלאַץ, וואו דאָס הויז דארף שטעהן דארף זיין פּאָלקאָם אַ טרוקענער, און נאָך אַ רעגען זאָל די וואסער גיך איינגעזויגען ווערען אין דער ערד. דאָס לאַנד דארף זיין ניט זאמדיג און ניט שווערע, נאָר זאמדיג־ליימיג. אין אַ טהאל זאָל מען ניט בויען קיין היהנער־הויז, ווייל אין טהאָל איז שווער צו פארהיטען פון פייכטקייט. דער בעסטער פּלאַץ איז אַ הויכער, וועלכער איז פארשטעלט פון קאַלטע ווינטען. און אויב מעגליך זאָל מען בויען אויף דעם זייט וואָס געהט בארג־אראָב צו דער סאוט (דרום זייט).

20. פיעל פּלאַץ דאַרף אַ הוהן. — די גרעסערע סאָרטען היה־נער דארפען געוויס מעהר פּלאַץ איידער די קלענערע סאָרטען. אַ מאָן, וואָס פארשטעהט ווי אזוי צו האלטען די היהנער, קאָן האל־טען אויף דעם זעלבען פּלאַץ מעהר היהנער איידער דער אנפאנגער. געוועהנליך אָבער פאָדערט זיך 4 סקווער (קוואדראט) פוס פון פּלאָר (פוסבאָדען) פאר יעדער הוהן.

21. פיעל היהנער זאָל מען האַלטען צוזאַמען. — מען קאָן האלטען אפילו עטליכע הונדערט היהנער אין איין פּען (צימער), אויב מען האלט ריין די היהנער הויז. די היהנער, וואָס מען רע־

קענט צו געברויכען זייערע אייער צוליעב אויסבריהען, זאל מען אימער האלטען ניט מעהר ווי צוואנציג אין איין פען.

22. די הויך פון א היהנער הויז. — יעצט פראקטיצירט מען צו מאכען די היהנער הויז פון 7 ביז 8½ פוס הויך פון פאָרענט און 4½ אָדער 5 פוס הויך פון הינטען. אזא הויז וועט זיין פיעל ווארימער איידער א הויכע. אָבער, אויב עס וועט זיין נאָך נידעריגער, וועלען די שטראהלען פון דער זון ניט צוקומען צום הינטערשטען טייל פון הויז, און א מענש וועט ניט קאָנען ארייגעהן.

23. די ברייט פון הויז. — פון פיעלע עקספערימענטען האָט מען אויסגעפונען, אז די בעסטע זאך איז צו מאכען די היהנער־הויז 20 פוס ברייט. אזא הויז איז געזינטער פאר די היהנער און מען וועט דארפען ווייניגער מאטעריאל. ווען מיר וועלען בויען א הויז 40 פוס לאנג און 10 פוס ברייט וועלען מיר האָבען 400 סקוועער פוס פון פלאָר (פוס באָדען) און מיר וועלען דארפען מאטעריאל אויף 100 פוס ווענט; און, ווען מיר וועלען בויען א הויז 20 פוס לאנג און 20 פוס ברייט, וועלען מיר אויך האָבען 400 סקוועער פוס פלאָר, און מיר דארפען נאָר 80 פוס ווענט. דאָס הייסט, אז מיר וועלען איינשפּאָרען 20 פוס ווענט. אויב דאָס הויז איז 20 פוס ברייט, דארף די פאָדערשטע וואנט זיין 9 פוס הויך, אום די שטראהלען פון דער זון זאָלען גרייכען די הינטערשטע וואנד.

24. דער פונדאמענט. — א גראָבען צוליעב דעם פונדאמענט גראָבט מען ביז דריי פוס טיעף און איין פוס ברייט. דער גראָבען דארף אויסקומען פון אונטען אזוי טיעף, אז ווינטער זאל דארט די ערד ניט פריהרען. די גרעב פון דעם פונדאמענט דארף זיין אכט אינטשעס. אין גראָבען (טרענטש) שיט מען אן שטיינער אָדער איבערגעבראָכענע קויהלען ביז א העלפט פון דער טיעף. נאָכהער מאכט מען א פריים, און מען גיסט דעם פונדאמענט פון קאָנקריט, וועלכער איז געמאכט פון איין טייל סעמענט, 3 טיילען זאמד און פינף טיילען גרעוועל. די ווענט פון פונדאמענט מאכט מען מיט זעקס אינטשעס העכער פון דער ערד. אין דריי טעג ארום קאָן מען

ארויסנעהמען די פריים, און דעם לעדיגען פּלאַץ, וואָס איז געבליבען אין טרענטש ארום די ווענט, זאָל מען אָנשיטען מיט קליינע שטיינדלעך, און פון אויבען ארומשיטען די ווענט מיט די ערד, וואס מען האָט אויסגעגראבען פון דער טרענטש. אין 15 טעג שפּעטער זאָל מען ערשט אָנפאנגען צו בויען דאָס הויז, אַז דער פונדאמענט זאָל זיך גוט אויסטריקענען איידער מען פאנגט אָן צו בויען.

25. דער פלאָר (פוס באָדען). — א פלאָר פון ערד איז שווער צו האלטען טרוקען, און אין דער ערד קלייבען זיך גיכער די



מר. ס. שינדלער'ס היהנער הויז אין הוירלעוויל, נ. י.

מיקראָבען, פון וועלכע עס קומען קראנקהייטען. א פלאָר פון ברעטער, אויב ער איז העכער פון דער ערד, וועלען אונטען קלייבען זיך מייז, און, אויב ער ליגט גלייך אויף דער ערד, וועט ער גיך צופוילט ווערען, און צווישען די ברעטער קאָנען זיך קלייבען אינזעקטען. דעריבער איז די בעסטע זאך צו מאכען א פלאָר פון קאָנקריט. צוליעב אזא פלאָר דארף מען פריהער אינוועניג אין הויז אויסגראָבען די ערד, אכט אינטשעס טיעף, רעכענענדיג פון דעם אויבען פון די סילס (באלקענס), וועלכע ליגען אויף'ן פונדאמענט. אין דיעזען גראָבען שיט מען אָן קליינע שטיינדלעך אדער גראָבען גרעוועל פיער אינטשעס טיעף. מען פּרעסט עס גוט איין און מען

מאכט פון אויבען גלאט. יעצט געברויכט מען קאנקריט פון איין טייל סעמענט, דריי טיילען דינעם שארפען זאמד און פינף טיילען גראבען גרעוועל, און דערמיט באדעקט מען דריי אינטשעס גראב. יעצט לעגט מען פון אויבען טארד פייפער. דאס איז די פאפיער וועלכע מען געברויכט פאר דעכער. די ברעגען פון די פאפיער איינע צו די אנדערע זאל מען פארשמירען מיט טאר (דזשעגיכץ) אדער מיט סעמענט און יעדערע צוויי פוס שלאגט מען צו די פאפיער מיט נעגלען. די פאפיער דארף מען פון אלע זייטען פאר־בויגען איין אינטש צו די וועגט. פון אויבען אויף די פאפיער דעקט מען צו איין אינטש גראב מיט קאנקריט פון איין טייל סעמענט און צוויי טיילען גראבען זאמד. מען דארף מאכען אומעטום גלאט, אז עס זאלען ניט בלייבען קיינע שפאלטען און קיינע לעכער.

אין גאנץ פייכטע געגענדען, וואו מען איז ניט זיכער, אז די ערד וועט אימער זיין טרוקען, איז בעסער צו מאכען א פלאר פון ברעטער. ער דארף אבער אויסקומען ניט ווענינגער פון צוויי פוס העכער פון דער ערד, און אונטער די ברעטער זאל מען ארומשלאגען ווייער נעטיג (געוועבטע דראט), און דער ווייער זאל אויסקומען פון אלע זייטען העכער פון פלאר א פוס אדער מעהר, און מען שלאגט איהם צו צו די וועגט.

די, וואס האבען הייזער אהן א פלאר, מוזען אמווענינגסטען צוויי מאל אין יאהר ארויסנעהמען א פאר אינטשעס ערד און אנ־שיטען טרוקענע ריינע ערד דריי אדער פיער אינטשעס גראב און גוט איינפרעסען און אויבען אנשיטען טרוקענע זאמד.

26. **דער אפענער פראנט.** — אזוי ווי פרישע לופט איז זעהר נויטיג פאר היהנער (זעה 16), איז די בעסטע זאך, אז א טייל פון דער פאדערשטער וואנט זאל זיין אפען. אייניגע לאזען אפען איין סקווער פוס אויף יעדע אכט סקווער פוס פון פלאר (פוס באַ־דען). פיעלע לאזען אפען א דריטעל פון דער גאנצער וואנט, און אין די ווארימע געגענדען לאזט מען אפען צוויי דריטעל וואנט; און וואו עס איז גאנץ ווארים, לאזט מען אפען די גאנצע פאדערשטע וואנט. אייניגע מאכען דעם אפענעם פלאץ דריי פוס פון דער ערד.

דאָס מיינט, אז אונטען מאכט מען דריי פוס פון ברעטער, און אוי־
בען לאָזט מען אָפען. צום אָפענעם פלאַץ מאכט מען אַ פאַרהאנג
פון גאַנץ שיטערע לייווענד. דעם פאַרהאַנג שלאָגט מען צו אויף א
הילצערנער פריים, וועלכע העגנט אויף הינדזשעס (זאוויעסעס) פון
אויבען, אז מען זאָל קאָנען עפענען ארויף. זומער דארף אימער
זיין אָפען, סיידען ווען עס איז א שטורם לאָזט מען אראָב דעם
פאַרהאנג, און ווינטער, ווען דאָס וועטער איז שעהן, אָבוואָהל עס
איז קאלט, זאָל מען האלטען אָפען ביי־טאָג און פארמאכט ביי־
דער־נאכט. אין די גאנצע קאלטע געגענדען מאכט מען נאָך א פאַר־
האנג נאָהענט פון די רוסטס (סיעדעלעס), א.ז.וו. ווען עס איז ביי־
דער־נאכט זעהר קאלט, לאָזט מען אראָבביידע פאַרהאנגען. איינד
גע לאָזען אין מיטען וואנט אָפען פון דער ערד ביז'ן רוף (דאך)
און מאכען צוויי טירען. איין טיר פון ווייער נעטיג (געוועבטע
דראָט), וועלכע עפענט זיך אינוועניג, און איינע פון שיטערע לייד
וועגד, וועלכע עפענט זיך צום דרויסען. די אינוועניגסטע טיר איז



From the Jewish Farmer
מר. יוסף קאהן'ס היהנער הויז אין וואודביין, נ. דזש.

אימער פארמאכט, אום די היהנער זאָלען ניט קאָנען ארויסגעהן, און די טיר פון דרויסען פארמאכט מען נאָר ווען עס פריהרט אָדער ווען עס רעגענט פון דיעזען זייט. אזא הויז האָט ניט קיינע אנדערע טירען פון די זייטען.

עס איז ראטזאם צו מאכען אין דער הינטערשטער וואנט פון אויבען אן עפענונג מיט א טירעלע, וועלכע מען עפענט אין די גאנץ הייסע זומערדיגע נעכט.

די פאָרהאנגען זאָל מען אָפט רייניגען. אויב ניט, וועט זיך אָנקלייבען אין זיי שטויב און די לופט וועט ניט דורכגעהן.

27. **די ווענט אין היהנער הויז.** — אויסער דער פאָדערשטער וואנט, אין וועלכער אַ טייל איז אָפען, דארפען די אנדערע דריי ווענט זיין גוט געבויט. זיי דארפען באשיצען פון קעלט, זיי דארפען זיין גלאטע, אָהן שפאלטען, צו פארהיטען פון צוג־ווינטען. און עס זאָל ניט זיין קיין פלאץ, וואו אינזעקטען קאָנען זיך קלייבען. ווענט פון בריק (ציגעל) אָדער פון קאָנקריט מאכען דאָס הויז קיהל ווינטער צייט, און עס איז שווער צו פארהיטען פון פייכטקייט. דעריבער זיינען די בעסטע ווענט פון ברעטער. די הינטערשטע וואנט דארף זיין א צווייענדיגע, און אין קאלטע געגענדען דארף מען פון די זייטען אויך מאכען צווייענדיגע ווענט, אייניגע שלאָגען צו די ברעטער פון ביידע זייטען פון די סטאדינגס (די שטעהענדיגע סטאָלבעס), דאן בלייבט צווישען די ברעטער א לעדיגער פלאץ. איינע פון די צוויי ווענט קאָן מען אינוועניג באשלאָגען מיט פאפיער. אייניגע מאכען די ווענט נאָר פון איין ברעט און פון דרויסען באשלאָגט מען מיט די גראָבע פאפיער, וואָס מען דעקט דעכער (רופינג פייפער).

28. **די פענסטער.** — אזוי ווי דאָס הויז מוז האָבען גענוג ליכטיגקייט און זונענשיין (זעה 17§), דעריבער דארפען די פענסטער זיין פון דרום זייט (סאוטה). אויב מען קאָן ניט האָבען אין גאנצען פון דרום זייט זאָלען זיי אויסקומען אביסעל צו דרום און אביסעל צו מזרח (איסט). די פענסטער דארפען זיין לאנגע, ניט קיין ברייטע. און שטעלען זאָל מען זיי, אז די לענג זאָל אויס־

קומען צווישען דעם פוסבאָדען און דעם דאך (רוף). איין סקוועער פוס גלאָז אין פענסטער איז גענוג אויף 16 סקוועער פוס פוסבאָדען (פלאָר). פון צופיעל גלעזערנע פענסטער וועט זומער זיין צו היים און ווינטער צו קאלט, ווייל גלאָז ציהט אריין אין הויז ביידע זאכען אי היץ אי קעלט.

29. דער דאַך (רוף). — אויף היהנער הייזער מאכט מען פערשיעדענע דעכער, און דער בעסטער איז א שעד רוף (מש־פּע׳־דיג), דאָס מיינט, אז דער דאך געהט נאָר אין איין זייט באַרג־אראָב. אין די הייזער וואָס זיינען פון פאָרענט העכער איידער פון הינטען מוז מען מאכען אזא דאך. אזא דאך קאָסט ביליגער, עס איז גרינגער צו מאכען איהם, די רעגען וואסער רינט אראָב הינ־טערען הויז, און אונטער אזא דאך איז דאָס הויז זומער פיעל קיה־לער. דעם דאך מאכט מען פון ברעטער אָדער פון פאפּיער. בעסער איז צו מאכען פון ברעטער און איבען צודעקען מיט פאפּיער. אין א לאנגער הויז מיט אזא דאך דארף איז רעכטען מיטען זיין א לאנגע באַלקע (ביינדער) אונטער׳ן דאך איבער׳ן גאנצען הויז, און יעדערע צעהן פוס זאָל מען אונטערשטעלען אַ פּאָסט (סטאָלב). מען דארף אָבהיטען, אז אין דאך זאָלען ניט זיין קיינע לעכער. אויב עס וועט אריינרינען, אדער א ווינט וועט בלאָזען פון אויבען, וועלען די היהנער געווים אַנפאנגען צו קריינקען.

## 2. אינוועניג אין היהנער הויז.

30. די רוסטס (סיעדעלעס). — די רוסטס, אויף וועלכע די היהנער זיצען, מאכט מען פון לאנגע שטייגען, וועלכע זיינען צוויי אָדער דריי אינטשעס גראָב. דער זייט, אויף וועלכען זיי זיצען, דארף זיין האלב־קיילעכדיג. פאר די קלענערע סאָרטען היהנער דארף מען האָבען פון זיבען ביז אכט אינטשעס רוסט פאר יעדער הוהן. פאר די גרעסערע סאָרטען — פון אכט ביז צעהן אינטשעס און פאר די גאָר גרויסע היהנער — ביז צוועלף אינטשעס. די רוסטס דארפען זיין פון צוויי ביז דריי פוס הויך פון דער ערד. אויב זיי

וועלען זיין צו הויך און די היהנער וועלען דארפען שפּרינגען, קאָנען זיי באקומען שוואכע פיס אין אנדערע קראנקהייטען. צוליעב די גאנץ שווערע היהנער איז גוט אוועקצולעגען א ברעט פון דער ערד ביז דעם רוסט, אום די היהנער זאָל זיין גרינגער ארויפצוגעהן. די רוסטס זאָל מען קיינמאָל ניט מאַכען איינע העכער פון דער אנדערער, נאָר זיי זאָלען זיין אלע גלייך אויף איין הויך פון דער ערד, ווייל היהנער האָבען ליעב צו קריכען אויף די העכערע פּלעצער, וועלען זיי אלע שפּאַרען זיך אין דער הויך. דעם ערשטען הוסט מאכט מען א פוס אָדער א פוס מיט א האלבען ווייט פון דער הינטערשטע וואנט, און די אנדערע מאכט מען פון 12 ביז 14 אינטשעס איינעם פון דעם אנדערען. די רוסטס זאָלען געמאכט ווערען, אז מען זאָל קאָנען ארויסנעהמען זיי ווען מיין רייניגט דאָס הויז.

31. די פּלאַטפאָרם. — אונטער די רוסטס מוז מען מאכען פון ברעטער א פּלאטפאָרם, וואוהין די מיסט פון די היהנער זאָל אראָבפאלען. די פלאטפאָרם דארף זיין זעקס אָדער אכט אינטשעס נידעריגער פון די רוסטס; און מען מוז זיי רייניגען וועניגסטענס צוויי מאָל אין וואָך, נאָר בעסער איז צו רייניגען יעדערע צוויי טעג. נאָכ'ן אויסרייניגען זאָל מען באשיטען מיט טרוקענע ערד און מיט עסיד פּאָספּייט. קיין לאים (קאַלך) זאָל מען ניט שיטען, ווייל דאָס וועט שאדען צו די מיסט (זעה § 285).

32. די נעסטען. — די נעסטען, אין וועלכע די היהנער לעגען די אייער, דארף מען מאכען, אז עס זאָל זיין גרינג צו רייניגען, זיי זאָלען ניט פארנעהמען קיין פּלאץ פון פּלאָר (פוס באָדען) און זיי זאָלען זיין פינסטערע, ווייל היהנער האבען ניט ליעב צו לעגען אייער אין א ליכטיגען פּלאץ, און דערצו נאָך קאָן טרעפען, אז אין א ליכטיגען פּלאץ זאָל די הוהן אָנפאנגען צו עסען איהרע אייער. מען קאָן מאכען צוויי אָדער דריי נעסטען איינע אויף די אנדערע. די נעסטען מאכט מען נעבען איינער פון די ווענט, פון וועלכען זייט עס איז מעהר בעקוועם. די גרויס פון א נעסט דארף זיין צוועלף אינטשעס סקווער (קוואדראט). איין נעסט

איז גענוג פאר דריי אָדער פיער היהנער. אין די נעסטען זאָל אימער זיין ריינע פרישע אונטערבעטונג.

33. טרעפ נעסט. — א טרעפ נעסט ווערט אָנגערופען אזא נעסט, וואוהין די הוהן קאָן אריינגעהן, אָבער זי קאָן ניט ארויסגעהן. אזעלכע נעסטען געברויכט מען ווען מען וויל וויסען וויפיעל אייער יעדע הוהן לעגט אין א יאָהר צייט. ביי יעדער הוהן איז צוגעבונדען א נומער צום פוס, און ווי מען נעהמט ארויס דאָס איי פון נעסט, פארשרייבט מען, אז דער נומער הוהן האָט געלעגט אן איי. האָבען טרעפ נעסט פאר אלע היהנער און פיהרען א רעכענונג פון יעדער הוהן פאָדערט פיעל צייט. דער געוועהנליכער פארמער קאָן זיך ניט אָבגעבען מיט אזא זאך. אָבער עס איז גאנץ וויכטיג צו האָבען אייניגע אזעלכע נעסטען צוליעב די היהנער, פון וועלכע מען וויל געברויכען זייערע אייער צוליעב אויסבריהען. די טרעפ נעסטס פארקויפען זיך פארטיגע. ווען מען קויפט איינע קאָן מען נאָכמאכען אליין.

34. האָפערס (שפייז קעסטלעך). — די פארשיעדענע מעהלען, וואָס היהנער עסען, מוז מען האלטען אין האָפערס. דאָס זיינען אזעלכע קעסטלעך, הילצערנע אָדער מעטאַלענע, און פון זייט איז אונטען פאראַן א שמאָלע עפענונג, וואוהין די מעהל רוקט זיך אראָב ביסלעכווייז. דער אָפענער פלאץ איז צוגעדעקט מיט א ווייער נעט (דראָט נעץ) דורך וועלכען די היהנער קאָנען עסען, אָבער זיי קאָנען ניט אריינקריכען מיט די פיס. די דעק פון אויבען דארף געהן באַרג־אַראָב, אום די היהנער זאָלען זיך ניט קאָנען זע־



Courtesy International Harvester Co.
פון דער לינקער זייט איז א מעטאַלענער האָפער און פון דער רעכטער זייט א הילצערנער.

צען. אויב מען האט מורא פאר מייז, זאל מען מאכען א דעקעל אונטען צו דער עפענונג און פארמאכען פאר־נאכט. א האפער קאן מען שטעלען צווישען צוויי צימערען, און דער האפער זאל זיין אפען פון ביידע זייטען, אז די היהנער פון ביידע צימערען זאלען קאנען עסען. דער האפער דארף שטעהן א פוס הויך פון דער ערד, אום עס זאל ניט פארנעהמען קיין פלאץ פון פלאר. דער האפער דארף זיין גענוג גרויס, אז די מעהל זאל זיין גענוג אויף א וואך צייט.

35. קעסטלעך פאר אויסטער שעלס און ד. ג. — צו־ ליעב אויסטער שעלס, האליץ־קויהלען, און גריט פארקויפען זיך מעטאלענע קעסטלעך. אויב מען מאכט עס אליין, זאל מען מא־ כען דריי אבטיילונגען צוליעב די דריי דערמאהנטע זאכען, וועל־ כע זיינען נויטיג פאר די היהנער, ווי מיר וועלען זעהן אין קאַ־ פיטעל 4.

דאס קעסטעל דארף זיין צוגעשלאגען צום פאדערשטען וואנד א פוס העכער פון פלאר.

36. א קעסטעל מיט שטויב. — די הוהן האט ליעב צו רייבען איהר קערפער אין דינע ערד. דאס רייניגט זי פון זיך די לייז און אנדערע אינזעקטען, וועלכע באפאלען זי. ווען די היהנער זיינען פארשפארט, מ'ז מען זיי פארזארגען מיט א קעס־ טעל דינע זאמד, אדער זאמדיג־ליימיגע ערד גוט צוריבענע. דאס קעסטעל דארף שטעהן אין אזא פלאץ וואו די זון שיינט. פאר 50 היהנער איז גענוג א קעסטעל 4 פוס לאנג און 4 פוס ברייט.

37. כלים צו טרינקען. — פיעלע קראנקהייטען נעהמען זיך פון אונריינע וואסער. אויב די וואסער שטעהט אבגעדעקט, קאן דאס ניט זיין ריין, שטויב און פערשיעדענע באקטעריען פא־ לען אריין אין די וואסער. און די הוהן מוז עס טרינקען, ווען זי איז דארשטיג. עס פארקויפען זיך אזעלכע כלים, וועל־ כע מען רופט דרינקינג פאונטיינס, וועלכע זיינען אין גאנצען צו־ געדעקט נאר איין קליינער פלאץ איז אפען צוליעב טרינקען. דאס קאסט ניט טייער, און עס לוינט זיך ניט צו מאכען.

38. **ברודי קופּס.** — א ברודי קופּ איז אזא שטייג, וואו מען האלט א הוהן, וועלכע וויל זעצען זיך אויסבריהען די אייער, און מיר ווילען זי ניט לאָזען זיצען. אין יעדער היהנער הויז דאַרף זיין אזא קופּ. מען מאכט עס אין א ווינקעל אין דער הויך נאָהענט צום דאך. ער קוקט אוים דריי־עקיג, און מען האַרף נאר איין ווענטעל פון פּאַרענט. אונטען דעם דעק און די ווענטעל מאכט מען פון שמאָלע ברעטעלעך עטוואָס אבגערוקט איינע פון די אנדערע. אזא שטייג איז אויך גוט פאר א האָהן. אויב אין איין הויז זיינען פּאַראן צוויי העהנער קאָן מען יעדערע פּאָר טעג איינעם ארייןזעצען אין קופּ צו פארהיטען, אז זיי זאָלען זיך ניט שלאָגען.

די, וואָס האָבען פיעל היהנער, האָבען אין פריהלינג איינינגע פענס (צימערען) פאר די היהנער, וועלכע מען וויל ניט לאָזען זי־צען. מיט די היהנער האלט מען א גוטען האָהן, וועלכער וועט זיי ניט לאָזען איינזייצען.

39. **אונטערבעטונג אין היהנער הויז.** — דער פוס־באָדען (פלאָר) אין היהנער הויז מוז אימער זיין גוט באדעקט מיט אונטער־בעטונג. דער פוס־באָדען מעג זיין פון קאָנקריט, אָדער פון ברע־טער, אָדער פון ערד, מוז ער זיין גוט באדעקט מיט שטרוי, מיט 2 גרעבערען סאָרט היי, מיט קאָרן סטאק, אָדער מיט טרוקענע בלע־טער פון בוימער. די אונטערבעטונג העלפּט צו האלטען דעם פוס־באָדען ריין און טרוקען; דאָס פארהיט, אז די היהנער זאָלען ניט פארקיהלען די פיס, און איבערהויפּט איז דאָס וויכטיג, ווייל אין די אונטערבעטונג שיט מען די קערנער, וואָס די היהנער עסען, און דאָס מאכט, אז זיי זאָלען זיך מעהר בעוועגען (זעה § 68).

ווען די אונטערבעטונג ווערט פייכט אָדער שמוציג, זאָל מען באלד איבערבייטען. פון ניט ריינע אונטערבעטונג נעהמען זיך פיעלע קראנקהייטען. די אונטערבעטונג דאַרף זיין ניט שטארק איינגעפּאַקט. דאָס דאַרף זיין לויז, אום די קערנער זאָלען אריינ־פאלען טיעף, און די היהנער זאָלען מוזען גוט באוועגען זיך צום גע־פינען א קערנענדעל. אָבער צו טיעף זאָל מען ניט מאכען. פון אנ־פאנג זאָל מען מאכען נאָר א פּאָאָר אינטשעס טיעף, נאכהער יע־

דער וואָד זאָל מען מאַכען אַביסעל טיעפער ביז עס ווערט זעקס אינטשעס טיעף פאַר די קלענערע סאָרטען היהנער, פיער אינטשעס טיעף פאַר די גרעסערע סאָרטען היהנער, און פאַר די אַזיאַטישע היהנער וועלכע האָבען פעדערען אויף די פיס, איז גענוג נאָר א פּאָאָר אינטשעס אונטערבעטונג.

## 3. סטאַיל (פּאַסאָנען) פון היהנער הייזער.

עס זיינען פאַראַן פערשיעדענע פלענער פון הייזער פאַר היה־נער. נאָך איבערהויפּט ווערען געבויט פאָלגענדע הייזער: 1 קליי־נע הייזער פון איין צימער, וועלכע מען רופט קאָלאָניע הייזער: 2. לאַנגע הייזער צוטיילט אויף צימערען (פענס); און 3. גרויסע הייזער פון איין צימער.

40. קאָלאָניע הייזער. — די קאָלאָניע הייזער זיינען גוט



United States Department of Agriculture
א קאלאניע הויז.

אין די געגענדען, וואו דער ווינטער איז א קורצער און עס איז ניט זעהר קאַלט. ווייל אַזעלכע הייזער פאָדערען פיעל ארבייט אַרומ־

צוגעהן אין יעדער הויז בעזונדער צו געבען די היהנער עסען און טרינקען און צו רייניגען די הייזער. דערצו דארף מען גערענקען, אז עטליכע קליינע הייזער קאָסטען מעהר איידער איין גרויסע הויז.

קאָלאָניע קייזער זיינען נאָר גוט צוליעב האָדעווען היהנדעלעך.

41. לאַנגע הייזער איבערגעצוימטע אויף קליינע צימע־רען. — א לאנגע הויז קאָן מען מאַכען לאַנג פיעל מען וויל. און מען צאַמט איבער אויף צימערען, וואו מען האַלט פון 25 ביז 100 היהנער אין א צימער. צווישען די צימערען מאַכט מען ווענטלעך איינגאַנצען פון ברעטער. פון איין צימער אין צווייטען מאַכט מען א טיר, וועלכע עפענט זיך גריננ איןביידע זייטען. פון ביידע זייטען פון הויז צו מזרח און צו מערב (איסט און וועסט) מאַכט מען טירען, אז מען זאָל קאָנען אריינגעהן פון איין זייט און ארויס־געהן פון דער אנדער זייט. איינינע מאַכען א טיר פון יעדער צימער גלייך אין דרויסען.

42. פּלענער פון קאָלאָניע הייזער. — אין דעם בילד ווערט באוויזען א קאָלאָניע הויז אויף דער פאָרם פון דער רעגירונג אין בעטסוויל, מד. דאָס הויז איז 9 פוס לאַנג און 7 פוס ברייט. פון פאָרענט איז די הויך 7 פוס און פון הינטען 4½ פוס. פון פאָרענט פון ביידע זייטען זיינען פענסטער. יעדער פענסטער איז 2 פוס ברייט און 44 אינטשעס די הויך. די פענסטער פאַנגען זיך אָן 6 אינטשעס פון דאַך. אונטער יעדער פענסטער איז א קליין טירעלע, וואו די היהנער קאָנען ארויסגעהן און אריינגעהן. נעבען די פענ־סטער איז דער ליידיגער פּלאַץ פארדעקט מיט ווייער נעטינג (גע־וועבטע דראָט), און אויבען איז א טירעל, וועלכע עפענט זיך ארויף. די טיר פון הויז איז פון דער זייט און עפענט זיך צום דרויסען.

43. א הויז פון איינצעלנע גרויסע צימערען. — פון פיעלע עקספּערימענטען האָט מען אויסגעפונען, אז עס איז גוט צו בויען א היהנער הויז, וועלכע באשטעהט פון אָבטיילונגען 20 פוס לאַנג און 20 פוס ברייט. אזא אָבטיילונג איז גענוג פאר הונדערט היה־נער; און, ווען מען דארף, בויט מען צו נאָך אזעלכע צימערען.










Courtesy New Jersey Agricultural Exp. Station

דער אויבערשטער פּלאַן ווייזט דעם פלאָר (פּוסבאָדען) פון הויז.
דער מיטעלסטער פּלאַן ווייזט דאָס הויז פון דער זייט, און דער
אונטערשטער פּלאַן ווייזט ווי דאָס הויז זעהט אויס.

מיר גיבען דאַ דריי פּלענער פון אזא הויז, וועלכע זיינען גענומען פון דער ניו דזשוירזי אגריקולטשורעל עקספּרימענט סטיישאַן:

דאַס הויז באשטעהט פון צוויי צימערען, דאַס הייסט, 20 פוס ברייט און 40 פוס לאַנג און דאַס איז גענוג פאַר 200 היהנער. די הויך פון דעם הויז איז פון פאַרענט ניין פוס און פון הינטען פיער מיט א האלבען פוס. דער פונדאמענט פון הויז איז געמאַכט ווי מיר האבען געשריבען אין § 24. אלע ווענט פון דרויסען מאכט מען פון ברעטער 6 אָדער 8 אינטשעס ברייט, וועלכע געהען אריין איינע אין די אנדערע. די ברעטער קאָן מען געברויכען פון יעלאָו פּאַין (געלע סאָסנע), נאָר בעסער איז הווייט פּאַין (ווייסע סאָסנע). די הינטערשטע וואנט און דעם דאך דעקט מען צו אויף די ברעטער מיט גוטע רופינג פּייפּער (פּאפּיער צוליעב דעקען דע־כער). איין שטיק פּאפּיער צום צווייטען זאָל זיין גוט פאראייניגט מיט צעמענט.

דער דאך איז אזא, וואָס מען רופט א שעד רוף, דאָס הייסט, וואָס ער געהט בארג־אראָפּ, ווייל דאָס איז איינער פון די בעסטע דעכער. א גאירדער, דאס מיינט א לאנגע באלקע, לעגט מען אונטער די רעפטערס איבער דער גאנצער לענג פון הויז, און דעם גאירדער שפּארט מען אונטער יעדערע 10 פוס מיט פּאָסטס (סטאָלביקעס) 4 אינטשעס גראָב און 4 אינטשעס ברייט. די פּאָסטס שטעלט מען אויף קאָנקריט.

אין יעדען צימער זיינען פאראן צוויי פענסטער, יעדערע 3 פוס ברייט און 5 פוס הויך. זיי האלטען זיך אויף הינדזשעס (זאוויעסעס) פון דער זייט און עפענען זיך אין דער זייט. איין פענ־סטער ווערט געמאכט, אז דאָס זאָל דיענען אויך פאַר א טיר. ווי עס איז באוויזען אין דעם אונטערשטען פּלאַן.

צווישען די צוויי פענסטער אין יעדען צימער לאָזט מען איז וואנט אן אָפענעם פּלאַץ, 5 פוס ברייט און 4 פוס הויך. און מען פארהענגט דעם אָפענעם פּלאַץ מיט קוירטענס (פארהאנגען) פון מאסלין (דינע באוועל־צייג), די פריים מיט די קוירטענס האלטען

זיך אויף הינדזשעס (זאוויעסעס) פון אויבען, און ווען מען גע־ברויכט זיי ניט הויבט מען זיי אויף אין דער הויך.

די דראפינג באארדס, דאס מיינט, די פלאטפארם, וואוהין די מיסט פאלט אראפ, און די נעסטען מיט די רוסטס (סיעדלעס) זיינען געמאכט צו דער הינטערשטער וואנט. די רוסטס דארפען זיין אויף הינדזשעס אום מען זאל זיי קאנען אויפהויבען ווען מען דארף ריינינגען.



Courtesy New Jersey Agricultural Exp. Station
**די היהנער הויז פון ניו דזשוירזי עקספערימענט סטיישאן.**

**די פארטישאנס**, דאס מיינט, די ווענטלאך צווישען איין צי־מער און דעם צווייטען, מאכט מען פון ברעטער. צווישען יעדערע צוויי צימערען שטעהט א האפער, האס מיינט אזא קאסטען, אין וועלכען מען האלט די געמיאהלענע פראדוקטען, וואס די היהנער עסען ווען זיי ווילען.

דעם פלאר מאכט מען ווי מיר האבען געשריבען אין § 25.

**די מאטעריאלען צוליעב א הויז 20 ביי 40 פוס.**

**סילס** — 6 שטיקער, 4 ביי 6 אינטשעס, צו 20 פוס לאנג.

פליטס — 8 שטיקער 2 ביי 4 אינטשעס, צו 20 פוס לאַנג.
פאָסטס — 2 שטיקער, 4 ביי 4 אינטשעס, צו 14 פוס לאַנג.
פאָסטס — 2 שטיקער, 4 ביי 4 אינטשעס, צו 18 פוס לאַנג.
סטאַדינגס — 9 שטיקער, 2 ביי 4 אינטשעס, צו 18 פוס לאַנג.
סטאַידנגס — 4 שטיקער, 2 ביי 4 אינטשעס, צו 14 פוס לאַנג.
רעפטערס — 21 שטיקער, 2 ביי 4 אינטשעס, צו 22 פוס לאַנג.
5 שטיקער, 2 ביי 3 אינטשעס צו 16 פוס לאנג צוליעב דראַפינג באָרדס און פריים פאַר נעסטען.

די אויבענדערמאָהנטע האָלץ קאָן זיין פון העלמאָק (אזא מין טאַנענבוים) אָדער יעלאָו פייק (געלע סאָסנע).

2,200 סקווער פוס ברעטער צוליעב די ווענט און דעם דאך, און די דראַפינג באָרדס. די ברעטער דארפען זיין אכט אינטשעס ברייט און זאָלען אריינגעהן איינע אין די אנדערע.

די ברעטער קאָנען זיין פון יעלאָו פּאַין.

200 פוס לאַנג פון הווייט פּאַין, 1 ביי 2 אינטשעס צוליעב די פריימס פאַר די קאָירטענס.

100 פוס לאַנג הווייט פאַין, 1 ביי 4 אינטשעס צוליעב די נעסטען.

1 באַנדעל פלעסטער לעטס צוליעב א ברודי קופּ.

נעגלען (צוועקעס) 10 פונט 20 פעני ווייער; 50 פונט 10 פעני ווייער; 20 פונט 8 פעני ווייער.

רופינג פּייפּער, 1060 סקווער פוס, אָדער 11 ראָלס.

3 פענסטער צו 3 פוס ברייט און 5 פוס הויך.

מאסלין 8 סקווער יארד.

דערצו נאָך דאַרף מען הינדזשעס, שלעסער, הוקס און ווייער.

צוליעב דעם פונדאמענט און פלאָר דאַרף מען:

35 זעקלעך צעמענט.

30 יארד גרעוועל אָדער סינדערס (איבערגעברענטע קויהלען).

5 יארד זאמד.

44. **לאַנגע ברידינג הייזער.** — עס איז ראטזאם צו האבען א הויז פאר'ן ברידינג סטאַק, דאס מיינט, פאר די היהנער און

העהנער, וועלכע מען האלט צוליעב אויסבריהען די אייער. אזא הויז קאן מען מאכען 16 פוס ברייט און 144 פוס לאנג, און צוטיילען אויף צוועלף צימערען. יעדער צימער וועט זיין 12 ביי 16 פוס. די פארטישאנס (ווענטלעך אין מיטען) מאכט מען פון ברעטער. אין דער צייט פון צונויפפארען די היהנער מיט די העהנער זאל מען האלטען אין יעדען צימער פון 12 ביז 15 הינער מיט איין האהן. און א גאנץ יאהר קאן מען דארט האלטען די היהנער, וואס מען האלט צוליעב לעגען אייער צום פערקויפען. מען קאן האלטען ביז 50 היהנער אין א צימער.

## 4. הויפען און צאמען (פענסעם).

45. דער הויף פון א היהנער הויז. — אבוואהל מען קאן האלטען היהנער אין א קליינעם הויף, אויב מען האלט נאר ריין, דאך איז בעסער צו האבען א גרויסען הויף, אמווענינגסטען עס זאל זיין 20 סקווער פוס פאר יעדער הוהן. א לאנגער און שמאלער הויף איז בעסער איידער א קורצער און א ברייטער. אויב די היהנער זיינען פון איין סארט איז בעסער צו האבען איין הויף פאר איינינגע צימערען, וועלען זיי האבען מעהר פלאץ וואו ארומצוגעהן. די בעסטע זאך איז, אז מען זאל האבען צוויי הויפען איינעם פון מזרח זייט (איסט) צוליעב דער קאלטער צייט, און איינעם אין צפון (נארד) צוליעב דער הייסער צייט. און, ווען די היהנער געפינען זיך אין איין הויף, זאל מען דעם צווייטען פארזעען. אין הערבסט קאן מען זעען ראי (ראגען) אדער ראי מיט ווטשעם (וויקע) און אין פריהלינג, ווען די געוועקסע ווערען ביי זעקס אינטשעס פון דער ערד, לאזט מען אהין די היהנער, אין דעם אנדער הויף פארזעעט מען מיט האבער, אדער ווייץ, אדער האבער מיט ארבעס און ד. ג. ווען מען האט נאר איין הויף קאן מען נעהמען א שטיקעל הויף, צום ביישפיעל, 12 פוס לאנג און 4 פוס ברייט און מען פארזעעט עס מיט האבער, ווייץ, אדער גערשטען, און מען פארדעקט די זריעה מיט א רייק (גראבלע). ארום דעם פארזעעטען שטיקעל ערד מאכט

מען א פריים פון ברעטער, וועלכע זאָל זיין דריי אינטשעס העכער פ״ן דער ערד. אויפ׳ן פריים שלאָגט מען צו געוועבטע דראָט (ווייער נעטינג), אין וועלכען די לעכלעך זיינען ניט גרעסער פון איין אינטש. אויב דאָס וועטער איז ניט ווארים, קאָן מען צודעקען מיט א לייוועגד אויפ׳ן דראָט. די פערזעעטע זאָל מען באגיסען מיט וואסער אויב עס געהט ניט קיין רעגען. ווען די געוועקסע וועלען אויסוואַקסען ביז׳ן דראָט, וועלען די היהנער קאָנען עסען פון אלע זייטען.

ווען איינער וויל גאָר ניט זעען אין הויף, זאָל ער אמוועניגסטען צואקערען אָדער צוגראבען מיט א גראבאייזען דעם גאנצען הויף. פאר׳ן אקערען זאָל מען בעשיטען דעם הויף מיט לאים (קאלך) און מען זאָל דאָס פעראקערען (זעה § 49).

עס איז זעהר גוט, אז אין הויף זאָלען זיין פרוכט בוימער, ווי פלוימען, פיטשעס, אָדער קווינסעס. פון די בוימער וועט די לופט זיין פרישער און ריינער, און זומער האָבען די היהנער א שאָטען: און אליין קאָן מען האָבען גוטע פרוכטען פון די בוימער. ווייל די היהנערשע מיסט איז זעהר גוט פאר די בוימער.

46. **די צאמען.** — ארום דעם הויף פון היהנער הויז מאכט מען א צאם (פענסעס). געוועהנליך מאכט מען זיי פון ווייער (דראָט). מען שלאָגט אריין אין דער ערד סלופעס (פאָסטס) און אינטען שלאָגט מען צו א ברעט. דעם דראָט שלאָגט מען צו אונטען צום ברעט, און אויבען צו די סלופעס (כאָסטס)

די הויך פון די פענסעס דארף זיין פאַר די גרויסע סאָרטען היהנער, ווי די אזיאטישע, פון דריי ביז פיער פוס, פאר די היהנער פון מיטעלער גרויס, ווי די אמעריקאנער, מאכט מען זעקס אָדער זיבען פוס הויך און פאר די קלענערע סאָרטען ווי די לעגהאָרנס דארף זיין פון אכט ביז צעהן פוס הויך.

## 5. ריינקייט אין די היהנער הייזער.

47. **ווי אַזוי צו רייניגען די הייזער.** — אומריינקייט איז די קוועלע פ״ן אלע קראנקהייטען, און איבערהויפט א הוהן קאָן

גאר ניט איבערטראגען קיין אומריינקייט. דעריבער איז זעהר וויכ-
טיג אז אלע פלעצער וואו די הוהן געפינט זיך, זאל מען האלטען
אבסאלוט ריין. די מיסט זאל מען צוויי מאל אין וואך אויסראמען
פון היהנער הויז, און די פלאטפארם זאל מען באשיטען מיט זאמד.
אמווייניגסטען צוויי מאל אין יאהר זאל מען קאלכען די ווענט
פון היהנער הויז, אין פריהלינג און אין הערבסט. און דעזינפיצירען
זאל מען אייניגע מאל אין יאהר. דעזינפיצירען מיינט עס,
אז מען זאל שפריצען מיט א גיפטיגען מאטעריאל, וועלכער פאר-
ניכטעט ניט נאר אינסעקטען, נאר אויך די באקטעריען און באצילען,
פון וועלכע עס קומען אנשטעקענדע קראנקהייטען.

ווען מען דארף ווייסען און דעזינפיצירען די הייזער, זאל מען
פריהער ארויסנעהמען די אונטערבעטונג, אויסרייניגען די פלעצער
וואו עס געפינט זיך מיסט, נאכהער ארומקעהרען דעם שטויב פון
סילינג (פאטאלק) און פון די ווענט, דאן זאל מען וואשען אומעטום
פון אויבען ביז אראב. וואשען איז גוט מיט א האוז (קישקע). נאכ-
הער זאל מען מיט א גראבאייזען גוט אויסשאבען דעם פלאר (פוס-
באדען) און מיט א הארטען בעזים (ברום) ארומקעהרען די ווענט,
די רוסטס (סיעדעלעס), די פלאטפארם און דעם פלאר, און דאן
זאל מען נאך אמאל וואשען מיט דער קישקע און גוט אויסקערען,
און לאזען טרוקענען א טאג אדער מעהר. ווען מען רייניגט די
היהנער הייזער, זאל מען ניט פארגעסען ארומצואוואשען די פענס-
טער און גוט אויסרייניגען די קוירטענס (פארהאנגען) אויף די
פענסטער.

48. **קאלכען און דעזינפיצירען.** — ווען מען וויל נאר
קאלכען די היהנער הייזער, ווי מען רופט עס אין ענגליש „הווייט
וואשינג“, קאן מען דאס טאן אויף פאלגענדען אופן:

צוליעב קאלכען אינוועניג אין די הייזער:

1. מען נעהמט א בושעל (62 פונט) געברענטע לאים (קאלך)
און מען לעשט עס אפ מיט 15 גאלאן וואסער. דאס פעסעל מיט

די געלאַשענע קאַלך האַלט מען צוגעדעקט ביז עס הערט־אויף אַרויסצוגעהן די סטים (פּאַרע) און מען דאַרף עס אָפּט מישען.

2. מען נעמט צוויי מיט א האַלבען פונט ראי (ראגען) מעהל און מען מישט עס גוט אויס אין א האַלבען גאַלאַן קאַלטע וואַסער, און דאַן גיסט מען צו צוויי גאַלאַן זודיגע וואַסער.

3. מען נעמט צוויי מיט א האַלבען פונט געוועהנליכע זאַלץ און מען צולאָזט עס אין צוויי מיט א האַלבען גאַלאַן וואַסער.

איצט מישט מען צוזאַמען די נומער 2 און נומער 3 (די מעהל וואַסער און די זאַלץ וואַסער) און מען גיסט עס אריין אין דעם פּעסעל מיט די קאַלך־וואַסער און מען מישט עס אַלעס צוזאַמען, ביז עס ווערט גוט אויסגעמישט.

צוליעב קאַלכען פון דרויסען:

1. מען נעמט א בושעל (62 פונט) געבּרענטע קאַלך און מען לעשט עס אָפּ מיט 12 גאַלאַן הייסע וואַסער.

2. מען נעמט צוויי פונט זאַלץ און איין פונט סאַלפּיט און זינק און מען צולאָזט עס אין צוויי גאַלאַן זודיגע וואַסער.

3. מען נעמט צוויי גאַלאַן סקים מילך.

מען גיסט אריין נומער 2 אין נומער 1 (די זאַלץ מיט סאַלפּייט און זינק אין די קאַלך) און איצט גיסט מען צו די סקים מילך.

אויב מען וועט נעמען איין פונט זייף און צולאָזען אין א גאַ־לאַן זודיגע וואַסער, און אַריינמישען עס אויף יעדערע פינף גאַלאַן פון די ווהייט וואַשינג, וועט עס צוגעבען א גלאַנץ און עס וועט אויסזעהן ווי אויל פאַרב.

דיזע ווהייט וואַשינג איז גוט פאַר אַלע געביידען אויפ'ן פאַרם. איבערהויפּט פאַר די שטאַלען פון די קיה.

קאַלכען און דעזינפיצירען צוזאַמען.— צו פאַרשפּאָרען ארבייט קאָן מען ווייסען און דעזינפיצירען צוזאַמען. מען לעשט אָפּ זיבען מיט א האַלב פונט קאַלך. מען מישט עס ביז עס ווערט אַזוי ווי קרים (שמאַנט), און דאַן גיסט מען אריין א פּיינט (15 אונסעס) קריסאָל (פּליסיגע קאַרבאָליק עסיד 95%) און מען דערגיסט מיט וואַסער ביז עס ווערט 1 גאַלאַן. מען

זייהט עס איבער אויף א זיפ פון ווייער (דראט) און מען שפּריצט דערמיט. מען זאָל דאָס האַלטען פאַרדעקט און באהאַלטען.

צוליעב ווייסען און דעזינפיצירען קאָן מען אויך געברויכען פאָלגענדע פליסיגקייט: מען נעמט פינף קוואַרט אפּגעלאָשענע קאַלך געדיכט, ווי קרים, א האַלבע קוואַרט קריאָלין און א קוואַרט קעראָסין, דאָס מישט מען גוט אויס, און מען צומישט עס מיט דערזעלבער מאָס וואַסער, און מען שפּריצט.

דעזינפיצירען אליין. — אויב די הייזער זיינען געקאַלכט, נאָר מען דאַרף זיי דעזינ־פיצירען אליין, קאָן מען געברויכען פאָרמאַלדעהייד, אָדער ווי מען רופט עס פאָרמאַלין. דאָס געברויכט מען צוזאַמען מיט פּאַטעסיאום פּערמאַנגאַנייט. די ביידע זאַכען קויפט מען אין אפּטייק. אויף יע־דערע טויזענד קוביק פוס פון הויז געברויכט מען דריי פּיינטס (1½ קוואַרט) פאָרמאַלדעהייד און 23 אונסעס פּאַטעסיאום פּער־מאַנגאַנייט. אַלע היהנער זאָל מען פריהער צונעמען פון דעם הויז, די פענסטער זאָל מען פאַרמאַכען און גוט פאַרשטעקען. די טעמ־פּעראַטור אין הויז דאַרף זיין ניט וועניגער פון פופציג גראַד פאַ־רענהייטס. אין הויז שטעלט מען א קעסעל מיט זודיגע וואַסער צו מאַכען פייכט די לופט. די פּאַטעסיאום פּערמאַנגאַנייט שיט מען אריין אין א טיפער שיסעל, און מען שטעלט עס אַוועק אויף א גרויסען בלאַט אייזען, וועלכער ליגט אויפ'ן פלאָר פון דעם הויז. וואו מען דאַרף דיזענפעקצירען. דאַן גיסט מען שנעל אריין די פאָרמאַלדעהייד אין די פּאַטעסיאום פּערמאַנגאַנייט, און מען פאַר־לאָזט שנעל די הויז, און מען פאַרשפּאַרט און מען שטעקט גוט ארום די טיר. דער צימער דאַרף שטעהן פאַרשפּאַרט פון 6 ביז 12 שטונדען, נאכהער עפענט מען, און מען לאָזט דעם צימער גוט אויסלופטערן זיך איידער מען לאָזט אריין די היהנער. דיעזען מיטעל ברויכט מען וועניג.

דעזינפיצירען מיט פליסיגע פאָר־מאַלדעהייד. — א האַלבען פּיינט (א פערטעל קוואַרט) פאָרמאַלין געברויכט

מען אויף יעדען גאלאן וואסער. מען שפּריצט מיט א פּאמפּע אָדער מיט א בראַש. אין דער צייט פון שפּריצען זאָלען די פענסטער און די טירען זיין אָפען, און דער מאן וואָס שפּריצט זאָל טראָגען גלאָווס (האנדשוס) ראָבּערנע אָדער געאוילטע לעדערנע. נאָכ'ן שפּריצען זאָל מען לאָזען גוט אויסטרוקענען, און נאכהער א צווייטען מאָל שפּריצען.

ד ע ז י נ פ י צ י ר ע ן מ י ט ק ר י ס אָ ל ז י י ף.—

קריסאָל (פליסיגע קאַרבאָליק עסיד 95%) איז א גוטער מיטעל און קאָסט ביליג. מען קויפט אין אַפּטייק קאמאירשעל קריסאָל. מען דארף נאָר פארהיטען, אז די קריסאָל זאָל ניט אָנריהרען די לייב. אויב עס האָט אָנגעריהרט, זאָל מען יענעם פּלאץ וואשען מיט קאלטע וואסער.

צוגרייטען דארף מען אויף פאָלגענדען אופן:

מען גיסט אריין דריי מיט א פינפטעל קוואָרט רויהע לינסיד אויל (זאָמען אויל) אין א ליימענער כלי פון פיער אָדער פינף גאלאָן. אין א צווייטער כלי שיט מען אריין א פונט מיט זעקס אונסעס קאמאירשעל לאי (באבּיט'ס פּאָטאש) און מען גיסט אריין א פערטעל קוואָרט וואסער. אויב דער פּאָטאש צוגעהט ניט, זאָל מען ביסלעכווייז צוגיסען וואַסער. מען לאָזט עס שטעהן אמוועניגסטען דריי שטונדען ביז דער פּאָטאש צוגעהט און דאָס איז קאלט. דאן גיסט מען ביסלעכווייז די פּאָטאש אין די אויל, און אין דערזעלבער צייט מישט מען עס גאנץ שטארק. ניט ווייניגער פון פינף מינוט דארף געדויערען אריינגיסען די פּאָטאש אין די אויל. נאכהער מישט מען עס ווייטער ביז די גאנצע מאסע זעהט אויס ווי א שיטערע צולאָזטע זייף. דאָס מישען דארף געדויערען ניט מעהר ווי א האלבע שטונדע. דאן זאָל מען באלד, איידער דאָס ווערט פארקיהלט, אריינגיסען אַכט מיט א האלבען קוואָרט קריסאָל. די קריסאָל גיסט מען ביסלעכווייז און מען מישט שטארק. מען דארף דאָס האלטען גוט צוגעדעקט אין א פּלאץ וואו קיינע לעבעדיגע באשעפענישען קאָנען ניט צוקומען. פיער אָדער פינף אונסעס פון דיזע קריסאָל זייף איז גענוג אויף א גאלאָן וואסער צו מאכען

א גוטע דיזענפעקציאן. דערמיט איז גוט צו שפריצען נים נאר די הייזער, די רוסטס און די נעסטען, נאר אויך די אינקיובייטארס און ברודערס. נאכ'ן שפריצען זאל מען לאזען אויסטריקענען זיך און שפריצען א צווייטען מאל.

די קריסאל סאליושאן פערקויפט זיך צוגעגרייטע און מען געברויכט עס א האלבע קווארט צומישט מיט צעהן קווארט וואסער.

קערא סין עמאלשאן. —

די קעראסין עמאלשאן מאכט מען אויף פאלגענדען אופן:

מען צושניידט א האלבען פונט הארטע זייף אויף קליינע שטי־קעלעך, און מען קאכט עס אין האלבען גאלאן וואסער. ווען די זייף ווערט גוט צוגאנגען, נעמט מען דאס אראב פון פייער און מען גיסט באלד אריין צוויי גאלאן קעראסין און מען מישט גוט אוים. צוליעב דעזינפיצירען די הייזער זאל מען נעמען איין קווארט פון די קע־ראסין עמאלשאן און צומישען דאס גוט מיט צעהן קווארט וואסער, און נאכהער ארייגגיסען א האלבע קווארט קריוד קארבאליק עסיד, און ווייטער גוט אויסמישען, אין דערמיט שפריצען.

איין טייל קעראסין עמאלשאן מיט צעהן טיילען וואסער אהן די קארבאליק עסיד איז גוט צו שפריצען די הייזער צוליעב פאר־ניכטען לייז און ד. ג.

קארבאליק עסיד א האלבע קווארט צומישט מיט צעהן קווארט וואסער קאן האבען בײנאהע דיזעלבע ווירקונג ווי קריזאל.

49. די הויפען האלטען ריין. — פיעלע קראנקהייטען, פון וועלכע היהנער ליידען, קומען פון דער ערד אין דעם הויף וואו זיי געהען ארום. ווייל די מיסט פון די היהנער ווערט איינגעזויגען אין דער ערד, די לופט ווערט אומריין, און די היהנער מוזען אטהעמען דערמיט און ווערען קראנק. און אויב א הוהן האט געהאט אן אנ־שטעקענדע קראנקהייט זיינען די באצילען פון דער קראנקהייט אריבער אין דער ערד, און אלע היהנער וועלען א לאנגע צייט אנ־נעהמען זיך די זעלבע קראנקהייט. דעריבער זאל מען דעם הויף

באשפּריצען מיט5% קריאָלין אדער קארבאָליק עסיד. מען זאָל איהם גוט צוגראָבען און שפּרייטען לאים (קאַלך).

50. האלטען די כלים ריין. — אלע כלים, פון וועלכע די היהנער עסען און טרינקען, זאָל מען אָפט רייניגען. נאָכ'ן אויס־רייניגען זאָל מען דריי אָדער פיער מאָל אויסבריהען מיט זודיגע וואסער, און לאָזען אויסטריקענען אין א פּלאַץ, וואו די זון שיינט.



אַ פּאָאָר בראַהמעס.
די גרעסטע עסערס.

קאַפּיטעל 4.

## עסען און טרינקען פאַר היהנער

**51. די הוהן און די אייער פּראָדוקציאָן.** — די הוהן איז ווירקליך א וואונדערבארע מאשין, וועלכע פאבריצירט פאר אונז אייער, אָבער קיין מאשין וועט אונז ניט ארויסגעבען דעם פּראָדוקט, וואָס מיר פארלאנגען, אויב מיר וועלען ניט געבען דעם ריכטיגען מאטעריאל, וועלכער פאָדערט זיך צוליעב דיעזען פּראָדוקט.

א גוטע הוהן קאָן לעגען אין א יאָהר צייט אזוי פיעל אייער, וועלכע וועלען וועגען זיבען אָדער אכט מאָל אזוי פיעל ווי די גאנ־צע הוהן וועגט. דארף מען דאך האָבען דעם שטאָף פון וואָס צו פּראָדוצירען אזוי פיעל אייער. אויב די הוהן וועט אין איהר עסען ניט האָבען גענוג עלעמענטען, וועלכע פאָדערען זיך אי צוליעב איהר קערפּער אי צוליעב פּראָדוצירען אייער, וועלען מיר פ״ן איהר האָבען גאנץ ווענינ אייער.

די יוטא עקספּערימענט סטיישאָן האָט געמאכט פאָלגענדע עקספּערימענט: מען האט גענומען אכט היהנער פון זעלבען סארט און פון דעם זעלבען עלטער. פיער פון די אכט היהנער האָט מען געגעבען אלע נויטיגע שפּייזען, וואָס א הוהן דארף האָבען צוליעב לעגען אייער, און די אנדערע פיער היהנער האָט מען געגעבען גע־נוג עסען, אָבער ניט די נויטיגע שפּייז שטאָפען. דער רעזולטאט איז געווען, אז די ערשטע פיער היהנער האָבען אין א יאָהר צייט געלעגט 804 אייער, און די אנדערע פיער היהנער האָבען געלעגט נאָר 532 אייער, דאָס הייסט אז פון די ערשטע פיער האָט יעדער הוהן דורכשניטליך געלעגט מיט 68 אייער מעהר, און אויסער די אייער איז אין די ערשטע פיער צוגעקומען פינף פונט וואג, און

אין די אנדערע פיער איז צוגעקומען נאר א האלב פונט וואג.

52. צוליעב וואס עסט מען. — דאס עסען דארף דיענען צוליעב דריי זאכען. ערשטענס, צו בויען דעם קערפער, אז ער זאל וואקסען און ענטוויקלען זיך ווי געהעריג; און אומקעהרען דעם קערפער וואס ער פארלירט דורך ארבייט און באוועגונגען; צווייטענס, דארף דאס עסען געבען דעם קערפער די ווארימקייט און ענערגיע; און דריטענס, דארף דאס עסען פארמירען די מילך אין דער קוה, די וואל אויף די שאף, דאס איי אין דער הוהן, און דאס גלייכען.

53. די צוזאמענזעצונג פון א לעבעדיגען קערפער. — דער קערפער פון לעבעדיגע באשעפענישען איז צוזאמענגעזעצט פון פארשיעדענע עלעמענטען, וועלכע פארמירען פאלגענדע פיער גרופען: וואסער, אש, פעטס און פראטיין. וואסער געפינט זיך אין א לעבעדיגען קערפער פון 40 ביז 60 פראצענט; אש, אדער ווי מען רופט עס מינעראלען, וועלכע געפינען זיך אין קערפער, איז דאס דער טייל, וועלכער בלייבט איבער ווען דער קערפער ווערט גאנצען פארברענט. א קערפער קאן ענטהאלטען ביז 6% אש. דאס הייסט, אז א קערפער, וועלכער וועגט הונדערט פונט, ווען ער ווערט פארברענט, בלייבט פון איהם נאר זעקס פונט אש. די אש ענטהאלטען אין זיך פארשיעדענע מינעראלען, ווי אייזען, פאספאר, פאטאש, קאלך, און ד. ג. דיעזע אלע מינעראלען געפינען זיך אין אלע טיילען פון קערפער, און איבערהויפט אין די ביינער. די דריטע גרופע איז די פעטס, וועלכע געפינט זיך אין יעדען לעבעדיגען קערפער אין פארשיעדענע פארמען פון זעקס ביז דרייסיג פראצענט. די פערטע גרופע, וואס מען רופט פראטיין, געפינט זיך אין אלע טיילען פון קערפער. די מאגערע פלייש, די הויט, די ביינער, די מוסקלען, די אינוועניגסטע ארגאנען, דער מוח, די נערווען, און ד. ג. זיינען צוזאמענגעשטעלט איבערהויפט פון פראטיין. אויסער די אויבענדערמאהנטע פיער גרופען געפינט זיך אין יעדער קערפער ניט מעהר פון 1% קארבאהיידריידס.

54. די צוזאמענזעצונג פון אן איי. — א פרישע איי ענט־

האלט אין זיך 65.7% וואסער, 13.2% פראטיין, 8.9% פעטס 11.4% שאלעכץ, וועלכע איז כמעט אין גאנצען כון לאים (קאלך), און 0.8% אנדערע מינעראלען.

דער טרוקענער טייל פון דעם איי אהן די וואסער און אהן דער שאלעכץ ענטהאלט אין זיך 49.8% פראטיין, 38.5% פעטס, און 3.4% אש (מינעראלען).

דער טרוקענער טייל פון דעם איי צוזאמען מיט דעם שאלעכץ ענטהאלט 38.5% פראטיין, 25.4% פעטס און 35.6% מינעראלען.

דאס געלכעל אליין ענטאלט 50% וואסער, 15.5% פראטיין, 33.4% פעטס און מינעראלען ביינאהע 1%.

דאס ווייסעכעל אליין ענטהאלט 85% וואסער, 12.1% פראטיין, 0.23% פעטס, און 0.34% מינעראלען.

55. די צוזאמענזעצונג פון שפייז שטאפען און זייער ווירקונג אויפ'ן קערפער. — אלע שפייז שטאפען ענטהאלטען אין זיך די זעלבע פיער גרופען וואס א לעבעדיגער קערפער. דאס מיינט: וואסער, אש, פעטס און פראטיין, און אויסער די פיער גרופען ענטהאלטען די שפייז שטאפען א גרויסען טייל קארבאהיידריידס. די לעצטע פיער גרופען, אויסער דאס וואסער, ווערען אנגערופען דער טרוקענער טייל פון די שפייזען.

וואסער געפינט זיך אין יעדער שפייז ווי טרוקען דאס זאל ניט זיין. אפילו טרוקענע תבואה (גריין) און טרוקענע היי איז שטרוי ענטהאלטען אויך פון אכט ביז פופצעהן פראצענט וואסער. דאס וואסער וואס קומט אריין אין קערפער שפיעלט א גרויסע ראלע. ערשטענס, איז דאס וואסער א טייל פון דעם מאטעריאל, פון וועלכען דער קערפער ווערט געבויט. און צווייטענס, דאס וואסער צואווייקט דאס עסען און העלפט אז דער מאגען זאל קאכען, און נאכהער העלפט די וואסער צ:טראגען די איבערגעקאכטע שפייזען אין אלע טיילען פון קערפער. דאס וואסער קומט אין קערפער אממיינסטען פון טרינקען און א טייל קומט פון דעם וואסער וואס געפינט זיך אין די שפייז שטאפען.

די אש, דאס הייסט, די מינעראלען, וועלכע געפינען זיך אין

די שפייזען, דיענען איבערהויפט צו פארמירען די ביינער פון קערפער. די מינעראלען געפינען זיך אין פערשיעדענע פראפארציאנען אין די פערשיעדענע שפייזען. קארן (קוקורוזע) ענטהאלט נאר 1½ פראצענט מינעראלען, ווייצענע קלייען 5,8%, און אלפאלפא היי 7,4%. אלע קערנער פון תבואה, ווי ווייץ, קארן, גערשטען, האבער און דאס גלייכען, ענטהאלטען אין זיך ווייניג מינעראלען.

די פעטס, וואס געפינט זיך אין די שפייזען, שאפט די ווארימקייט און ענערגיע אין קערפער. איין פונט פעטס גיט צוויי מיט א פערטעל מאל אזוי פיעל ווארימקייט און ענערגיע וויפיעל א פונט פראטיין אדער קארבאהיידריידס קאנען געבען. די פעטס, וואס ווערט ניט פארברויכט אין קערפער אלס הייצונג קלייבט זיך אין קערפער אלס פעטקייט.

די פראטיין פון די שפייזען פארמירען די מוסקלען, שאפען די מאגערע פלייש און געהן אריין אין אלע טיילען פון קערפער, ווי אויבען דערמאהנט. אויך דער וויכטיגער טייל פון מילך און פון איי ווערען געשאפען פון די פראטיין, וועלכע געפינט זיך אין די שפייז, וואס די קוה און די הוהן עסען. א טייל פון דעם פראטיין ווערט אויך פערברויכט אלס הייצונג פאר'ן קערפער. דערפון קאנען מיר פארשטעהן די וויכטיגקייט פון די פראטיין. מיר דארפען אבער וויסען, אז ניט אלע שפייזען ענטהאלטען אין זיך גענוג פראטיין.

די קארבאהיידריידס, וואס געפינט זיך אין די שפייז שטאפען, ווערט צוטיילט אויף צוויי הויפט קלאסען: צום ערשטען קלאס באלאנגען די סטארטש (קראכמאל), דער צוקער און נאך אייניגע זאכען; און צום צווייטען קלאס באלאנגט דאס וואס מען רופט פייבער (פאדים־ארטיג), וועלכע פארמירען דעם גרעסטען טייל פון דעם הייטעל, וואס באדעקט יעדע פלאנצע און יעדען קערענדעל. די מעהרסטע שפייז שטאפען ענטהאלטען אין זיך קארבאהיידריידס מעהר איידער אש, פראטיין, מינעראלען און פעטס. די קארבאהיידריידס דיענט אלס הייצונג פאר'ן קערפער, און דאס ווערט איבערגעקאכט אין מאגען גרינגער איידער פעטס. א טייל

פון די קארבאהיידריידס קלייבט זיך אין קערפער אלס פעטקייט.

ווי מיר זעהן, איז די קארבאהיידריידס און די פעטס אין די שפייזען שפילען פאר'ן קערפער די זעלבע ראלע, און קאנען טייל־ווייז פארבייטען איינע די אנדערע, אבער דעם פראטיין קאן קיין אנדער זאך נית פארבייטען. ווען עס וועט נית זיין גענוג פראטיין אין דעם עסען, קאן די קוה אדער די הוהן זאט זיין און אויך פעט ווערען, אבער גענוג מילך און אייער קאן מען פון זיי נית ערוואר־טען.

אין דער לעצטער צייט האט מען אויסגעפונען, אז איינינגע שפייז שטאפען, ווי מילך און גרינסען, ענטהאלטען אין זיך א טייל, וועלכען מען רופט וויטאמין, און וועלכער איז אבסאלוט נויטיג פאר אלע לעבעדיגע בעשעפענישען, אז זיי זאלען וואקסען און ענט־וויקלען זיך נארמאל און האלטען זייער קערפער אין א געזונטען צושטאנד.

אין דער ביילאגע פון דיעזען בוך געפינט זיך א טאבעלע, וועל־כע ווייזט דעם אינהאלט פון די מעהרסטע שפייז שטאפען.

56. וועלכע שפייזען פאדערט א הוהן. — מיר דארפען וויסען, אז א הוהן וואקסט שנעלער איידער א קוה אדער א פערד, און דאס גלייכען. דעריבער מוזען די קליינע היהנדעלעך האבען אין זייער עסען אלע נויטיגע עלעמענטען, פון וועלכע דער קערפער זאל זיך קאנען ענטוויקלען שנעל ווי געהעריג. אויך ווייסען מיר, אז די הוהן איז זעהר טהעטיג און באוועגענד, און די טעמפעראטור פון איהר קערפער איז א הויכע (זעה § 16). דעריבער מוזען מיר פארזארגען די הוהן, אז זי זאל אימער האבען גענוג פון די אלע נויטיגע עלעמענטען, וועלכע זאלען קאנען אויפהאלטען איהר קער־פער אין א געזונטען נארמאלען צושטאנד; און דערצו זאלען די שפייז שטאפען ענטהאלטען גענוג פראטיין און מינעראלען אז זי זאל האבען פון וואס צו פארמירען די אייער. מיר דארפען נית פארגעסען, אז דער הוהנ'ס קערפער ענטהאלט 22 פראצענט פרא־טיין, און אן איי ענטהאלט מעהר פון 13 פראצענט פראטיין. ווען די הוהן וועט עסען נאר קערנער פון תבואה (גריין), וועט זי נית

האבען גענוג פּראָטײן פון וואָס צו שאַפען גענוג אײער. צום בײשפּיעל, ווען דער פאַרמער וועט געבען יעדען טאָג אויף יעדע הונדערט היהנער 25 פונט קאָרן (קוקורוזע), וועט יעדע הוהן אויפעסען פיער אונסעם קאָרן א טאָג. דערפון דאַרף זי האָבען דרײ אונסעם צוליעב אויפהאַלטען איהר קערפּער אין א געזונטען צושטאנד. הײסט עס, אז איהר בלײבט איבער נאָר אײן אונס קאָרן צוליעב שאַפען אן אײ. דער אונס קאָרן אָבער ענטהאַלט אין זיך נאָר אײן צעהנטעל אונס פּראָטײן, און אן אײ ענטהאַלט אין זיך דורכשניטליך א פערטעל אונס פּראָטײן. דאָס הײסט, אז צוליעב שאַפען אן אײ דאַרף זי האָבען צװײ מיט א האַלבען מאָל אזוי פיעל פּראָטײן פיעל דער קאָרן האָט אין זיך. דעריבער מוזען מיר איהר געבען, אויסער די קערנער, אזא פּראָדוקט וואָס איז רײך אין פּראָטײן, ווי צום בײשפּיעל, פּראָדוקטען פון פלײש אָדער פון מילך, וועלכע זײנען רײך אין פּראָטײן, ווי מיר וועלען שרײבען אין § 61.

דאָסזעלבע איז מיט מינעראַלען. מיר דאַרפען ניט פאַרגעסען, אז די שאָלעכץ פון אן אײ איז אינגאַנצען פון מינעראַלען, און אלע קערנער פון תבואה (גרײן) זײנען זעהר אָרים אין מינעראַלען. ווען די הוהן וועט אויפעסען נאָר פיער אונסעם קאָרן, ווי אויבען דערמאהנט, וועט איהר בלײבען צוליעב שאַפען אן אײ נאָר אײן אונס קאָרן, וועלכער ענטהאַלט אין זיך נאָר 1/70 אונס מינעראַלען, און אן אײ פאָדערט בײנאהע א פערטעל אונס מינעראַלען. דעריבער מוזען מיר פאַרזאָרגען זי מיט אזא פּראָדוקט, וועלכער איז רײך אין מינעראַלען, ווי צום בײשפּיעל, אױסטער שעלס, פרישע בײנער, און ד. ג ווי מיר וועלען שרײבען אין § 63.

פון וואָס מיר האָבען דאָ געשריבען זעהען מיר, אז די הוהן מוז האָבען אין איהר עסען, ערשטענס, קערנער פון תבואה; צווײטענס, פּראָדוקטען פון פלײש אָדער מילך; דריטענס, זאכען וועלכע זײנען רײך אין מינעראַלען און דערחוץ נאָך מוז זי האָבען גרינסען. ווי מיר וועלען זעהן ווײטער אין § 62.

57. קערנער פון תבואה (גרײן) פאַר היהנער. — עס

פֿאַרשטעהט זיך, אַז דער הויפּט עסען פֿון אַ הוהן דאַרפֿען זײַן קערנער פֿון תבואה, ווי ווייץ, קאָרן (קוקורוזע), האָבער, א. ז. ד. ג.

ק אָ ר ן. — קאָרן (קוקורוזע) איז אַ גוטע שפּײַז פֿאַר היהנער. און די היהנער האָבען דאָס ליעב. פֿון קאָרן אַלײן אָבער וועלען די היהנער ניט לעגען קײן אייער, און, אויב זיי וועלען אַ גאַנצען ווינטער עסען נאָר קאָרן, וועלען זיי צום ענדע ווינטער געוויס קראַנק ווערען, דעריבער דאַרף דער קאָרן זײַן נאָר אַ טייל פֿון איהר עסען. געקרעקטער (צושפּאָלטענער) קאָרן איז בעסער איידער גאַנצער. דער קאָרן זאָל בעסער זײַן געלער, ווייל פֿון ווייסען קאָרן וועלען די געלעכלעך פֿון די אייער און אויך די פֿלייש פֿון דער הוהן האָבען אַ בלייכען קאָליר. זומער זאָל מען געבען וועניגער קאָרן, ווייל דער קאָרן גיט פֿיעל וואַרימקייט אין קערפּער.

װ ו י י ץ. — ווייץ איז איינע פֿון די בעסטע שפּײַז־שטאָפֿען פֿאַר היהנער, סיי פֿאַר קליינע און סיי פֿאַר די, וואָס דאַרפֿען לעגען אייער. דעריבער איז זעהר וויכטיג, אַז אַ טייל פֿון די קערנער זאָל זײַן ווייץ. אַ צווייטער סאָרט ווייץ, אויב ער איז אָהן סמאַט (סאַזשע) און די קערנער זיינען ניט איינגעדאַרטע, קאָן מען עס געבען אַנשטאַט גוטע ווייץ. הוויט סקרינינגס (פּאָסליעד), וואָס בלייבט נאָכ'ן רייניגען די ווייץ, קאָן אויך פֿאַרבייטען אַ טייל פֿון איהרע קערנער, וואָס זי דאַרף.

ה אָ ב ע ר. — האָבער איז אויך גוט אַלס אַ טייל פֿון די קערנער. דער האָבער דאַרף זײַן שווערער און אָהן לאַנגע שפּיצען.

ג ע ש פּ ר אָ צ ט ע ר ה אָ ב ע ר. — האָבער וואָס פֿאַנגט אָן צו שפּראָצען איז זעהר אַ גוטע שפּײַז סיי פֿאַר קליינע הינדעלעך, און סיי פֿאַר די, וואָס דאַרפֿען לעגען אייער.

האָבער צוליעב שפּראָצען זאָל מען נעהמען שווערען און רייגעם. מען נעהמט זעקס קוואָרט האָבער, מען שיט עס אַרײַן אין אַ פֿעיל (עמער), וואָס איז אינוועניג גאַלוועניייזד (געוויסט). דער פֿעיל דאַרף האַלטען צעהן קוואָרט. דעם פֿעיל גיסט מען אָן פֿול מיט וואַסער, וואָס איז וואַרעם ניט מעהר ווי 100 גראַד פֿארענהייטס (ביי 30 גראַד רעמיורס). מען גיסט אַרײַן 10 טראָפּען פֿאַר־

מאלין צו פערהיטען, אז דער האָבער זאָל ניט אנפאנגען צו שימלען. דעם פעיל מיט דעם האָבער שטעלט מען אין א ווארימען צימער און מען לאָזט עס שטעהן 48 שטונדען ביז דער האָבער ציהט אין זיך אריין די גאנצע וואסער. צוליעב שפּראָצען איז גוט צו האָבען א רעק. דאָס מאכט מען פון צוויי שטעהענדיגע ברעטער אונטען און אויבען צוזאמען געבונדען מיט שטיקלעך ברעטער. די הויך פון רעק זאָל זיין זיבען פוס, די ברייט און די טיעף צוויי פוס. אינוועניג פוןביידע זייטען שלאָגט מען צו פלאנקעס, א פוס איינע פון די אנדערע, און אויף די פלאנקעס שטעלט מען אריין טרעים, דאָס זיינען פלעטע באקסעס (ניט קיין טיעפע קעסטלעך). יעדער טרעי איז צוויי פוס לאנג און צוויי פוס ברייט. דעם האָבער שיט מען אריין אין די טרעים ניט מער ווי איין אינטש גראָב. דעם רעק שטעלט מען אין א צימער, וואו די טעמפּעראטור איז ניט וועניגער פון 60 גראד פארענהייט (ביי 14 גראד רעמיורס). צוויי מאָל אין טאָג זאָל מען דעם האָבער בעגיסען מיט וואסער. דאָס שפּראָצען געדויערט פון זיבען ביז צעהן טעג. אין א טעמפּעראטור פון 75 גראד קאן דאס זיין גוט צום געברויכען אין 7 טעג. די בעסטע צייט צו געברויכען איז ווען די שפּראָצונגען זיינען פון 4 ביז 6 אינטשעס גרויס. מען קאָן עס געבען די היהנער אין ברייטע ניט קיין טיעפע טראפס (קאָריטעס). איין סקווער (קוואדראט) אינטש איז געוועהנליך גענוג פאר א הוהן יעדער טאָג. אין א טרעי צוויי ביי צוויי פוס זיינען פאראן 576 סקווער אינטשעס, דאָס הייסט, אז אזא טרעי איז גענוג פאר 576 היהנער.

דער געשפּראָצטער האָבער ווערט גיך קאליע, דעריבער זאָל מען אָפט מאכען פרישע.

ר א י (ר א ג ע ן). — ראי האָבען היהנער ניט ליעב. אויב מען האָט וועניג אנדערע קערנער, קאָן מען אמאָל געבען זיי אביסעל ראי. פון צופיעל ראי ווערען זיי באקומען בויך־וועהטאָג.

ב א ר ל י (ג ע ר ש ט ע ן). — גערשטען האָבען די היהנער ניט זעהר ליעב, דאָך איז גערשטען אן אויסגעצייכענטע שפּייז פאר

היהנער. אין פיעלע געגענדען איז גערשטען די הויפט שפייז, און אומעטום קאן עס זיין א טייל פון די קערנער.

באקהוויט (גרעטשקע). — באקהוויט געברויכט מען אויך נאר אלס א טייל פון די קערנער. די היהנער האבען ניט ליעב די באקהוויט, און די געלעכלעך קומען ארויס בלייכע.

מילעט (פראסע). — פאר קליינע היהנדעלעך קאן מען א מאל צושפרייטען אביסעל מילעט אין די אונטערבעטונג. פון צו־פיעל מילעט ווערען זיי באקומען בויך־וועהטאג. די עלטערע היה־נער קאן מען אויך אמאל געבען אביסעל מילעט. אבער מילעט אליין איז ניט גוט ניט פאר די קליינע און ניט פאר די עלטערע היהנער.

סאנפלאוערס. — אויב די היהנער האבען גענוג פעטס אין זייער עסען זאל מען זיי גאר ניט געבען קיין סאנפלאוערס (פאדסאלנעטשיקעס). מען קאן דאס געברויכען אביסעל אין דער צייט וואס די היהנער בייטען די פעדערען.

פיז און בינז (ארבעס און בעבלעך). — פיז און בינז איז צו טייער אלס שפייז פאר היהנער. נאר, אויב מען האט א נידעריגען סארט, קאן מען א מאל געברויכען געקאכטע צומישט מיט קלייען אדער קארן מיל.

העמפ סיד (קאנאפלעס). — פון העמפ סיד ווע־רען די היהנער פעט, דעריבער ווערט עס געברויכט נאר אין קליינע פראפארציאנען אין דער צייט ווען די היהנער בייטען די פעדערען.

58. די הוהן זאל האבען פארשיעדענע קערנער. — אב־וואהל א הוהן קאן אויסקומען מיט איין סארט קערנער, איז, אויב זי וועט האבען די אלע אנדערע נויטיגע שפייזען, ווי פלייש און מילך פראדוקטען, גרינסען און אויסטער שעלס, וועט זי לעגען גע־נוג אייער, דאך איז פיעל בעסער און עקאנאמישער, אז די היהנער זאלען האבען פערשיעדענע קערנער סיי גאנצע און סיי געמאהלע־נע, ווייל די היהנער האבען בעסער ליעב געמישטע פערשיעדענע קערנער, איידער איין סארט, און דאס ברייננגט פיעלע גרעסערע נוצען. די קליינע היהנדעלעך וואקסען בעסער, און די גרויסע לע־

גען מעהר אייער. די הויפט קערנער, וואס מען געברויכט פאר היה־נער, איז ווייץ, קארן (קוקורוזע) און האבער.

59. גאנצע און געמאהלענע קערנער. — עס איז זעהר וויכטיג, אז די היהנער זאלען אין זייער עסען האבען אי גאנצע קערנער (גריין) אי געמאהלענע.

פראפעסאר רייס פון קארנעלער אגריקולטשורעל קאלעדזש האט געמאכט פאלגענדען עקספערימענט: 20 היהנער האט ער גע־געבען גאנצע קערנער אין די אונטערבעטונג, און געמאהלענע פראָ־דוקטען טרוקענע (דריי מעש) האט ער געהאלטען אין האפערס, און די אנדערע צוואנציג האבען געגעסען נאר גאנצע קערנער. די אלע איבעריגע נויטיגע שפייזען האבען זיי אלע גלייך באקומען. דער רעזולטאט איז געווען, אז אין א געוויסער צייט איז פון די ערשטע צוואנציג, וועלכע האבען געהאט אי גאנצע אי געמאהלענע פראדוקטען, געבליבען ריינער פראפיט 28 דאלאר, און פון די אנ־דערע צוואנציג היהנער, וועלכע האבען געגעסען נאר גאנצע קערנער, איז געבליבען ריינער פראפיט נאר 15.50 דאלאר. און אויסער דעם פראפיט פון די אייער, האט יעדער הוהן פון די ערשטע צוואנציג געוועגען ביינאהע מיט א פונט מעהר איידער די אנדערע.

די גאנצע קערנער גיט מען די היהנער אין דער פריה און פאר־נאכט אין די אונטערבעטונג, און די געמאהלענע פראדוקטען גע־פינען זיך אין אפענע האפערס. פאר לעגהארנס האלט מען די הא־פערס אימער אפען, און פאר די גרעסערע סארטען היהנער, ווי די פלימוט ראקס אין דאס גלייכען, ווען זיי ווערען עלטער פון א יאהר, איז בעסער צו האלטען די האפערס אפען נאר נאך האלבען טאג. און מען זאל זיי געבען מעהר קערנער, ווייל פון צופיעל מעהל ווערען די גרעסערע סארטען היהנער גיך פעט און וועלען אויפהע־רען לעגען אייער. היהנער, וועלכע זיינען ניט געוואהנט צו גע־מאהלענע פראדוקטען, וועלען אין אנפאנג ווענינ עסען דערפון, דעריבער דארף מען זיי צוגעוואהנען ביסלעכווייז.

פראפעסאר לואיס שרייבט, אז די בעסטע רעזולטאטען האט מען געהאט, וואו די היהנער האבען אין ווינטער און אין פריהלינג

געגעסען גלייכע טיילען גאנצע קערנער און געמאהלענע פראדוק־טען, און שפעטער אין פריהלינג און א גאנצען זומער ווי אויך אין אנפאנג הערבסט האבען זיי געגעסען מעהר געמאהלענע פראדוק־טען איידער גאנצע קערנער (זעה § 65).

60. **מעהל און ביי-פראדוקטען פאר היהנער.** — אין דעם לעצטען פאראגראף האבען מיר געזעהען, אז די היהנער דארפען האבען אין זייערע עסען געמאהלענע פראדוקטען.

קארן מיל. — קארן מיל (מעהל פון קוקורוזע) ווערט אין אמעריקע געברויכט אלס א טייל פון די שפייזען פאר היהנער. מען דארף נאר פארהיטען, אז די מעהל זאל ניט ווערען מאולדי (טוכ־לע). איבערהויפט זומער זאל מען זיין פארזיכטיג. די זאך מיט מעהל זאל מען ניט לעגען איינע אויף די אנדערע, און מען זאל זיי אפט איבערקעהרען צו פארהיטען, אז די מעהל זאל זיך ניט דערוואריכוען. די מעהל דארף זיין ניט זעהר דין.

ווייצענע מעהל. — צוליעב פעט מאכען עופות גע־ברויכט מען א נידעריגען סארט ווייצענע מעהל געמישט מיט אנדערע מעהלען.

קארן מיט קאבס. — קארן געמאהלענער צוזאמען מיט די קאבס (קאטשאנעס) איז ניט גוט פאר היהנער.

האבערנע מעהל — געברויכט מען אלס א טייל פון די שפייזען.

ראלד אוטס, — דאס מיינט, צוקוועטשטער האבער, ווערט געברויכט פאר קליינע היהנדעלעך.

ביי־פראדוקטען ווערען אנגערופען די פראדוק־טען, וואס בלייבען אין די מיהלען, ווען מען מאהלט תבואה, אדער דאס וואס עס בלייבט אין די פאבריקען, וואו מען מאכט אויל, און ראס גלייכען.

ווייצענע קלייען איז זעהר גוט סיי פאר קליי־נע היהנדעלעך און סיי פאר אלטע היהנער. קלייען דארף אימער זיין א טייל פון די שפייזען, ווייל די קלייען איז רייך אין פראטיין און ענטהאלט ביז 6% מינעראלען. די קלייען דארף זיין פרישע.

אויב דאָס זעהט אויס זעהר טרוקען, קאָנען די היהנער אָנפאַנגען צו ליידען פון מאָגען.

ווייצענע מידלינגס (מיזיסעטקע) — איז רייך אין פּראָטיין, אָבער פּיעל אָרימער פון קלייען אין מינעראַלען. מען געברויכט עס טרוקענערהייט אלס א טייל פון די מעהלען. צוליעב פייכטע מעש איז דאָס ניט גוט, ווייל דאָס קלעפּט זיך זעהר.

באָקהוויט מידלינגס ענטהאלט ביז 29% פּראָטיין און ביז 5% מינעראלען און 7% פעטס. מען קאָן עס אימער געברויכען אלס א טייל פון די מעהלען. אָבער די קלייען פון באָקהוויט איז ניט גוט פאר היהנער.

גלוטאָן מיל בלייבט איבער ווען מען מאכט פון קאָרן סטאַרטש (קראָכמאל). מען קאָן עס געברויכען ניט מעהר ווי צעהן פּ:נט אויף הונדערט פונט אנדערע שפּייזען.

גלוטאָן פיד איז גלוטאָן געמישט מיט אנדערע שפּייז שטאָפען און עס באצאָהלט זיך ניט צו קויפען צוליעב היהנער.

האמיני מיל בלייבט איבער ווען מען מאכט גרופּען פון קאָרן. אויב דאָס קאָסט ניט טייער, קאָן דאָס פארבייטען די קאָרן מיל.

קאטאנסיד מיל — וואָס עס בלייבט איבער נאָכ'ן אויסקוועטשען די אויל פון דעם קאטאָן (בוימוואָל), ווערט גע־טריקענט און געמאָהלען און דאָס רופט מען קאטאנסיד מיל. דאָס ווערט גאַנץ ווענינ געברויכט צ:ליעב היהנער, אָבוואָהל דאָס איז רייך אין פּראָטיין, און אבוואָהל אין איינינע עקספּערימענטען האט מען געהאט גוטע רעזולטאטען.

לינסיד מיל. — ווען מען מאכט אויל פון די זאָמען פון פלאקס, בלייבט איבער א געדיכטע מאסע, וועלכע ווערט גע־טריקענט און געמאָהלען, און דאס רופט מען לינסיד מיל. דאָס קאָן מען געברויכען ביז צעהן פּראָצענט פון אלע שפּייזען, און מען זאָל דערפון ניט מאכען קיין פייכטע מעש.

ברויט. — ברויט פאר היהנער איז גוט אלט געבאקענער, געטריקענטער אין צומאָהלענער. דער ברויט קאָן פארבייטען קאָרן

אדער ווייצענע קלייען. א מאל קאן מען פון דעם ברויט צוזאמען מיט אנדערע מעהלען מאכען א פייכטע מעש (קאשע). ארום די גרויסע שטעדט קאן מען אזא ברויט באקומען גאנץ ביליג, און עס לוינט זיך צו קויפען.

61. פלייש און מילך פראדוקטען.— ווי מיר האבען אויבען דערמאהנט מוז א טייל פון דעם פראטיין, וואס די הוהן דארף האבען, קומען פון פלייש און מילך פראדוקטען. די עקספערימענט סטיישאן פון אנטאריא, קאנאדע, האט אכט מאנאטען געהאלטען אין דריי צימערען צו 25 היהנער. אויסער די אלע שפייזען, וואס אלע היהנער האבען גלייך באקומען, האט מען אין איין צימער געגעבען אויך באטער־מילך (מאסליאנקע), האבען די 25 היהנער פאר אכט מאנאטען געלעגט 1762 אייער. אין צווייטען




Courtesy International Harvester Co.

דער עקספערימענט אין אנטאריא. פון דער רעכטער זייט ווייזט וואו מען האט געגעבען ביף סקרעפס, פון דער לינקער זייט — באטערמילך, און אין מיטען קיינע פלייש און מילך פראדוקטען.

צימער האט מען זיי געגעבען ביף סקרעפס (צוריבענע געטריקענטע פלייש), האבען די פינף און צוואנציג היהנער געלעגט 1625 אייער, אין דריטען צימער האבען זיי ניט געהאט קיין באטער־מילך און ניט קיין ביף סקרעפס, האבען זיי געלעגט נאר 730 אייער.

די אינדיאנער עקספרימענט סטיישאן האט אויסגעפונען, אז די היהנער, וועלכע האבען געהאט פלייש פראדוקטען, האט יעדער הוהן געלעגט דורכשניטליך 135 אייער אין א יאהר; און די, וואס האבען געהאט גענוג סקים מילך האבען געלעגט צו 133 אייער,

און די, וואָס האָבען ניט געהאט קיין פלייש און מילך פּראָדוקטען. אבוואָהל זיי האָבען געהאט אלע נויטיגע שפייזען, האָבען געלעגט נאָר צו 36 אייער א יאָהר.




Courtesy International Harvester Co.

עקספּערימענט אין אינדיאנא. אויבען אָהן ביף סקרעפּס און אָהן מילך. פון דער רעכטער זייט פון סקים מילך, פון דער לינקער זייט פון ביף סקרעפּס.

אין אלגעמיין דארף מען וויסען, אז די הוהן דארף האָבען פון 10 ביז 25 פּראצ. פּראטיין, דאָס מיינט, אז אויף יעדערע 100 פונט שפייז וואָס זי עסט דארף זיין פון 10 ביז 25 פונט פּראטיין. זומער ווען זיי האָבען א פּלאַץ וואו ארומצוגעהן און חאַפּען אינזעקטען גיט מען ווייניגער פּראטיין, און ווינטער, ווען זיי זייגען פארשפּארט, גיט מען מעהר פּראטיין.

פ ר י ש ע פ ל י י ש מאַגערע איז געווים גוט פאר היהנער. וואו מען קאָן ביליג באקומען די קערפּער פון טויטע פערד. און ד. ג. לוינט זיך צו קויפען עס צוליעב היהנער. עס פארשטעהט זיך, אז דאָס דארף מען געברויכען ווען דאָס איז פריש.

ב י ף ס ק ר ע פּ ס זיינען די שטיקלעך פלייש מיט ביינער, וועלכע בלייבען איבער אין די גרויסע שלאכט הייזער. די שטיקלעך פלייש צוזאמען מיט די ביינער ווערען געקאָכט, געטריקענט און געמאָהלען גאנץ גראָב. די שטיקלעך דארפען זיין גראָב ווי קערנער פון ווייץ. א הויכער סאָרט ביף סקרעפּס ענטהאלט איז זיך ביז 60% פּראָטיין. מען זאָל קויפען בעסער דעם העכערען סאָרט, אבוואָהל דאָס קאָסט טייערער. די ביף סקרעפּס דארפען האָבען א ליכטיגען קאָליר, און, ווען מען באגיסט עס מיט הייסע וואסער, דארף דאָס האָבען דעם ריח פון פלייש. אויב דאָס האט

א שלעכטען ריח וועט עס געווים שאדען די היהנער, אין א קיהלען טרוקענעם פלאץ קאן מען דאס האלטען אייניגע מאנאטען. מען געברויכט דאס בערך צוואנציג פונט אויף הונדערט פונט אנדערע שפייזען.

מ י ט ס ק ר ע פ ס — איז דאס זעלבע וואס ביף סקרעפס.

מ י ט מ י ל איז אויך דאס זעלבע וואס ביף סקרעפס, נאר דאס ווערט דינער געמאהלען, און פאר היהנער ווערט עס ניט גע־ברויכט.

ב ל ו ט — געטריקענטע איז רייך אין פראטיין. דאס קאסט אבער צו טייער, און עס לוינט זיך ניט צו קויפען צוליעב היהנער.

ג ר י ן ב א ו ן — ווערען אנגערופען פרישע ביינער מיט עטוואס פלייש אויף זיי. אזעלכע ביינער ענטהאלטען אין זיך דורכ־שניטליך ביז 34% פראטיין און ביז 25% מינעראלען. אויב מען קאן באקומען די ביינער, לוינט זיך צו קויפען א מאשינקע, וועלכע צומאהלט די ביינער. די ביינער דארפען זיין פרישע. מען דארף זיי קויפען פון קצב (בוטשער) פרישערהייט, און נאכהער זאל מען זיי ניט האלטען לאנג, ווען מען דארף זיי האלטען אפילו נאר איי־ניגע שטונדען זאל מען זיי צושפרייטען דין, און האלטען אין א קיהלען פלאץ. ווען מען האלט זיי אין א בעג (זעקעל) אפילו אין א קאלטען פלאץ איבער נאכט קאנען זיי קאליע ווערען, און דאן זיינען זיי זעהר שעדליך. מען זאל די היהנער געבען ניט מעהר ווי א האלבען אונס ביינער אויף יעדער הוהן, אדער א פונט אויף 32 היהנער.

פ י ש — אויב זיי זיי זיינען פרישע, קאן מען געבען צו ביס־לעך די היהנער, און דאס קאן פארבייטען א טייל פון די ביף סקרעפס. פון צופיעל פיש ווען די היהנער קראנק ווערען.

פ י ש ס ק ר ע פ ס. — פון די פיש, וואס מען מאכט אויל, בלייבען די ביינער מיט פלייש, וועלכע מען טריקענט און מען

מאהלט. דאָס רופט מען פיש סקרעפּס. ווען דאָס איז פריש, קאָן עס פארבייטען א טייל פון די ביף סקרעפּס. פון צופיעל פיש סקרעפּס וועלען די אייער אין די פלייש פון די היהנער האבען א שלעכטען ריח.

ס ק י ם מ י ל ך. — ווען מען נעמט אראָב פון זיסע מילך די שמאנט (קרים) בלייבט איבער סקים מילך. דאָס איז זעהר גוט סיי פאר יונגע און סיי פאר אלטע היהנער. די סקים מילך גיט מען זיי צו טרינקען. אויב מען גיט ביז 14 קוואָרט אויף הונדרט היהנער יעדען טאָג, קאָן מען אויסקומען אהן ביף סקרעפּס. פיעל בעסער איז אז מען זאָל פון די מילך מאכען זויער מילך.

ז ו י ע ר מ י ל ך — איז זעהר א געזונטע זאך פאר היהנער. דאָס מאכט א גוטען אפּעטיט און העלפט, אז דער מאָגען זאָל בעסער קאָכען, און דאָס פּארהיט פון פיעלע קראנקהייטען. באלד ווי מען נעהמט אראָב די קרים (שמאנט) זאָל מען די סקים מילך אוועקשטעלען אין א טעמפּעראטור פון 75 ביז 80 גראַד פארענהייטס. וואָס גיכער דאָס ווערט זויער איז אלץ בעסער. דעריבער איז גוט אריינצוגיסען אין די סקים מילך אביסעל גוטע זויער מילך. די כלים צום זייערען די מילך און די כלים פון וועלכע זיי עסען די זויער מילך זאָל מען אמוועניגסטען צוויי מאָל אין וואָך אויסבריהען מיט זודיגע וואסער.

ק א ט ע ד ז ש ט ש י ז. — פרישער אָבקעוועטשטער קעז (קאטעדזש טשיז) קאָן פארבייטען א טייל פון די ביף סקרעפּס. מען זאָל אָבער דאָס ניט פארבייטען אין גאנצען אויף די פלייש פּראָדוקטען. זאָל מען זיי בעסער געבען נאָר צעהן פּראָצענט ביף סקרעפּס און דערצו געבען די קעז איין מאָל אין טאָג פיעל זיי קאָנען אויפעסען אין צעהן מינוט. דעם קעז זאָל מען אביסעל צוזאלצען און ער זאָל זיין ניט עלטער פון צוויי טעג.

ב אָ ט ע ר מ י ל ק (מאסליאנקע) — קאָן פארבייטען אין גאנצען די ביף סקרעפּס, אויב מען קאָן עס געבען דריי קווארט א טאָג אויף 25 היהנער.

ה ו ן ע י (סראוועטקע) — קאָן ניט פאַרבייטען די אַנדערע מילך פּראָדוקטען, דאָך קאָן מען עס געבען די היהנער אַלס אַ טרונק, אָדער מאַכען דערמיט אַ פייכטע מעש.

אַ ב פ אַ ל פ ו ן ט י ש, — וואָס בלייבט איבער פון אונזער עסען, סיי פון טיש און סיי פון קיך, איז גאַנץ גוט פאַר היהנער. מען דאַרף נאָר זיין פאָרזיכטיג, אַז קיינע געקענטע (מאַראַנירטע) און געזאַלצענע זאַכען זאָל אין דעם אַבפאַל ניט זיין.

62. גרינסען פאַר היהנער. — היהנער, סיי יונגע און סיי אַלטע, מוזען עסען גרינסען ווי גאַרטענוואַרג אָדער היי. די גרינסען מאַכען אַ גוטען אַפּעטיט, ווירקען גוט אויפ׳ן מאַגען, די היהנער לעגען פיעל מעהר אייער און די אייער צום אויסבריהען וועלען זיין פיעל בעסער, און די היהנדעלעך פון זיי וועלען אַרויסקומען פיעל שטאַרקערע.

זומער, ווען די היהנער געהן אַרום פריי, געפינען זיי גענוג גרינסען, אָבער, אויב זיי זיינען פאַרשפּאַרט, אָדער צום ענדע זומער, ווען די גראָזען ווערען טרוקען, און איבערהויפּט ווינטער, מ׳זאָל מען פאַרזאָרגען זיי מיט גרינסען.

ג אָ ר ט ע נ ו ו אָ ר ג. — בוריקעס האָבען די היהנער ליעב. נאָר פון צופיעל בוריקעס באַקומען זיי אַ שוואַכען מאַגען. די בעס־טע בוריקעס פאַר זיי זיינען די גרויסע, וואָס מען רופט מענגל וואָירזל. עס איז בעסער, אַז די בוריקעס זאָלען זיין נאָר אַ טייל פון די גרינסען. מעהרען קאָן מען געבען צו ביסלעך. קרויט איז גאַנץ גוט פאַר היהנער, נאָר פון צופיעל קרויט וועלען די אייער שמעקען. געפּראָרענע קרויט איז שעדליך. פּאָטייטאָס (בולבעס) רויהע האָבען היהנער פיינט. געקאָכטע פּאָטייטאָס מישט מען אַ כּאַל אין אַ פייכטער מעש. פון צופיעל פּאָטייטאָס פאַרלירען זיי דעם אַפּעטיט. מאַירניפּס (ברוקווע) קאָן מען געבען צו ביסלעך. פון צופיעל וועלען די אייער האָבען אַ שלעכטען ריח. ציבעלע סיי די גרינע ציבעלע און סיי די קעפּלעך האָבען היהנער ליעב, נאָר פון צופיעל ציבעלע וועלען די אייער שמעקען מיט ציבעלע.

די אַלע סאָרטען גאָרטענוואַרג, וואָס מען גיט די היהנער, זאָ־לען זיין געזונטע און **שטייפע**, צוגעפוילטע, אָדער אפילו פארוועלקטע, זיינען אומגעזונט. די לאַנגע גאָרטענוואַרג זאָל מען נאָר צושפּאַלטען, אָבער ניט שניידען אויף קליינע שטיקלעך. עס איז גוט אויפצוהענגען די גאָרטענוואַרג אַז זיי זאָ־לען אויסקומען 18 אינטשעס פון פּלאָר (פוס־באָ־דען).



Courtesy International Harvester Co.
גרינסען (קייל) אויפגעהאנגען און די היהנער באַוועגען זיך און עסען.

**היי און קאָרן סטאַק**. — היי פון אַלפאַלפאַ אָדער פון קלאָוועך איז זעהר גוט פאר היהנער, ווייל אַזאַ היי איז רייך אין פּראָטיין. מען קאָן צונויפקלייבען די ברעקלעך פון די היי, וואָס בלייבט איבער פון די קיה, אָדער מען צוהאַקט גאַנצע היי אויף קליינע שטיקלעך אַ האַלב אינטש אין דער לענג, און מען גיט 5 פונט אַ טאָג אויף 100 היהנער. מען קאָן דאָס געבען באַ־זונדער, אָדער געמישט מיט אַנדערע שפּייזען. אויב מען האָט ניט אזא היי און ניט קיין גאָרטענוואַרג קאָן מען צוהאקען געוועהנליכע היי, באגיסען מיט הייסע וואסער, לאָזען עס שטעהן א גאנצע נאכט, און מאָרגען פריה געבען די היהנער. אויך קאָן מען זיי געבען קאָרן סטאקס (די שטעקענס פון קוקורוזע) צוזאמען מיט די בלעטער און מיט די אירס (קאטשאנעס). מען צוהאקט עס אויף שטיקלעך א האלב אינטש לאנג, און מען גיט עס אזוי אָדער פארבריהט מיט הייסע וואסער.

**פרוכטען**, און איבערהויפּט עפּעל, האָבען די היהנער

ליעב, און מען קאָן זיי געבען צו ביסלעך, אָבער קיינע נוצען ברייננגט עס ניט, דעריבער קאָן דאָס ניט פארבייטען קיין גרינסען.

ביט פאלפ איז א פראָדוקט, וואָס בלייבט איבער פון די בוריקעס, ווען מען מאכט צוקער פון די בוריקעס. מען קאָן דאָס געברויכען אַנשטאָט גרינסען. מען ווייקט עס אין וואסער, און מען לאָזט אריינזויגען די וואסער פיעל נאָר מעגליך. פיער קווארט דער־פון איז גענוג פאר 25 היהנער.

געשפראָצטער האָבער — (זעה § 57) קאָן פאר־בייטען די גרינסען.

די גרינסען איז גוט צו געבען זיי ארום האלבען טאָג. מען זאָל זיי געבען פיעל זיי קאָנען אויפעסען אין 20 ביז 30 מינוט.

63. **מינעראלען פאַר היהנער.** — אין פאראגראף 56 איז ערקלעהרט די נויטווענדיגקייט פון מינעראלען פאר דער הוהן, סיי צוליעב איהר קערפּער און סיי צוליעב פּראָדוצירען אייער.

אָיסטער שעלס — (די שאָלעכץ פון אסטריצעס) איז זעהר גוט פאר היהנער. אזוי ווי די שאָלעכץ פון אן איי איז דאָך כמעט אין גאנצען פון לאים (קאַלך). — זיבען ד׳צענד אייער ענט־האלטען אין זיך א פונט לאים — און אזוי ווי אלע שפייז שטאָ־פען ענטהאלטען אין זיך ווענינ לאים, מוזען מיר געבען דער הוהן אזא זאך וואָס איז רייך אין לאים, און מען האָט אויסגעפונען, אז די בעסטע לאים צוליעב דער שאָלעכץ פון אן איי געפינט זיך אין די אָיסטער שעלס. דעריבער זאָל מען דאָס אימער האלטען אין א בעזונדער קעסטעל, אז די היהנער זאָל קענען עסען ווען זיי ווילען.

אויב מען קאָן ניט באַקומען קיין איסטער שעלס, זאָל מען גע־בען צוברעקעלטע לאימסטאָן (קאלך־שטיינער).

טרוקענע ביינער — געמאָהלענע זיינען אויך גוט צוליעב די לאים, וואָס זיי ענטהאלטען. מען דאַרף אָבער געבען דערפון נאָר צו ביסלעך.

גריט — ווערט אָנגערופען גראבער זאמד, און דאָס דאַרף מען אימער האלטען אין א באזונדער קעסטעל, אז די היהנער זאָלען

קאָנען געניסען דערפון ווען זיי ווילען. אזוי ווי די הוהן האָט דאָך ניט קיין צייהן צו קייען איהר עסען, האָט די נאטור זי פארזאָרגט מיט צוויי זאכען: ערשטענס, האָט זי א קראָפּ, וואו די שפּייז ווערט פארהאלטען און ווערט צואווייקט איידער עס קומט אין מאָגען; און צווייטענס האָט די הוהן צוויי מאָגענס, איינער פון זיי איז דאָס וואס די ווייבער רופען „פּופּיק“, אין ענגליש הייסט עס „גיזארד“. ווען מען עפּענט א פּופּיק, זעהט מען אז ער איז אינוועניג צוקנייטשט און הארט, און איז פול מיט זאמד, מיט קליינע שטיינדלעך און אפילו מיט שטיקלעך גלאָז. די הארטע מוסקלען פון דעם פּופּיק ארבייטען אימער שטארק און צומאָהלען דעם עסען, און דער אינסטינקט פון דער הוהן לערענט זי צו כאַפּען א שטיינדעלע אָדער א זעמדעלע, וועלכע העלפען דעם מאָגען צורייבען די שפּייז. די היהנער, וואָס האָבען ניט קיין גריט, זיינען זייערעביינער שוואכע.

קויהלען פון האלץ — האָבען אן אייגענשאַפט צו רייניגען דעם מאָגען פון שלעכטע גאזען און פון זויערקייט. אין אלגעמיין העלפט עס, אז דער מאָגען זאל בעסער קאָכען, דעריבער זאָל מען אימער האלטען אין א באזונדער כלי צוריבענע האָלץ-קויהלען. עס איז גוט צונויפלעגען די קויהלען אין א בארג און אָנצינדען זיי, און לאָזען ברענען ביז זיי ווערען גוט רויט, און דאן באגיסען זיי מיט וואסער.

זאלץ און פעפער. — די היהנער דארפען זאלץ. פינף אונסעס זאלץ איז גענוג אויף יעדערע הונדערט פונט שפּייז. קליינע היהנדעלעך ביז זיי ווערען אלט צוויי מאָנאטען זאָל מען ניט געבען קיין זאלץ. געזאלצענע פלייש אדער פיש, זאָל מען קיינמאָל ניט געבען די היהנער. קיין פעפער דארף די הוהן ניט האָבען. סיידען, ווען זי איז פארקיהלט, איז אמאָל גוט צו געבען עטוואָס פעפער אין איהר שפּייז.

64. טרוקענע אָדער פייכטע שפּייזען. — פיעלע פון די גרעסטע אויטאָריטעטען האָבען זיך איבערציינגט, אז עס איז פּראקטישער און עקאָנאָמישער צו געבען די היהנער נאר טרוקענע שפּיי־

זען. מען האט אויסגעפונען, אז פון טרוקענע שפייז לעגען די היה־
נער מעהר אייער, און די אייער זיינען בעסער צוליעב אויסבריהען,
און דאס פארהיט די היהנער פון מאגען קראנקהייטען. אין פאר־
שפארט פיעל ארבייט. פייכטע מעש איז נאר גוט צוליעב פעט מא־
כען עופות. אין די געגענדען, וואו עס איז זעהר קאלט ווינטער־
צייט, איז גוט אמאל צו געבען א ווארימע מעש, און אייניגע ראטהען
צו געבען א פייכטע מעש דריי מאל אין וואך. א פייכטע מעש דארף
מען מאכען אזוי, אז דאס זאל זיך ברעקלען. דאס זאל נים זיין
צו נאס, און צו יעדען מאל זאל מען מאכען פרישע. אייניגע גיבען
די פייכטע מעש פאר־נאכט, און נאכהער גיט מען גאנצע קערנער
אין די אונטערבעטונג. אנדערע גיבען די פייכטע מעש אין דער
פריה ווען די היהנער געהען אראב פ:ן די רוסטס, אבער מען גיט
זיי גאנץ ווייניג, בערך איין פונט מעש אויף פופצעהן אדער צוואנ־
ציג היהנער. זיי מוזען בלייבען הונגעריג, און דאן וועלען זיי זוכען
די קערנער וואס מען וועט אריינשיטען אין די אונטערבעטונג.
אויב זיי וועלען אבער אין דער פריה אנעסען זיך מיט די פייכטע
מעש, וועלען זיי בלייבען אהן באוועגונג, און דאס איז שעדליך
פאר זיי. די בעסטע זאך איז, אז מען זאל געבען די פייכטע מעש
ארום האלבען טאג.

אויב די היהנער זיינען געוואהנט צו פייכטע מעש, און מען
וויל אנפאנגען געבען זיי נאר טרוקענע, זאל מען ביסלעכווייז מא־
כען די מעש אלץ געדיכטער און געדיכטער, ביז זיי וועלען זיך צו־
געוואהנען צו טרוקענע.

געקאכטע שפייז. — געקאכטע שפייז פאר היהנער
איז נים גוט, סיידען נאר די שפייזען וועלכע בלייבען פון דעם
אייגענעם טיש.

65. וויפיעל קאן א הוהן אויפעסען. — א געזונטע הוהן
האט א גוטען אפעטיט, נאר צופיעל וועט זי נים עסען. סיידען,
ווען זי האט געהונגערט, קאן זי נאכהער צוכאפען זיך און איבער־
עסען זיך.

די גרויסע אזיאטישע הוהן קאן אויפעסען אין א טאג אכט

אונסעם שפייז. די היהנער פון מיטעלער גרויס, ווי די אמעריקאַ־נער, קאָן א הוהן אויפעסען ביז זעקס אונסעס אין א טאָג. און די קלענערע סארטען, ווי די מיטעללענדישע, וועט א הוהן אויפ־עסען פיער אונסעס אַ טאָג. אין קארנעלער אגריקולטור קאלעדזש האָט מען אויסגעפונען, אז די קלענערע סאָרטען היהנער, די לעג־הארנס, האָט אין א יאָהר צייט יעדע הוהן אויפגעגעסען ביז 82 פונט אלע שפייזען צוזאמען, דאָס הייסט, ביינאהע פיער אונסעס א טאָג. און די גרעסערע, די פלימוט ראקס, האָבען אויפגעגעסען ביז 114 פונט, דאָס הייסט, ביז פינף אונסעס אַ טאָג.

די היהנער דארפען האָבען אָפענע האפערס מיט די פארשיע־דענע מעהלען, און דערצו זאָל מען זיי געבען גאַנצע קערנער. פאר די גרעסערע היהנער גיט מען ביז 18 פונט קערנער אויף הונדערט היהנער א טאָג, און פאר די קלענערע איז גענוג ביז פופצעהן פונט קערנער. א דריטעל פון די קערנער גיט מען אין דער פריה און צוויי דריטעל גיט מען פארנאכט, מיט איניגע שטונדען פריהער איידער זיי קריכען אויף די רוסטס.

פראָפעסאָר לואיס שרייבט, אז מען זאָל די היהנער געבען גאַנ־צע קערנער ווי פאָלגט: אין די מאָנאַטען: נאָוואָעמבער, דעסעמבער, יאנואר און פעברואר. צו 12 פונט א טאָג אויף יעדערע הונדערט היהנער, דערפון גיט מען פיער פונט אין דער פריה און אכט פונט פאר־נאכט; אין די מאָנאטען: מארטש, אפריל און מאַי צו צעהן פונט א טאָג, פיער פונט אין דער פריה און זעקס פונט פאר־נאָכט: אין יון און יול אכט פונט א טאָג דריי אין דער פריה און פינף פאר־נאכט; אין אויגוסט זעקס פונט א טאָג, צוויי אין דער פריה און פיער פאר־נאכט; אין סעפטעמבער און אָקטאָבער צו פינף פונט א טאָג, צוויי פונט אין דער פריה און דריי פונט פאר־נאכט. זיי פראקטיצירען עס מיט די לעגהאָרנס. פאר די גרעסערע היהנער דארף מען מעהר.

די טרוקענע מעהלען קאָנען 100 היהנער אויפעסען פון 5 ביז 8 פונט א טאָג.

ווען די היהנער לעגען ניט קיין אייער, זאָל מען זיי אויך גע־

בען די ריכטיגע שפייזען. אויב מען וועט זיי ניט געבען עסען ווי געהעריג, וועלען זיי נאך לענגער ניט לעגען קיין אייער.

מען זאל ניט האלטען צוזאמען גרויסע און קליינע סארטען היהנער, ווייל די קלענערע סארטען זיינען שנעלער, און קאנען אריינכאפען צוויי און דריי קערנער ביז די שווערע הוהן כאפט איין קערענדעל.

66. **ליכטיגקייט פאר די היהנער ביי דער נאכט.** — אין די ווינטערדיגע קורצע טעג האט ניט די הוהן גענוג צייט דורכ'ן טאג, אז זי זאל קאנען אויפעסען גענוג שפייז, וויפיעל עס פאדערט זיך צוליעב אויפהאלטען דעם קערפער אין א געזונטען צושטאנד, און דערצו נאך זאל זי האבען גענוג מאטעריאל צו פראדוצירען אייער; און מיט פיעלע היהנער טרעפט, אז זיי האבען ניט גענוג שפייז אפילו אויפצוהאלטען זייער קערפער אין א געזונטען צושטאנד, און דאריבער טרעפט אזוי אפט, וואס די היהנער קרענקען ווינטער־צייט.

פיעלע עקספערימענטען האבען באוויזען, אז דארט, וואו מען האט ליכטיג געמאכט אין די היהנער הייזער ביי־דער־נאכט, האבען די היהנער ניט נאר געלעגט פיעל מעהר אייער, נאר זיי זיינען געווען געזינטער און שטארקער פון די אנדערע היהנער, און האבען פיעל ווענינער געליטען פון קראנקהייטען; און די היהנער, וועלכע האבען גאר ניט געלעגט קיין אייער, האבען אנגעפאנגען צו לעגען: אזן דער ברידינג סטאק, דאס מיינט די היהנער, וועלכע מען האלט צוליעב אויסבריהען זייערע אייער, ווען זיי האבען געהאט ליכטיגקייט ביי־דער־נאכט, זיינען זייערע אייער געווען מעהר פרוכטבאר און בעסער צום אויסבריהען; און די יונגע היהנער, וועלכע זיינען געווען אין הערבסט ניט גענוג ענטוויקעלט, זיינען שנעלער ענטוויקעלט געווארען און האבען אנגעפאנגען צו לעגען אייער פריהער פון אנדערע.

די היהנער הייזער קאן מען באלייכטען מיט עלעקטרישע ליכט, אדער מיט א לאמפ מיט קעראסין, און דאס גלייכען. דער הויפט איז נאר, אז די היהנער זאלען גיט זעהען וואס צו עסען. עלעקט־

רישע ליכט איז געווים מעהר באקוועמליך, מען דארף ניט מורא האבען פאר א פייער, און צום ענדע קאסט עס ביליגער איידער אנדערע באלייכטונגען. אויב מען האט ניט נאהענט, פון וואנען מען קאן צופיהרען די עלעקטרישע ליכט, דאן, אויב מען האט טויזענד אדער מעהר היהנער, לוינט זיך אריינצושטעלען אן אייגע־נע עלעקטרישע באלייכטונג, וועלכע קאן קאסטען פון 500 ביז 800 דאלאר. מען דארף געברויכען אמוועניגסטען א 40 וואט עלעקטריק לעמפ אויף יעדערע הונדערט היהנער, אבער אן 80 אדער 90 וואט קאן זיין זאל זיך בעסער באצאהלען.

אויב מען האט ניט קיין עלעקטרישע באלייכטונג, זאל מען געברויכען די לאנטערנעס, וועלכע ברענען מיט געזאלין, און זיינען פארהיט פון צו מאכען א שרפה (פייער). אזא לאנטערן קאסט פון פינף ביז פופצעהן דאלאר. איין לאנטערן קאן באלייכטען א צימער פון הונדערט היהנער.

מען קאן אויך געברויכען געוועהנליכע קעראסין לאנטערנעס, וועלכע האבען רעפלעקטארס. די געוועהנליכע בארן לאנטערנעס דארף מען פון צוויי ביז פיער אויף א צימער פון הונדערט היהנער.

ווען מען דארף אויסלעשען די ליכטיגקייט, זאל מען ניט מא־כען מיט אמאל פינסטער, נאר מען זאל איבערלאזען א קליין פייע־רעל ביז די היהנער וועלען זיך זעצען צוריק אויף זייערע פלעצער.

אין וועלכע שטונדע צו מאכען ליכטיג איז ניט וויכטיג, אבער עס איז זעהר וויכטיג צו וויסען ווי לאנג אנצוהאלטען די ליכטיג־קייט יעדער נאכט. אין אלגעמיין איז גוט, אז די היהנער זאלען בייטאג־נאכט האבען אזוי פיעל שטונדען ליכטיגקייט, אז צוזאמען מיט'ן טאג זאלען זיי האבען פון 14 ביז 15 שטונדען ליכטיגקייט. צום ביישפיעל, אין הערבסט, ווען עס ווערט נאכט זעקס א זייגער, און עס ווערט טאג זעקס א זייגער, הייסט עס, אז די היהנער האבען נאר צוועלף שטונדען ליכטיגקייט. דאן מוז מען מאכען ביי־דער־נאכט ליכטיג פון צוויי ביז דריי שטונדען; די ליכטיגקייט קאן מען מאכען באלד אין אוונט, אדער אין דער פריה איידער עס ווערט טאג, אדער מען צוטיילט אויף צוויי מאל: אין אוונט 1½ שטונ־

דע און פאר־טאג, 1½ שטונדע. א פארמער, וועלכער דארף באַ־
לייכטען מיט לאנטערנעס, און פאר איהם איז שווער אויפצושטעהן
איינינגע שטונדען פאר־טאג, קאן ער מאכען די ליכטיגקייט אין
אווענד; פאר די פארמער, וועלכע דארפען אויפשטעהן פאר־טאג
צוליעב די קיה, איז בעסער צו מאכען די ליכטיגקייט האלב אין
אווענד און האלב פאר טאג; און פאר די, וואס האבען עלעקטרישע
באלייכטונג, איז די בעסטע צייט פאר־טאג. זיי קאנען מאכען, אז
די עלעקטרישע ליכט זאל זיך אליין אויטאמאטיש אנצינדען אין
א געוויסער שטונדע. מען דארף נאר אין אווענד צוגרייטען עסען
און טרינקען פאר די היהנער. איבערהויפט דארף מען זיי צוגריי־
טען די גאנצע קערנער אין די אונטערבעטונג. ווען עס איז זעהר
קאלט, קאן מען האבען א היטער, וועלכער איז פאראייניגט מיט'ן
פאונטיין פון די וואסער, און דאס וועט מאכען אביסעל ווארימער
די וואסער, ווייל גאנץ קאלטע וואסער קאנען די היהנער ניט טרינ־
קען גענוג.

מען זאל קיינמאל ניט מאכען, אז די היהנער זאלען האבען
ליכטיגקייט מעהר פון פופצעהן שטונדען אין מעת לעת, ווייל ווען
זיי וועלען האבען מעהר שטונדען צום עסען, וועט עס געוויס זיי
שאדען אין פיעלע הינזיכטען.

פיעלע פארמער באנוצען זיך מיט געמאכטע ליכטיגקייט נאר
איין שטונדע אין אבענד. זיי מאכען ליכטיג פון אכט ביז ניין
אזייגער און לאזען די היהנער עסען א גאנצע שטונדע.

אנפאנגען און אויפהערען צו מאכען די ליכטיגקייט זאל מען
ביסלעכוויין.

פאר'ן ברידינג סטאק זאל מען אנפאנגען צו מאכען ליכטיג אין
דעם מאנאט יאנואר, און ניט פון אנפאנג ווינטער.

67. **ריינקייט, געשמאַקייט און פינקטליכקייט אין עסען.**
— דאס עסען פאר היהנער מוז זיין אבסאלוט ריין און פריש. א
שפייז, וואס איז פארשימעלט (מאולדי), אדער זויער געווארען זאל
מען קיינמאל ניט געבען די היהנער. צוגעפוילטע גארטענווארג אדער
פרוכטען זאל מען זיי אויך ניט געבען, ווייל פון די אלע זאכען

וועלען זיי געוויס קראנק ווערען. די כלים, פון וועלכע די היהנער עסען און טרינקען, מוזען אויך אימער ריין זיין. די געשמאקייט פון די שפייז שפיעלט אויך א וויכטיגע ראָליע. די שפייז קאן ענטהאלטען אלע נויטיגע עלעמענטען, און דאָך וועלען די היהנער ניט לעגען גענוג אייער, ווייל זיי האָבען ניט ליעב די שפייזען.

פינקטליכקייט אין דעם עסען, אז מען זאָל זיי געבען עסען אימער אין דער זעלבער צייט, שפיעלט א וויכטיגע ראָליע. ווען מען זאָל ניט אָבהיטען אלע טאָג די זעלבע צייט, וועלען די היהנער אָנפאנגען צו קרענקען ,און קיין אייער וועלען זיי געוויס ניט לעגען ווי געהעריג.

68. **שפייז אין די אונטערבעטונג.** — באוועגונג פאר א הוהן איז זעהר נויטיג· ערשטענס, ווייל פון דער נאטור האָט זי ליעב צו באוועגען זיך זעהר פיעל; צווייטענס, ווייל זי האָט ניט קיין צייהן, און ניט צוקייטע עסענס זיינען שווער פאר דעם מאָגען איבערצוקאָכען, נאָר איהרע שטארקע באוועגונגען העלפען, אז דער מאָגען זאָל בעסער קאָכען; און דריטענס, פון באוועגונג ווערט איהר קערפער ווארימער, און די ווארימקייט איז נויטיג צו פראָדוצירען אייער. דאָס איז א פאקט, אז די הוהן, וואָס האָט ווייניג באוועגונג, איז זי שוואך, זי ליידעט פון מאָגען קראנקהייטען, און דאָס גלייכען, זי קאָן ניט לעגען גענוג אייער, און איהרע אייער זענען קלענער און ווייניגער פרוכטבאר, און די היהנדעלעך, וואָס קומען ארויס פון די אייער, זיינען שוואכע. אויב די הוהן איז פון דער נאטור א שטארקע, און וועט איבערטראָגען א לעבען אָהן באוועגונג ,וועט זי פעט ווערען און אויפהערען צו לעגען אייער. ווען מען האלט די היהנער פארשפארט אין זייערע הייזער, מוז מען זיי פארזאָרגען מיט באוועגונג, און צוליעב דיעזען צוועק מוז מען שיטען די קערנער אין טיעפע אונטערבעטונג, וועלען זיי מיט פארגעניגען ארבייטען צו געפינען די קערנער. וועגען אונטערבעטונג זעה פאראגראף 39.

69. **רייזשאָנס פאַר היהנער וועלכע לעגען אייער.** — א רייזשאָן מיינט .א באַשטימטע וואָג אָדער מאָס פון שפייז שטאָפען.

וואס ווערט צוגעגרייט צום עסען. אין דער ביילאגע צו דיזען בוך איז פאראן א טאבעלע פון אלע שפייז שטאפען, וועלכע מען קאן געברויכען צוליעב היהנער, און יעדער איינער, וואס קאן אריפ־מעטיק, וועט קאנען אויסרעכענען און צוזאמענשטעלען א ריכטיגע ריישאן, אין וועלכער עס זאלען זיין פראפארציאנעל אלע נויטיגע עלעמענטען. (זעהט פאראגראף 238). נאר אום צו פארמיידען די ארבייט אויסצורעכענען, גיבען מיר דא פארטיגע אויסגערעכענטע ריישאנס, וועלכע האבען געגעבען די בעסטע רעזולטאטען. די וואג פון די פראדוקטען, וואס איז אנגעוויזען אין די פאלגענדע רייישאנס, קען פארגרעסערט ווערען אדער פארקלענערט ווערען, ווי ווער עס וויל, יעדער פראדוקט זאל זיין פראפארציאנעל ווי עס איז אנגעוויזען אין דעם ריישאן. צום ביישפיעל, אין דעם ערשטען ריישאן איז אנגעוויזען ווייץ און קארן יעדע צו 60 פונט, האבער און באקהוויט צו 30 פונט, קען מען נעהמען ווייץ און קארן צו 6 פונט און האבער מיט באקהוויט צו 3 פונט, און דאס גלייכען.

קארנעלער עקספערימענט סטיישאן רעקאמענדירט פאלגענדע ריישאנס, איבערהויפט פאר די איסטערן סטייטס:

גאנצע קערנער מישען זיי.
ווייץ — 60 פונט.
קארן — 60 פונט.
האבער — 30 פונט.
באקהוויט — 30 פונט.

די גאנצע קערנער געבען זיי אין דער פריה און פאר־נאכט.

אין האפערס וועלכע זיי האלטען אפען נאר נאך האלבען טאג, האלטען זיי פאלגענדע שפייזען:

קארן מיעל — 60 פונט.
ווייצענע מידלינגס — 60 פונט.
ווייצענע קלייען — 30 פונט.
אלפאלפא מיעל — 10 פונט.
איל מיעל — 10 פונט.

ביעף סקרעפס — 50 פונט.

זאלץ — 1 פונט.

אלס גרינסען גיט מען קרויט, בוריקעס, געשפראצטען האבער, גרינעם קלאווער, און ד. ג. די גרינסען גיט מען ארום האלבען טאג. פיעל זיי קאנען אויפעסען אין א קורצע צייט.

אויסטער שעלס, גריט און פוישע וואסער געפינט זיך אימער.

די ניו דזשוירזי עקספערימענט סטיישאן האלט אין אפענע האפערס פאלגענדע שפייזען:

100 פונט ווייצענע קלייען.

100 פונט ווייצענע מידלינגס.

100 פונט געמאהלענעם האבער.

100 פונט קארן מיעל (מעהל פון קוקורוזע).

100 פונט א הויכען טארט מיט סקרעפס.

דערצו גיבען זיי אין דער פריה און פארנאכט פאלגענדע געמישטע שפייזען:

100 פונט ווייץ.

100 פונט געקרעקטען קארן.

100 פונט שווערען האבער.

מעין עקספערימענט סטיישאן שרייבט אז די פאלגענדע רייזשאנס זיינען געברויכט געווארען מיט ערפאלג אין די קאלטע געגענדען פאר היהנער, וואס דארפען זיך לעגען ווינטער־צייט:

אין דער פריה גיט מען געקרעקטען קארן, פיער קווארט אויף הונדערט היהנער. צווישען צעהן און צוועלף אזייגער גיט מען גלייכע טיילען ווייץ און האבער, פיער קווארט אויף יעדע הונדערט היהנער.

די פאלגענדע שפייזען האלט מען אין אפענע האפערס:

ווייצענע קלייען — 200 פונט.

קארן מיעל — 100 פונט.

א נידעריגען סארט מעהל — 100 פונט.

גלוטאן מיעל — 100 פונט.

מיט סקרעפס — 100 פונט.
לינסיד מיעל — 50 פונט.

אין דעם צווייטען האלבען ווינטער גיבען זיי די לינסיד מיעל איין מאָנאט און א צווייטען מאָנאט לאָזען זיי עס דורך.

אלס גרינסען גיבען זיי געשפּראָצטען האָבער, קרויט, בוריקעס, אָדער די אַלע זאכען צוזאמען געמישט. דאָס גיט מען איין מאָל אין טאָג. גריט און וואסער געפינט זיך אימער.

70. מען מוז האָבען אייגענעם שכל. — ווען מיר פאר־שטעהן שוין אין אַלגעמיין די פּרינציפּען פון עסען, און ווען מיר ווייסען שוין די פאָדערונגען פון די היהנער, און מיר האָבען א טאבעלע, וועלכע ווייזט דעם אינהאַלט פון יעדער שפּייז שטאָף, דאן קאָן יעדער איינער אויסגעפינען וואָס עס לוינט זיך בעסער צו געבען עסען די היהנער. די פּרייזען פון די שפּייז פּראָדוקטען שפּיעלען א גרויסע ראָליע. מען קאָן גאַנץ אָפט פאַרבייטען איין פּראָדוקט אויף א צווייטען, וועלכער קאָסט ביליגער און ברייננט די זעלבע נוצען. יעדער איינער, וואָס באשעפטיגט זיך מיט עופות מוז גוט בעאָבאכטען וואָס פאר א ווירקונג דער פּראָדוקט האָט אויף די היהנער, און אויסרעכענען, וואָס עס לוינט זיך בעסער, און זעהן, אַז זיי זאָלען האָבען די אַלע פארשיעדענע שפּייזען.

71. טרינקען פאַר היהנער. — מיר דארפען ניט פארגע־סען, אַז א דוצענד אייער ענטהאַלטען אין זיך אַ האלבע קוואָרט וואסער, און, אויב די הוהן וועט ניט האָבען גענוג וואסער צום טרינקען, מעג זי האָבען די בעסטע שפּייזען, וועט זי דאָך ניט קאָנען פּראָדוצירען גענוג אייער. פאַר הונדערט היהנער פון די גרעסערע סאָרטען דארף מען פופצעהן קוואָרט וואסער א טאָג, און פאַר די קלענערע סאָרטען איז גענוג צוועלף קוואָרט וואסער. זומער מוז מען זיי געבען עטליכע מאָל אין טאָג פרישע ריינע וואסער. אויב זיי וועט פעהלען וואסער, וועלען זיי אָבזוכען שמוציגע וואַ־סער, וועלען דערפון טרינקען, און וועלען געוויס קראנק ווערען. ווינטער דארף מען גאַנץ פריה אָנפילען די כלים מיט וואסער. אויב עס פריהרט ניט זאָל מען בעסער אין אָוונט אָנגרייטען וואסער.

דאַן ווען זיי וועלען זיך אויפכאפּען גאנץ פריה און אָנפאנגען צו עסען פון די אָפענע האפערס וועלען זיי האָבען א טרונק, ווייל, ווען זיי עסען די טרוקענע מעהלען, ווילען זיי טרינקען זעהר פיעל. ווען עס איז זעהר קאַלט, קאָן טרעפען, אז מען זאָל דארפען אביסעל אָנוואַרימען דאָס וואסער, ווייל גאַנץ קאַלטע וואסער וועלען זיי ניט קאָנען טרינקען פיעל זיי ווילען. קיין שנעע אנשטאט וואסער זאָל מען זיי קיינמאָל ניט געבען.

דאָס וואסער מוז אימער זיין אבסאָלוט ריין. מען זאָל געברויכען פאונטיינס (זעה § 41). איידער מען גיסט אריין פרישע וואַסער זאָל מען צו יעדער מאָל גוט אויסשווענקען די כלים. און אַמווייניגסטען איין מאָל אין מאָנאט זאָל מען זיי אויסבריהען מיט זודיגע וואסער.

פיעלע מאָל קאָן טרעפען, אז דאָס וואסער זעהט אויס ריין, אָבער דאָס ענטהאלט אין זיך באצילען, פון וועלכע עס ענטוויקלען זיך קראַנקהייטען, דאריבער איז ראַטהזאם, אז מען זאָל געברויכען פּאַטעסיאום פּערמאנגאנייט. דאָס קויפט מען איין אפּטייק. אַ טעעלעפעלע דערפון איז גענוג אויף פינף גאלאָן וואסער. נאָר בעסער איז, אז מען זאָל אריינשיטען אין אַ גרויסען פלעשעל פּאָטעסיאום פּערמאנגאנייט ביז דאָס פאַרדעקט דעם דעק אין פלעשעל אויף איין אינטש גראָב, און מען גיסט עס אָן מיט וואסער, און מען לאָזט עס שטעהן ביז דער גרעסטער טהייל פון די קרסיטעלס צוגעהן, און דאָס וואסער בעקומט א קאָליר פון וויין. פון דיעזער פליסיגקייט נעהמט מען איינע אָדער צוויי טעע לעפעלעך אויף צעהן קוואָרט וואסער צום טרינקען. דאָס פלעשעל קאָן מען אימער דערגיסען און אריינשיטען אַביסעל פרישע פּאָטעסיאום פּערמאַנגאנייט, וועלכע זאָל צודעקען דעם דעק און א טהייל פון די קריסטעלס זאָלען בלייבען ניט צוגאנגען.

## קאַפּיטעל 5.

# די פאַרמעהרונג פון עופות

72. **ערבשאַפט.** — ערבשאַפט מיינט, וואָס די אייגענשאַפט פון די עלטערען געהן איבער אויף די קינדער. פון קראַנקע, שוואַכע עלטערען וועלען געוועהנליך זיין שוואַכע, קראַנקע קינדער. ווען מיר וועלען נעהמען אייער פון שוואַכע אַלטע היהנער און העהנער, וועלען פיעלע היהנדעלעך שטאַרבען אין דעם איי, און די היהנדעלע, וואָס וועט ארויס פון דעם איי, וועט זיין שוואַך און וועט שטאַרבען יונגערהייט, און, אויב זי וועט בלייבען לעבען, וועלען אַלע קראַנקהייטען קלעפּען זיך צו איהר. און ניט נאָר די שוואַכקייט און שטאַרקייט פון קערפּער געהט איבער פון האָהן מיט דער היהן אויף די היהנדעלעך, וועלכע קומען ארויס פון זיי, נאָר אויך די אייגענשאַפט צו לעגען פיעל אייער געהט איבער בירושה פון




די צוקינפטיגע עלטערען.

די עלטערען. דעריבער איז זעהר וויכטיג, אז מען זאָל נעהמען איי־ער נאָר פון אזא הוהן, וועלכע לעגט פיעל אייער, און נאָך וויכטי־גער איז, אז דער האָהן, וועלכער פאראייניגט זיך מיט דער הוהן. זאָל ארויסקומען פון א הוהן, וועלכע האָט געלעגט פיעל אייער.



פיער היהנדעלעך פון זעלבען סאָרט, אלע אין איין צייט אויסגעבריהט, ווערען אלע גלייך אבגעהיט מיט אלעס, און דאָך ווי גרויס איז דער אונטערשיעד צווישען זיי, ווייל איניגע פון זיי זיינען ארויסגעקומען פון שוואַכע עלטערען.

73. דער האָהן. — א הוהן לעגט אייער אָהן דעם צוזאמענ־קומען זיך מיט א האָהן. אָבער די אייער צום אויסבריהען מוזען באפרוכטבארט ווערען פון א האָהן. דאָס מיינט, אז א האָהן זאָל זיך פאראייניגען מיט דער הוהן. ניט יעדער האָהן אָבער איז גוט צוליעב דיעזען צוועק. דער האָהן, וואָס דאַרף זיין דער פאָטער פון דעם צוקינפטיגען דור, מוז זיין ווי מיר האָבען אויבען דער־מאָהנט (72§) אַ מיוחס פון דער מוטער'ס צד, און דערצו מוז ער זיין פאָלקאָם געזונט און שטאַרק, נאָר ניט צו פעט. ער דאַרף האָ־בען אַ קורצען און קייליכדיגען קאָפּ, א פולען און ברייטע ברוסט, געזונדע און שטאַרקע פיס, קלאָרע ניט קיין איינגעפאַלענע אויגען,

א רויטען קאם און גלאנצענדע פעדערען. דער געזונטער האהן איז אימער פרעהליך, לעבעדיג, פול מיט באוועגונג, ער געהט ארום מיט א ברייטקייט שטעלט פעסטע טריט, פאררייסענדיג העם קאפ מיט גדלות און שרייט אויס מיט א ריינער, היל־כיגער שטימע: „קו־קו רו־קו!"


דער געזונטער, שטארקער האהן.

דער גוטער האהן, ווען ער קומט אריין צווישען היהנער, וואו עס געפינט זיך אן אנדער האהן, וועט ער אנפאנגען מלחמה האלטען (פייטען זיך) מיט'ן צווייטען האהן ביז ער באקעמפפט איהם. און אין דער געזעלשאפט פון זיינע ליידיס־היהנער איז ער זעהר א העפליכער קא־וואליער. ער קאן זיין דער גרעסטער באנדיט, וואס ביי איהם איז א שפילכעל צו בלוטיגען זיי־נעם א חבר, אבער מיט די דאמעס איז ער גאלאנט און צערטליך. ווען ער זוכט אב א גוטען ביסען, רופט ער באלד צונויף זיינע דא־מעס און גיט זיי אוועק דאס עסען.

אויב א האהן האט ניט די אלע אויבעדערמאהנטע מעלות, מעג מען זיין זיכער, אז ער טויג נאר אויף כפרות.

א האהן, וואס איז אמאל קראנק געווען, אבוואהל ער האט זיך אויסגעהיילט, זאל מען איהם ניט פאראייניגען מיט די היהנער.

פון העהנער, וועלכע זיינען אינגער פון צעהן מאנאטען, אדער עלטער פון צוויי יאהר, וועלען געוועהנליך ארויסקומען שוואכע

היהנדעלעך. סיידען א האהן, וועלכער איז זעהר א גוטער, קאן מען האלטען ווען ער איז עלטער פון צוויי יאהר. פון פיעלע עקספערימענטען האט מען אויסגעפונען, אז עס איז בעסער צו פאראייניגען די יונגע העהנער מיט די עלטערע היהנער, און די עלטערע העהנער מיט די יונגע היהנער. נאר גאנץ גרויסע העהנער זאל מען ניט לאזען מיט די קליינע היהנער.

א האהן, וואס האט געלעבט ווי ז׳ מאנאר, אהן די געזעלשאפט פון היהנער, איז געוועהנליך ניט גוט צוליעב פאראייניגען מיט די היהנער, און אויב ער איז א לאנגע צייט מיט היהנער ווערט ער אבגעשוואכט, און פיעלע אייער, וואס די היהנער וועלען לעגען, וועלען זיין ניט פרוכטבאר. דעריבער איז ראטהזאם, אז פון צייט צו צייט זאל מען איהם פארשפארען אין א באזונדער צימער, וואו ער זאל ניט זעהען און ניט הערען פון די היהנער, און דארט זאל מען איהם געבען גוט עסען מיט גענוג ביף סקרעפס און גרינסען.

א מאל טרעפט, אז א האהן זאל זיך אויסקלייבען א פאר היהנער און מיט די אנדערע איז ער פון וויטען, דעריבער איז ראטהזאם, אז מען זאל בייטען די העהנער צוויי מאל א וואך פון איין צימער אין א צווייטען. אין אלגעמיין איז בעסער צו האלטען נאר איין האהן מיט די היהנער, ווייל צוויי העהנער וועלען זיך ארומרייסען און דערפון קאן קיין גוטס ניט ארויסקומען (זעה §38).

74. די הוהן. — די הוהן, פון וועלכער מען דארף נעהמען די אייער צוליעב אויסבריהען, מוז זיין אבסאלוט געזונט און שטארק. זי דארף זיין גרעסער פון די אנדערע היהנער פון דעם זעלבען סארט. איהר קאפ דארף זיין קורץ און קיילעכדיג, דער שנאבעל קורץ און שטארק, די אויגען קלארע, ריינע, פולע, ניט איינגעפאלענע, דער קאם א רויטער, דער גאנצער קערפער לאנגליך און קיילעכדיג, די ברוסט פול און ברייט, די פיס געזונדע, שטארקע, ניט צו לאנג און ניט צו קורץ און זיי זאלען זיין גוט צושפרייט, די פעדערען דארפען זיין גלאט און גלאנצענד, דער קראפ גוט ענטוויקעלט, און די ביינער, צווישען וועלכע דאס איי געהט ארויס, דארפען זיין ווייט איינע פון די אנדערע ווי די ברייט פון צוויי פינ־



צוויי וויענדאטס, איינע א שטארקע,
די צווייטע א שוואכע.

גער. די גוטע הוהן דארף האבען א גוטען אפעטיט. זי שלאפט ניט צו לאנג, זי באוועגט זיך אימער און האט ליעב צו זינגען (זעה § 161).

היהנער, וועלכע האבען אמאל געקריינקט, אדער אין דער צייט ווען זיי בייטען די פעדערען, זאל מען זייערע אייערע ניט נעהמען צוליעב אויסבריהען.

די בעסטע אייער צוליעב אויסבריהען זיינען פון די היהנער, וועלכע לעגען אייער דעם צווייטען סיזאן; דאס מיינט, ווען זיי זיינען באלד אלט צוויי יאהר. פון די אייער, וואס די יונגע היהנער לעגען דעם ערשטען יאהר, קומען געוועהנליך ארויס קלענערע און שוואכערע היהנדעלער. סיידען די יונגע הוהן האט אנגעפאנגען צו לעגען אייער פריה אין הערבסט, און האט זיך געלעגט א גאנץ ווינטער רעגולער, קאן מען איהרע אייער געברויכען צוליעב אויסבריהען. בעסער איז אבער פון עלטערע היהנער.

### 75. אויסקלייבען און האלטען דעם ברידינג סטאק. —

ברידינג סטאק מיינט עס די העהנער און היהנער, וועלכע מען האלט צוליעב פארמערהונג. אזעלכע העהנער און היהנער מוז מען אויסקלייבען די בעסטע; און די בעסטע צייט אויסצוקלייבען זיי איז דאן, ווען זיי זיינען אלט צעהן אדער צוועלף וואכען. אויב מען האט דאס דאן ניט געטהאן, זאל מען זיי אויסקלייבען פון אנפאנג ווינטער. אויב מען האט פון אנפאנג ווינטער אויך ניט אבגעקליבען, זאל מען דאס אמווענינגסטען טאן מיט א מאנאט פריהער איידער מען רעכענט אויסצובריהען די אייער. וועלכע אבצוקלייבען זעהט אין די פאראגראפען 73 און 74.

די אבגעקליבענע היהנער און העהנער זאל מען האלטען אין א באזונדער הויז מיט גענוג פרישע לופט, און יעדער הוהן זאל האבען

פיער סקווערס פּוס פון פלאָר. זיי מוזען האָבען אַלע שפּייזען ווי מיר האָבען געשריבען אין קאַפּיטעל 5. די פלייש און מילך פּראָדוקטען ווי אויך די גרינסען האָבען זעהר אַ גוטע ווירקונג אויף די פּרודוקטיוויטעט פון די אייער. אנשטאָט גרינסען איז פּאַר זיי גוט געשפּראָצטער האָבער (זעה §57). די קערנער זאָל מען שיטען אין ריינע אונטערבעטונג. דאָס באַוועגען זיך צו זוכען די קערנער האָט אַ גוטע ווירקונג אויף די אייער. ווען דער פראָסט איז ניט גרויס,



ברידינג סטאַק צוליעב פערמעהרונג.

זאָל מען זיי אַרויסלאָזען אין דרויסען. מען זאָל נאָר פריהער אָבשאַרען דעם שנעע, אָנשפּרייטען אַ ביסעל שטרוי און אריינשיטען קערנער.

76. פאַרוואַנדשאַפטליכע פּאָארונג. — פאַרוואַנדשאַפט מיינט עס, אַז די היהנער מיט די העהנער זיינען נאָהענטע פריינד. די וואָס גיבען זיך אָב צו ענטוויקלען אַ געוויסען שטאַם פון היהנער, אָדער די, וואָס האַלטען היהנער צוליעב אויסשטעלונגען, האָבען געוויסע מעטאָדען ווי אַזוי צו פאַראייניגען די פריינד. פאַר דעם דורכשניטליכען פאַרמער אָבער איז גענוג, אַז ער זאָל אָבקלייבען אַ האָהן פון דעם זעלבען שטאַם וואָס די היהנער זיינען. מען דאַרף נאָר אויסמיידען צו פּאָאַרען ברידער מיט שוועסטער, אָבער אַ פּאָטער מיט די טעכטער און אַ מוטער מיט די זיהן איז גוט צו פּאָאַרען.

77. פיעל היהנער מיט איין האָהן. — געוועהנליך קאָן אַ יונגער האָהן זיין מיט מעהר היהנער איידער אַן אַלטער האָהן. די גרויסע סאָרטען היהנער, ווי די אַזיאַטישע, פּאָדערען איין האָהן אויף יעדערע אַכט היהנער. פאַר די קלענערע סאָרטען, ווי די אַמעריקאַנער, קאָן איין האָהן זיין גענוג פאַר 10 אָדער 12 היהנער, און גאָר די קלע־

גערע סאָרטען היהנער, ווי די מיטעלעלנדירשע, קאָנען זיך באַני־
גענען מיט איין האָהן אויף 15 ביז 20 היהנער. ווען דאָס וועטער איז
קאַלט איז בעסער צו האַלטען ווענינער היהנער מיט איין האָהן.

די העהנער זאָל מען צולאָזען צו די היהנער מיט א מאָנאַט פריי־
הער איידער מען דאַרף די אייער אויסבריהען.

78. די פרוכטבאַרקייט פון די אייער. — אין יעדען איי איז
פאַראַן א דזשוירם, וועלכער האַלט זיך אן געלעכעל און איז נאָהענט
פון שאָלעכץ. דער דזשוירם ווערט פרוכטבאַר פון דעם האָהן. מיר
קאָנען אָבער ניט וויסען, וועלכעס איי איז פרוכטבאַר און וועלכעס
ניט, ביז דאָס איי פאַנגט אָן אויסצובריהען זיך.

פון אָנפאַנג, ווען מען פעראייניגט די העהנער מיט די היהנער,
זאָל מען די אייער ניט געברויכען צוליעב אויסבריהען, ווייל מען קאָן
ניט וויסען, ווען די הוהן נאָכ'ן פאַרייייניגען זיך מיט'ן האָהן פאַנגט
אָן צו לעגען פרוכטבאַרע אייער. גרויסע אויטאָריטעטען זאָגען, אז די
קלענערע היהנער, ווי די לעגהאָרנס, פאַנגען אָן צו לעגען פרוכטבאַרע
אייער אין זעקס טעג נאָכ'ן פאַראייניגען זיך מיט'ן האָהן; און די
גרעסערע סאָרטען היהנער, ווי די אַמעריקאַנער, פאַנגען אָן צו לעגען
פרוכטבאַרע אייער אין אַכט אָדער צעהן טעג נאָכ'ן פאַראייניגען זיך.
מיט גאָר יונגע היהנער קאָן טרעפען, אז דאָס זאָל געדויערען ביז
צוויי וואָכען.

עס טרעפט זעהר אָפט, אז פיעלע אייער זיינען גאָר ניט פרוכט־
באַר, דאָס מיינט, אז פון זיי וועט קיין היהנדעלע ניט ארויסקומען.
די אורזאַכען דערפון זיינען פאָלגענדע:

1) די היהנער אָדער העהנער זיינען צו אַלטע אָדער יונגע,
צו שוואַכע אָדער צו פעטע.

2) ווען די היהנער און העהנער האָבען ניט די ריכטיגע שפּיי־
זען, אָדער זיי האָבען ווענינ באַוועגונג.

3) ווען מען געברויכט די אייער אין גיכען נאָכ'ן פאַראייניגען
די העהנער מיט די היהנער, אָדער ווען עס זיינען צופיעל היהנער
מיט איין האָהן.

79. דערקאָנען דעם מין (געשלעכט). — אמאָל האָט מען

געגלויבט, אז פון דעם איי קאַן מען וויסען וואָס עס וועט ארויסקו־
מען, א היהנדעלע אָדער א העהנדעלע. איצטער האָט מען זיך איבער־
צייגט, אז די אַלע צייכענס זיינען ניט ריכטיג, און מען קאַן גאַר
ניט וויסען קוקענדיג אויף די אייער.

איניגע זאָגען נאָר, אז פון אָנפאנג סיזאָן, ווען די העהנער זיינען
שטארקער, קומען ארויס מעהר היהנדעלעך און ווען אַן עלטערער
האָהן איז מיט יונגע היהנער קומען אויך ארויס מעהר היהנדעלעך,
און פון א יונגען האָהן מיט היהנער וואָס זיינען עלטער פון צוויי
יאָהר קומען ארויס מעהר הענדעלעך. מיט זיכערהייט קאָן מען ניט
זאָגען וועגען דיעזע אַלע זאכען.

80. **די אייער צוליעב אויסבריהען.** — צום אויסבריהען
זיינען גוט נאָר געוועהנליכע נאָרמאַלע אייער, ניט צו לאַנגע און ניט
צו קיילעכדיגע, אונגעוועהנליך גרויסע אָדער קליינע, אָדער ווען די
פאָרמע פון דעם איי איז ניט נאָרמאַל, אָדער אויב אויף דעם שאַ־
לעכץ זיינען פאראַן ווייסע פלעקען זאָל מען ניט געברויכען צוליעב
אויסבריהען. אויב אָבער פון דעם זעלבען סאָרט היהנער לעגט איינע
גרעסערע אייער, זאָל מען בעסער געברויכען איהרע אייער, ווייל פון
גרעסערע אייער, אויב זיי זיינען נאָר נאָרמאַלע, וועלען ארויסקומען
גרעסערע און שטאַרקערע היהנדעלעך און וועלען פיעל שנעלער וואַק־
סען איידער די וואָס קומען ארויס פון קליינע אייער. אין אלגעמיין
איז ראטהזאם, אז צוליעב אויסבריהען זאָל מען נעהמען אייער, וועל־
כע וועגען 24 אונצעס א דוצענד.

אין קארנעלער קאלעדזש האָט מען אויסגעבריהט גרויסע, מי־
טעלע און קליינע אייער פון דעם זעלבען סאָרט היהנער. ווען די היינ־
דעלעך זיינען אַלט געווע 20 טעג האָבען די, וואָס זיינען ארויסגע־
קומען פון די גרויסע אייער, געוועגען מיט 15% מעהר פון די, וואָס
זיינען ארויסגעקומען פון די מיטעלע אייער, און מיט 30% מעהר פון
די, וואָס זיינען ארויסגעקומען פון די קליינע אייער.

די אייער זאָל מען צונעהמען פון נעסט באַלד נאָכ׳ן לעגען. אין
קאַלטען וועטער זאָל מען דריי מאָל אין טאָג בעזוכען די נעסטען און
זעהען פיליייכט האָט א הוהן געלעגט אן איי. ווען דאָס איי ווערט

שטארק אבגעקיהלט נאכ'ן לעגען, קען עס פערלירען די פרוכטבאר־קייט. די אייער זאל מען ניט שאקלען. מען לעגט זיי אריין אין א בעסקעט אדער אין א הילצערנער קעסטעל. אין קיין מעטאלענער אדער ליימענער כלי זאל מען זיי ניט האלטען. די כלים, אין וועלכע מען לעגט די אייער, מוזען זיין אבסאלוט ריינע, און שטעלען זאל מען זיי אין א ריינעם פלאץ, וואו עס איז ניט צו טרוקען און ניט צו פייכט. און וואו עס קומט אריין גענוג פרישע לופט, און די שטראהלען פון דער זון זאלען ניט פאלען אויף די אייער. אין דעם פלאץ, וואו די אייער ליגען, דארף די טעמפעראטור זיין פון 45 ביז 50 גראד פארענהייטס, דאס הייסט אויף דעם אמעריקאנער טערמאמעטער.

אויב די טעמפעראטור וועט זיין נידעריגער פון 40 אדער העכער פון 50, קאן טרעפען, אז די אייער וועלען זיך ניט אויסבריהען. דאריבער מוז מען האבען א טערמאמעטער אין דעם פלאץ, וואו די אייער שטעהען, אום צו זיין זיכער, אז די טעמפעראטור איז פון 45 ביז 50 גראד.

ביז דער צייט פון אויסבריהען זאל מען דריי מאל אין וואך אי־בערקעהרען די אייער. איינינגע קעהרען איבער יעדען טאג. האלטען זאל מען זיי מיט ריינע הענד. אומריינע הענד קענען פיעל שאדען די אייער.

12 שטונדען איידער מען לעגט די אייער אין מאשין אדער אונ־טער דער הוהן, שטעלט מען זיי אוועק מיט'ן ברייטען זייט ארויף.

אבוואהל די אייער קאנען בלייבען אין א גוטען צושטאנד ביז דריי וואכען, אויב מען האלט זיי ווי אויבען דערמאנט, דאך זאל מען ניט געברויכען צוליעב אויסבריהען אייער וואס זיינען עלטער פון צוויי וואכען.

מען דארף זעהן האלטען די נעסטען ריין אום די אייער זאלען ארויסקומען ריינע, ווייל וואשען די אייער שאדעט צום אויסבריהען. אויב עס מאכט זיך א שמוציגע איי, זאל מען עס בעסער פערברויכען אין הויז.

קאַפּיטעל 6.

# אויסבריהען די אייער מיט אַ הוהן

81. **די נאַטירליכע פערמעהרונג פון עופות.** — דער נאַטירליכער וועג איז, אז די עופות זאָלען אויסבריהען זייערע אייער. די הוהן ווייס ניט פון קיינע חכמות, זי פאָלגט איהר אינסטינקט, וואָס די נאַטור האָט איהר געגעבען צו זיין אַ מוטער. אין דעם שעהנעם פריהלינג, ווען אַלע היהנער און העהנער געהען זיך ארום פריי צווישען גרינע גראָזען און בליהענדע בוימער, פערלאָזט די צוקינפטיגע מוטער די שעהנע וועלט, און פארשפּארט זיך אין אַ האַלב פינסטערען אָרט, וואו עס איז שטיל און רוהיג, און זיצט דאָרט אין איינזאַמקייט דריי וואָכען ביז זי דערלעבט צו זעהען איהר יונגען דור, און נאכהער מיט דער גרעסטער איבערגעבענהייט היט זי אָב איהרע עופ'לעך, זי שטעלט איהר לעבען אין געפאהר ווען זי דאַרף בעשיצען איהרע קינדערלעך, און זי פיהרט זיך מיט זיי ארום דעם גרעסטען טהייל זומער ביז זי איז זיכער, אַז זיי זיינען שוין פעהיג צו פיהרען אַ זעלבסטשטענדיגען לעבען.



Courtesy International Harvester Co.

די גליקליכע מוטער

82. **די צייט ווען די הוהן וויל זיצען.** — די געוועהנליכע צייט, ווען היהנער האבען ליעב צו אויסבריהען די אייער, איז אין פריהלינג, ווייל זומער איז פאר זיי גרינגער צו האדעווען די היהנדעלעך. ווען עס קומט די צייט, וואס זי וויל אויסבריהען די אייער, בלייבט זי זיצען אין נעסט צוויי אדער דריי טעג, און פון איהר ברוסט פאלען ארויס פעדערען. אויב מען וויל זי אראב-טרייבען פון נעסט פאנגט זי אן צו שלאגען זיך. זי אליין שטעהט אויף פון נעסט נאר דאן, ווען זי וויל עסען אדער ווען זי וויל כאפען א שטיקעל שפאציר, אדער אויסבאדען זיך אין זאמד, און באלד געהט זי צוריק אין איהר נעסט. אויב מען וויל, אז די הוהן זאל ניט זיצען, זאל מען זי פארשפארען אין א ברודי קופ (זעהט §38).

ווען מען וועט די היהנער, וואס ווילען זיצען, ניט פאר-שפארען קאנען זיי אויפהערען צו לעגען אייער א מאנאט צייט און אמאהל נאך מעהר, און זיי וועלען שטערען אנדערע היהנער צו לעגען אייער, און וועלען ספאילען (קאליע מאכען) די אייער וואס אנדערע היהנער לייגען. פערשפארט דארף מען זיי האל-טען פון דריי ביז פינף טעג און עסען זאל מען זיי געבען גוטע שפייזען, נאר קארן, (קוקורוזע) זאל מען זיי ניט געבען, ווייל קארן גיט צו פיעל ווארימקייט אין קערפער. אויך זאל מען זיי געבען גענוג וואסער צום טרינקען. אין אכט אדער צעהן טעג וועלען זיי אנפאנגען צו לעגען אייער.

83. **וועלכע הוהן איז גוט צום זיצען.** — ניט אלע היה-נער זיינען גוט צוליעב אויסבריהען אייער. די גאנץ גרויסע, ווי די בראמעס, זיינען צו שווער, און די קליינע היהנער, ווי לעג-הארנס, זיינען צו נערווייאיש און צו פיעל באוועגענד. די בעסטע היהנער צום זיצען זיינען פון מיטעלען געוויקס, ווי די פלימוט ראקס און דאס גלייכען. מען זאל בעסער זעצען היהנער, וועלכע זיינען עלטער פון א יאהר, ווייל די יונגע זיינען געוועהנליך ניט גוט צום זיצען, די הוהן מוז זיין געזונד און שטארק, ניט מאגער און ניט צו פעט, און דארף זיין גוט בעוואקסען מיט געדיכטע ווייכע פעדערען. אויב מען בעמערקט, אז זי שרעקט זיך, זאל מען

זי בעסער ניט זעצען, ווייל אזא הוהן וועט צוברעכען די אייער אָדער דערשטיקען די היהנדעלעך.

84. **דער אָרט צום זיצען.** — דער אָרט, וואו די הוהן זיצט, דארף זיין א רוהיגער, א ריינער, מיט גענוג פרישע לופט און זאָל ניט זיין קאלט. זי מוז האָבען א פּלאַץ, וואוהין זי זאָל קענען ארויסגעהן און ארומגעהן אביסעל, ווייל די געזונטע הוהן מוז אַלע טאָג ארומגעהן אביסעל, און אין דער צייט פון זיצען איז דאָס זעהר נויטיג, ערשטענס, צוליעב איהר אייגענעם געזונט און צווייטענס, איז דאָס נויטיג פאר די אייער, אַז זיי זאָלען יעדען טאָג אָבקיהלען זיך און דורכלופטערען זיך, און דריטענס, ברענגט די הוהן אין איהרע פעדערען עטוואָס פייכקייט פון די טהוי, און בעדעקט דערמיט די אייער, וועלכע פאָדערען יעצט עטוואָס פייכקייט.

85. **דאָס נעסט צום זיצען.** — דאָס נעסט מאַכט מען פון א קעסטעל 12 אינטשעס לאנג, 12 אינטשעס ברייט און 12 אינטשעס הויך. וצוליעב גרעסערע היהנער קען מען מאכען גרע־סערע נעסטען. פון פאָרענט, וואו די הוהן דארף אריין, זאָל דאָס ווענטעל זיין נאָר דריי אינטשעס הויך, און מען זאָל אָנשיטען ערד פון דעם ווענטעל בארג אראָב, אום די הוהן זאָל קענען גרינג אריין אין נעסט, אויב זי וועט דארפען קריכען איבער'ן ווענטעל, קען זי צוקוועטשען די אייער. צו דעם אָפענעם פּלאַץ פון פאָרענט מאכט מען א טהירעל פון ווייער (דראָט), וועלכע מען קען פאר־מאכען, ווען מען געפינט עס פאר נויטיג. אין דעם הינטער־שטען ווענטעל פון נעסט מאכט מען עטליכע לעכער, וואו עס זאָל אריין פרישע לופט. אין נעסט שיט מען אריין אַ פּאָאָר אינטשעס גראָב ריינע טרוקענע ערד. די ערד מאכט מען אין מיטען אביסעל טיפער אום די אייער זאָלען בעסער ליגען. די ערד בעדעקט מען מיט ריינע שטרוי אָדער היי צוהאקט ניט לענגער פון זעקס אינטשעס.

86. **דאָס זעצען די הוהן.** — ווען די הוהן פאנגט אָן צו זעצען זיך, דארף מען זי לאָזען אַ פּאָאָר טעג זיצען אויף דעם אָרט,

וואו זי האָט זיך געזעצט, נאָכהער איז אבענד זאָל מען זי איבער־טראָגען און אַוועקזעצען אויף פּארצעלייענע (פּארפּאר) אייער אין דעם נעסט, וואו זי וועט דארפען אויסבריהען די אייער. דאס נעסט פערדעקט מען מיט א ברעט, אז זי זאָל ניט קענען ארויסקריכען. אויפ'ן נעקסטען טאָג פאר־נאַכט געהט מען אריין גאַנץ שטיל. מען שטעלט פאר איהר עסען און טרינקען, און מען נעהמט אראב די ברעט פון נעסט אום זי זאָל קענען ארויסגעהן פון נעסט. מען נעהמט ארויס די פּארצעלייענע אייער און מען שיט אונטער די אייער צום אויסבריהען.

87. **פיעל אייער אונטער איין הוהן.** — אונטער די גרויסע היהנער קען מען אונטערלעגען פון 12 ביז 16 אייער, און אונטער די היהנער פון מיטעלער גרויס דארף מען אונטערלעגען נאָר ניין אָדער צעהן אייער. ווען דאָס וועטער איז גאַנץ ווארעם קען מען אונטערשיטען מיט א פּאָר אייער מעהר. דערהויפּט דארף מען זיכער זיין, אז איהר קערפּער וועט גוט פארדעקען אלע אייער.

88. **זעצען פיעלע היהנער אין איין מאָל.** — עס איז ראטהזאם, אז מען זאָל זעצען פיעל היהנער אין איין מאָל. דאַן וועלען די היהנדעלעך זיין פון איין עלטער און וועלען אלע גלייך אָנפאנגען צו לעגען אייער, און דאָס ארומגעהן ארום די היהנער און ארום די היהנדעלעך וועט מען אָב'פּטר'ן אין איין צייט. אויך איז דאָס גוט, ווען מען געפינט אויס, אז פיעלע אייער זיינען ניט פרוכטבאר, דאַן נעהמט מען צו פון אייניגע היהנער די פרוכט־בארע אייער און מען לעגט זיי אונטער די אנדערע היהנער, און אונטער די וואָס זיינען געבליבען אהן אייער, שיט מען אונטער פרישע אייער.

ווען מען וויל זעצען פיעלע היהנער, קאָן מען מאכען א פּלאַט־פאָרם 3 פוס הויך פון דער ערד, 2½ פוס ברייט און 50 פוס לאנג. און מען צוטהיילט עס אויף 50 נעסטען, דאָס הייסט, אז יעדער נעסט וועט זיין איין פוס לאַנג. די טיעף פון דעם נעסט מאַכט מען נאָר 2 פוס, און א האלב פוס פון פּלאַטפאָרם פון פאָרענט בלייבט לעדיג, וואוהין די הוהן וועט זיך שטעלען, ווען זי שפּרינגט

ארויף פון דער ערד. די הויד פון די נעסטען מאכט מען איין פוס. אין מיטען פון יעדען נעסט מאכט מען א פארטישאן (איבערגעצאמט) די הוהן זעצט מען אין דעם הינטערשטען טהייל פון נעסט. דאס פערהיט אז זי זאל ניט צוקוועטשען די אייער, ווייל ווי זי שטעהט אויף פון די אייער האט זי גלייך וואוהין ארויסצוגעהן. יעדער נעסט האט א טירעל פון לעטס (שמאלע ברעטלאך.)

89. די הוהן וואס זיצט פאדערט ריינקייט און פארזיכטיגקייט. — פיעל מאהל טרעפט, אז די בעסטע הוהן בריהט ניט אויס קיין היהנדעלעך, און די שולד איז אונזערע, וואס מיר פארזארגען זי ניט מיט אלעם וואס זי דארף, און מיר פארהיטען זי ניט פון לייז, און דאס גלייכען. ווען די הוהן ווערט באפאלען פון לייז, קען זי פארלאזען די נעסט, און ניט וועלען מעהר זיצען, און, אויב זי בלייבט זיצען, וועט זי מוזען קראצען זיך און דרעהען זיך ביז זי צוקוועטשט די אייער. איידער מען זעצט די הוהן, זאל מען דעם צימער, וואו זי דארף זיצען, גוט אויסשפריצען מיט 3% קארבאליך עסיד. און די הוהן, איידער מען זעצט זי אריין אין נעסט, זאל מען גוט בעשיטען מיט סאדיאום פלואריד, וועלכער פערהיט פון לייז. מען זאל זי האלטען פאר די פיס מיט'ן קאפ אראב, און שיטען דעם פאודער צווישען די פעדערען און איינרייבען מיט די פינגער, איבערהויפט דעם הינטערשטען טייל פון קערפער און אונטער די פליגלען. דאס נעסט זאל מען אויך בעשיטען מיט דעם זעלבען פאודער. מען זאל נאר ניט שיטען צופיעל, ווייל צו־פיעל פאודער קען שאדען אי די היהנער אי די אייער. אויפ'ן זיעבעטען און פערצעהנטען טאג זאל מען ווייטער בעשיטען זי מיט'ן פאודער. אבער שפעטער זאל מען מעהר ניט שיטען, ווייל דאס קען שאדען צו די אויגען פון די קליינע היהנדעלעך. קיין מיסט זאל זיך ניט קלייבען אין נעסט. די אונטערבעטונג זאל מען איינינגע מאל בייטען און צו יעדען מאל זאל מען עם בעשפריצען מיט אביסעל לייז פאודער. נעבען נעסט זאל שטעהן א קעסטעל מיט ריינע טרוקענע שטויב, אין וועלכען די הוהן האט ליעב צו רייבען איהר קערפער. פאר איהר איז דאס דיזעלבע זאך ווי פאר

אונז באַדען זיך. אויב אַן איי האָט זיך צובראָכען און פערשמירט די אײער, זאָל מען זיי װאַשען מיט װאַרימע װאַסער פון 104 גראַד פארענהייטס (32 גראַד רעמיורס). אויב די פעדערען פון דער הוהן זיינע אויך פאַרשמירט, זאָל מען זיי אויך אַרומװאַשען, און די אונטערבעטונג זאָל מען איבערבייטען. אויב עס טרעפט, אַז אַ הוהן איז צייט פון זיצען װיל ניט אויפשטעהן פון נעסט, זאָל מען אונטערלעגען ביידע הענד אונטער איהר קערפּער און פאַרזיכטיג אַרויסנעהמען פון נעסט. דאָס נעסט זאָל מען פערמאַכען. אַז זי זאָל ניט קענען אַריין, און לאָזען זי אַרומגעהן 20 מינוט. אין אַ פּאָאַר טעג װעט זי זיך צוגעװאָהנען און װעט אַליין אויפשטעהן. נאָכ'ן אַכצעהנטען טאָג געהען די היהנער געװעהנליך מעהר ניט אַראָפּ פון נעסט.

90. **עסען פאַר דער הוהן װאָס זיצט.** — די ערשטע טעג זאָל די הוהן עסען די שפּייזען, צו װעלכע זי איז געװאָהנט, און ביסלעכװייז זאָל מען אַלע שפּייזען פערבייטען אויף קאָרן (קוקורוזע), װייל קאָרן שאַפט װאַרימקייט אין איהר קערפּער, און יעצט איז נויטיג, אַז די נאַטירליכע נאָרמאַלע קערפּערליכע טעמפּעראַטור זאָל זיך אויפהאַלטען. אויך װעט דער קאָרן פערהיטען, אַז זי זאָל ניט װערען מאָגער אין דער צייט פון זיצען. דעם קאָרן קאָן מען געבען גאַנצען אָדער געקרעקטען. קיינע געמאָהלענע פּראָדוקטען און קיין פייכטע מעש זאָל מען איהר ניט געבען. גרינסען זאָל מען איהר געבען װעניג. דאָס עסען זאָל מען האַלטען אין אַ האָפער נעבען נעסט, אום זי זאָל קענען עסען װען זי װיל. נעבען נעסט זאָלען אויך שטעהן אַ קעסטעל מיט גריט (גראָבע זאַמד) און אַ קעסטעל מיט צוריבענע האָליץ-קויהלען. מיט ריינע פרישע װאַסער מוז מען זי אימער פערזאָרגען, װייל אין דער צייט פון זיצען איז זי אַזוי װי אין אַ פיבער און דעריבער איז זי אימער דורשטיג. די לעצטע פּאָאַר טעג, און איבערהויפּט װען די היהנדעלעך פאַנגען שוין אַן אַרויסצוגעהן פון די אייער, קען טרעפען, אַז די הוהן זאָל ניט װעלען אויפשטעהן פון נעסט אפילו װען זי װיל עסען; דערי־

בער זאָל מען דאָס עסען און טרינקען אַוועקשטעלען אזוי, אז זי זאָל ניט דארפען אויפשטעהן פון נעסט.

91. **טעסטען די אייער.** — אויפ'ן זיעבעטען טאָג זאָל מען טעסטען די אייער צו זעהן אויב די היהנדעלעך ענטוויקלען זיך ווי געהעריג. מען קען מאכען א רעהר פון קארדאָן (גראָבע פאַפּיר). אין איין זייט רעהר שטעלט מען אריין דאָס איי מיט'ן ברייטען זייט צום ליכט, און פון דער אנדער זייט קוקט מען. איינצעלהייטען וועגען טעסטען די אייער זעהט § 122.

92. **ווען די היהנדעלעך געהען ארויס פון די אייער.** — פון די אייער פון די קלענערע סאָרטען היהנער, ווי די לעגהאָרנס, קומען ארויס די היהנדעלעך אויפ'ן 20טען טאָג, און פון די גרעסערע סאָרטען היהנער, ווי די פּלימוט ראָקס, קומען זיי ארויס אויפ'ן 21טען טאָג און פון די גאָר גרויסע היהנער, ווי די בראַמעס, קומען זיי ארויס אויפ'ן 22טען טאָג. א היהנדעלע וועלכע קען ניט ארויס פון איי, זאָל מען ניט העלפען ארויסקריכען, ווייל אזא היהנדעלע וועט אלץ איינס באלד שטארבען אָדער זי וועט בלייבען אַ קריפּעל (קאַליקע). די הוהן זאָל מען לאָזען רוהיג ביז אַלע היהנדעלעך געהען ארויס. די לעדיגע שאָלעכץ, פון וועלכע די היהנדעלעך זיינען שוין ארויס, זאָל מען בעסער לאָזען אין נעסט ביז אלע היהנדעלעך וועלען ארויס. סיידען אז איינער האָט די ערפאהרונג ווי אזוי ארויסצונעהמען גאנץ פאָרזיכטיג, זאָל ער עס טהאָן.

אויב מען בעמערקט, אז די הוהן טרעט אויף די היהנדעלעך, זאָל מען די היהנדעלעך צונעהמען באלד ווי זיי ווערען טרוקען און מען זאָל זיי אריינזעצען אין א בעסקעט, וועלכער איז אינוויינג אויסגעשפּרייט מיט א פלאַנעל, און מען זאָל דעם בעסקעט מיט די היהנדעלעך שטעלען ניט ווייט פון א פייער, און ווען אַלע היהנדעלעך וועלען זיך אויסבריהען וועט מען זיי אונטערזעצען אונטער דער הוהן. אָדער מען קען די איבעריגע אייער אונטערשיטען אונטער אן אנדער הוהן, וועלכע מען האָט געזעצט אין דער זעלבער צייט, ווייל עס טרעפט מיט איינינגע היהנער אז ווען עס קומען ארויס די ערשטע היהנדעלעך, ווערען זיי אונרוהיג, די אייער קיהלען

זיך אָב און קאָנען זיך ניט אויסבריהען. ווען אַלע היהנדעלעך קומען אַרויס פון די אייער זאָל מען אַרויסנעהמען פון נעסט די שאָלעכץ פון די אייער, און דער הוהן זאָל מען באלד געבען עסען. אויב ניט קען זי פערלאָזען דעם נעסט. די הוהן מיט די היהנדעלעך זאָלען בלייבען אין נעסט 24 שטונדען נאָכ'ן אויסבריהען. אייניגע לאָזען ביז דעם דריטען טאָג. אין אַלגעמיין קען מען זיך פערלאָזען אויף דער הוהן, אז זי וועט וויסען ווען אַרויסצוגעהן פון נעסט. אויב מען בעמערקט א שוואכע היהנדעלע, קען מען זי צונעהמען פון נעסט און האַלטען אין א ווארימען פּלאַץ ביז די אַנדערע וועלען אַריבער אין קופּ.

93. **דער קופּ.** — יונגע היהנדעלעך קענען ניט אַריבערטראַגען קיין קעלט. די קלענסטע פערקיהלונג, א צוג-ווינד, אָדער פערנעצען די פיסלאַך איז פאר זיי זעהר שעדליך. די מוטער וויים, אז זי דאַרף מיט איהר קערפּער באשיצען איהרע עופה'לעך ביז זיי ווערען גרעסער. מיר מוזען אָבער פערזאָרגען זיי מיט א גוטען פּלאַץ וואו צו וואוינען, און דעריבער מאכט מען אזא שטיבעלע, וואָס מען רופט קופּ, וואוהין מען זעצט אַריין די הוהן מיט די היהנדעלעך. אייניגע מאַכען דעם קופּ אזוי ווי א פּיראַמיד, אונטען זעקס פוס ברייט, צעהן פוס טיעף און פון דער ערד ביז דעם שפּיץ אין דער הויך איז זעקס פוס. אויב עס איז וואַרים און די ערד איז טרוקען קען דער קופּ זיין אָהן א פּלאָר (דילען), אָבער אויב עס איז קאַלט אָדער די ערד איז נאַס, מוז מען מאַכען א פּלאָר פון ברעטער. דער


Courtesy International Harvester Co.
א קופּ מיט א צוגעדעקטען הויף.

פוסבאדען פון קופּ זאָל זיין צוגעדעקט פון איינעם ביז צוויי אינטשעס גראָב מיט זאמד, אָדער מען זאָל באדעקען דין מיט היי אָדער שטרוי. די קופּס זאָל מען מאַכען, אַז מען זאָל קענען פערמאַכען די טהיר אויף ביי דער נאַכט, אום צו פערהיטען פון קעץ, מייז א. ד. גל. אין קופּ מוז זיין אַ גוטע ווענטעלאציאָן, אום די הוהן מיט די היהנדעלעך זאָלען אימער האָבען גענוג פרישע לופט. ווען דאָס וועטער איז קאַלט, זאָל מען די קופּס האַלטען אין אַ געביידע, און ווען עס איז וואַרים קענען זיי שטעהן אין דרויסען. יעדע וואָך זאָל מען די קופּס איבעררוקען אויף אַ פרישען פלאַץ, אויב מעגליך אויף נייע גראָז. אַ שאָטען איז נויטיג פאַר די היהנדעלעך, איבערהויפּט ווען עס איז הייס, דעריבער זאָל מען די קופּס שטעלען אין אַזאַ פלאַץ, וואו עס איז פאַראַן אַ שאָטען. אַ פעלד מיט קאָרן (קוקורוזע) איז אַ גוטער פלאַץ פאַר היהנדעלעך אַרומצוגעהן. זיי געפינען דאָרט פיעלע אינזעקטען, און זיי האָבען צווישען קאָרן אַ שאָטען צו בעהאַלטען זיך פון דער היץ.

94. **די היהנדעלעך אין קופּ.** — איבערפיהרען אין קופּ זאָל מען די היהנדעלעך ווען דאָס וועטער איז שעהן און ווען די זון שיינט. פאַרנאַכט זאָל מען זיי ניט איבערפיהרען. די הינדעלעך זאָל מען אריינזעצען אין אַ בעסקעט (קאָרב) און נעהמען זיי אין איין האַנד און די הוהן זאָל מען נעהמען פאָרזיכטיג אין דער אנדער האַנד. פריהער זאָל מען אריינלאָזען די הוהן אין קופּ, און נאכהער לאָזט מען די היהנדעלעך איינציגווייז.

די הוהן זאָל מען די ערשטע פּאָאָר טעג ניט אַרויסלאָזען פון קופּ, אָבער די היהנדעלעך, ווי זיי ווערען אַלט אַ פּאָאָר טעג, זאָלען האָבען די מעגליכקייט אַרויסצוגעהן פון קופּ און אַרומגעהן אביסעל פריי. שפּעטער, ווען די הוהן געהט ארום, מיט די היהנדעלעך, זאָלען זיי האָבען אַ הויף וואו ארומצוגעהן, אָבער זיי זאָלען ניט קאָנען אוועקגעהן פון הויף. אויב מען לאָזט די הוהן ארומגעהן מיט די היהנדעלעך, טרעפט אַז די הוהן פערפיהרט זיי אין נאַסע גראָז וואו זיי פערקיהלען זיך און שטאַרבען דערפון, און אין אַלגעמיין, אויב זיי של־

פּען זיך ארום קליינערהייט איבער'ן פּארם, וועלען זיי געוויס ניט וואקסען ווי געהעריג.

צו פערהיטען די היהנדעלעך פון פויגלעך מאכט מען א פּריים 6 פוס לאנג, 2 פוס ברייט און 1 פוס הויך, און מען לעגט ארום די פריים פון די זייטען און פון אויבען מיט ווייער נעטינג (געוועבטע דראָט).

מען מוז אכטונג געבען און פערהיטען, אז די היהנדעלעך זאָלען ניט בלייבען אין דרויסען ווען עס געהט א רעגען. מען מוז זיי לערנען צוריק אריין אין קופּ, אויב ניט וועלען זיי זיך בעהאלטען ערגיץ אין דרויסען, וואו זיי וועלען נאס ווערען פון רעגען און וועלען זיך געוויס פערקיהלען.

95. **פערהיטען פון לייז א. ד. גל.** — פיעלע היהדעלעך פּאַלען טויט פון לייז, און פיעלע וויסען ניט די אורזאך. עס טרעפט אז די לייז זיינען אזוי קליין, אז מען קען זיי גאָר ניט בעמערקען. אום צו פערהיטען פון לייז זאָל מען די הוהן גוט באשיטען מיט א פּאודער, וואָס פערהיט פון לייז, און מען זאָל געברויכען דעם פּאודער יעדע צוויי וואָכען ביז זי ענטוויינט די היהנדעלעך. אויב די היהנדעלעך בעקומען לייז, זאָל מען בעשמירען מיט וואזעלין אָדער מיט חזיר־שמאַלץ דאָס קעפּעל, דאָס העלזעל, אונטער די פליגלען און פון הינטען. מען זאָל בעשמירען מיט די פינגער נאָר אביסעלע, ווייל פון צופיעל שמירען וועלען די היהנדעלעך אויפהערען צו וואקסען.

דעם קופּ זאָל מען רייניגען אם ווייניגסטען איין מאָל אין וואך און מען זאָל פערהיטען, אז קיין מייטס (אזא אינזעקט) זאָלען ניט זיין. (זעה §225).

96. **די היהנדעלעך מיט אן אנדער הוהן.** — ווען עס זיצען צוויי היהנער אין דערזעלבער צייט, קען מען די היהנדעלעך פון ביידע, אויב זיי זיינען ניט פיעל, לאָזען מיט איין הוהן, און די צווייטע הוהן זעצען נאָך אמאָל. מען מוז אָבער צונעהמען די היהנדעלעך באלד ווי זיי געהען אחוס, אויב ניט וועט די הוהן ניט וועלען זיצען א צווייטען מאָל. עס טרעפט, אז א הוהן זאָל ניט וועלען צונעהמען

קיין פרעמדע היהנדעלער, ווייל זיי האַבען ניט דעם זעלבען קאָליר, וואָס איהרע אייגענע.

97. **עסען פאַר די היהנדעלער.** — וועגען עסען פאַר די היהנדעלער וועט איהר געפינען אין דעם נעקסטען קאַפּיטעל. דאָ ווע־לען מיר נאָר באַמערקען, אז מען זאָל שטעלען דאָס עסען, אז די הוהן זאָל ניט קענען צוקומען. דער הוהן גיט מען בעזונדער עסען, קאָרן און ווייץ, גלייכע טהיילען דריי מאל אין טאָג.

98. **אַנטוויינען די היהנדעלער.** — געוועהנליך זייגען די היהנדעלער מיט דער הוהן פון פיער ביז זעקס וואָכען. ווען דאָס ווע־טער איז קאַלט, דאַרפען זיי פערבלייבען לייננער. אזוי גיך אָבער ווי די היהנדעלעלך קענען שוין אויסקומען אָהן דער הוהן, זאָל מען זי צונעהמען פון זיי, וועט זיין געזינטער אי פאַר איהר אי פאַר די היהנדעלער.

## קאַפּיטעל 7.

# עסען פאַר קליינע הינדעלעך

99. **די ערשטע מאָהלצייט.** — ביז די היהנדעלעך ווערען אלט 36 שטונדען זאל מען זיי ניט געבען קיין עסען, און נאך בעסער איז, אז זיי זאלען ניט עסען די ערשטע 48 שטונדען, ווייל איידער זיי געהען ארויס פון דעם איי עסען זיי אויף דאס געלעכעל פון דעם איי, און עס נעהמט א פּאאר טאָג ביז דאס ווערט איבערגעקאָכט אין מאָגען; און אויב מען וועט זיי געבען פריהער עסען, וועלען זיי גלייך אָנפאנגען צו קריינקען. מען דארף זיי נאר פאַרזאָרגען מיט ריינע וואסער צום טרינקען.

100. **פארשיעדענע שפּייזען פאר היהנדעלעך.** — די היהנדעלעך מוזען האָבען די אלע פארשיעדענע שפּייזען אזוי ווי די אלטע היהנער. ווי מיר האָבען געשריעבען אין קאַפּיטעל 4.

**קערנער פון תבואה** (גריין) ווי ווייץ האבער און קארן (קוקורוזע) דארפען זיי פון אנפאנג האָבען געמאָהלענע און געקראַקטע (צושפּאָלטענע), און ווען זיי ווערען עלטער גיט מען זיי געמאָהלענע און גאנצע קערנער.

**ווייצענע קלייען** מוז זיין א טייל פון זייער עסען, ווייל קלייען איז רייך אין מינעראלען פון וואס עס פארשטאַרקען זיך די ביינער פון קערפּער, און קלייען ווערט גרינג איבערגעקאָכט אין מאָגען.

**פלייש און מילך פּראָדוקטען** מוזען זיי האָבען, ווייל דערפון ענטוויקלען זיך אלע טיילען פון קערפּער. ביף סקרעפּס מוזען זיין אבסאָלוט פרישע, און מען זאל דאס איבערזיפּען, און געבען זיי נאָר די דינע, פון אנפאנג גיט מען צו ביסלעך ביף סקרעפּס.

און ביסלעכווייז פארגרעסערט מען די פראפארציע ביז דאס קומט אויס 10 פראצענט פון אלע שפייזען.

זויער מילך איז איינע פון די בעסטע שפייזען פאר קליינע היהנדעלעך. דערפון וואקסען זיי גוט, און דאס פארהיט זיי פון פיעלע קראנקהייטען. פיעלע גיבען די זויער מילך אויפ'ן צווייטען טאג נאכ'ן אויסבריהען. מען טונקט איין זייערע שנאבלען אין די זויער מילך און נאכהער וועלען זיי אליין אנפאנגען צו עסען. ווען די היהנדעלעך ווערען גרעסער גיט מען זויער מילך דריי מאל אין טאג ווי פיעל זיי קאנען אויפעסען אין 10 אדער 15 מינוט. די כלים, פון וועלכע זיי עסען, זאל מען צודעקען מיט מעש ווייער (געפלאכטענע דראט). איייניגע מאכען מיט די זויער מילך פייכטע מעש פון די פארשיעדענע מעהלען וואס די היהנדעלעך עסען. די מעש דארף זיין געדיכטע און צו יעדען מאל עסען זאל מען מאכען פרישע. די זויער מילך מוז יעדען טאג זיין פרישע. ווען זיי האבען גענוג זויער מילך זאל מען זיי געבען ווענעיגער ביף סקרעפס. אייניגע מאכען קעז פון די זויער מילך, און דאס איז אויך א גוטע שפייז פאר זיי. מען דארף נאר זיין פארזיכטיג, אז זיי זאלען ניט עסען צופיעל (וועגען זויער מילך און קעז זעה פאראגראף 61). סקים מילך קאן מען זיי געבען צום טרינקען. איין קווארט איז גענוג פאר 100 היהנדעלעך פאר א גאנצען טאג. צו דערזעלבער צייט זאל מען אבער ניט פארגעסען צו שטעלען פאר זיי וואסער צום טרינקען.

די ניו דזשוירזי עקספערימענט סטיישאן האט א טייל היהנדעלעך געגעבען זויער מילך איייניגע מאל אין א טאג, און א טייל האט ניט באקומען קיין זויער מילך. ווען זיי זיינען אלט געווען 10 וואכען, איז אין די ערשטע צוגעקומען ביינאהע 28 פראצענט וואג, און ביי די צווייטע נאר 21 פראצענט וואג. פון די ערשטע זיינען פאר דער צייט געשטארבען 28 פראצענט און פון די צווייטע 72 פראצענט. די וואס האבען ניט אט די מילך פראדוקטען, קאנען קויפען דאס וואס מען רופט „סעמי־סאליד בוטערמילק“.

גרינסען איז נויטיג פאר די היהנדעלעך. ווען זיי עסען

גרינסען, וועלען זיי גיכער און בעסער וואקסען און וועלען זיין געזונטער. פון אנפאנג גיט מען זיי צו ביסעלעך גרינסען, און שפעטער קענען זיי עסען וויפיעל זיי ווילען. די בעסטע זאך איז, אויב זיי קענען ארום געהן איבער גרינע גוטע גראז און עסען פיעל זיי ווילען. ווען זיי זיינען פארשפארט, זאל מען זיי געבען די היי פון אלפאלפא אדער פון קלאווער צוהאקט אויף קליינע שטיקעלעך. אויך האבען זיי ליעב לעטוס אדער גרינע ציבעלע. פרישער געשפראצטער האבער איז אויך זעהר גוט פאר זיי. פון אנפאנג קאן מען דאס צוברעקלען און מישען מיט זייער עסען, און שפעטער קאן מען שניידען שטיקלעך פון געשפראצטען האבער און געבען זיי פיעל זיי קענען אויפעסען אין 10 אדער 15 מינוט. (זעה פאראגראף 57).

**מעהל פון ביינער, גריט, קויהלען און איסטער שעלם** זיי-נען אויך נויטיג פאר די היהנדעלעך. די מעהל פון ביינער איז רייך אין די מינעראלען, פון וועלכע עס ווערען שטארק די ביינער. גריט (זאמד) מוזען זיי האבען צו העלפען דעם מאגען, אז ער זאל בעסער איבערקאכען דעם עסען. איסטער שעלם זיינען אויך צוליעב פארשטארקען די ביינער פון קערפער, און די האלץ-קויהלען זיינען געזונט צום מאגען. ווען די היהנדעלעך ווערען עלטער פון א וואך, קענען דיעזע אלע זאכען שטעהן אין א באזונדער כלי, און די היהנדעלעך עסען ווען זיי ווילען.

**פייכטע שפייזען** זיינען ניט נויטיג פאר די היהנדעלעך. סיידען נאר אמאל וואס מען באנעצט די שפייזען מיט זויער מילך. און ווען מען מאכט עס, זאל דאס זיין ניט צו נאס, און צו יעדען מאל זאל מען מאכען פרישע. אין אלגעמיין זיינען די טרוקענע שפייזען געזינטער, און מען קאן מיט זיכערהייט געבען זיי נאר טרוקענע שפייזען, און ערווארטען גוטע רעזולטאטען, אויב מען וועט זיי נאר געבען די אלע פארשיעדענע שפייזען וואס מיר האבען דערמאהנט.

**פרישע און ריינע שפייזען** מוזען די היהנדעלעך עסען.

זייער מאָגען איז זעהר אַ שוואכער, און דורך דעם קלענסטען פעה־
לער קאָן מען פארלירען אלע היהנדעלעך.

**וויפיעל דארף א היהנדעלע עסען** קאָן מען ניט זאגען באַ־
שטימט, נאָר אין אַלגעמיין קאָן מען זאגען, אַז די קליינע היהנדעלעך
עסען פּראָפּאָרציאָנעל מעהר פון די גרויסע; און אויב זיי וועלען
ניט האָבען גענוג עסען, וועלען זיי געוויס ניט וואקסען ווי געהעריג.
אָבער מען דארף זיין פּאָרזיכטיג, אַז זיי זאָלען זיך ניט איבער־
עסען. פון איין מאָל עסען ביז אַ צווייטען מאָל דארפען זיי ווערען
גוט הונגעריג. אָבער פון צופיעל הונגער קאָנען זיי נאכהער צוכאַפּען
זיך צום עסען און קראַנק ווערען. פון אָנפאַנג דארפען זיי עסען
5 מאָל אין טאָג. יעדע מאָלצייט דארף געדויערען פון 10 ביז 15
מינוט. וצום ענדע פון דער צווייטער וואָך זאָל מען זיי אנפאנגען
צו געבען עסען נאָר 4 מאָל אין טאָג.

מען דארף אָבהיטען יעדען טאָג צו געבען זיי דעם ערשטען מאָל
עסען גאַנץ פריה אין פריה־מאָרגען, און דעם לעצטען מאָל שפּעט
פאר־נאכט.

**וואַסער צום טרינקען** זאָלען די היהנדעלעך האָבען אימער
פרישע און ריינע. אויב
זיי וועלען ליידען פון
דורשט און נאכהער
אָנטרינקען זיך, וועלען זיי
געוויס באקומען בויך־
וועהטאָג. דאָס וואַסער
זאָל מען האלטען אין
פאונטיינס (זעה § 37).
אויב די וואַסער וועט
שטעהן אין אָפענע כלים,
וועלען די היהנדעלעך
אריינקריכען און שמוציג
מאַכען די וואַסער, און
דערצו נאָך קאָנען זיי זיך



Courtesy International Harvester Co.
צו פּראָטעקטען די וואסער און מילך.

פארקיהלען אויף טויט. אויב די וואסער צום טרינקען איז זעהר קאלט זאל מען אביסעל אנווארימען.

101. ריישאנס (פראפארציאן) פאר היהנדעלעך. — מיר וועלען דא געבען אייניגע ריישאנס פון די פארשיעדענע שפייזען, וואס די היהנדעלעך דארפען האבען.

קארנעלער קאלעדזש רעקאמענדירט פאלגענדע 5 נומערען פון פארשיעדענע שפייזען פאר קליינע היהנדעלעך:

**נומער 1.** 8 פונט ראלד אאטס (געריבענע האבער). 8 פונט געברעקעלטע ברויט. 2 פונט געזיפטע ביף סקרעפס (געטריקענטע פלייש). 1 פונט באון מיל (געמאלענע ביינער).

**נומער 2.** 3 פונט קרעקד ווייץ. 2 פונט קרעקד קארן. 1פונט פינהעד אוטמיל.

**נומער 3.** 3 פונט ווייצענע קלייען. 3 פונט קארן מיל. 3 פונט ווייצענע מידלינגס. 3 פונט ביף סקרעפס. 1 פונט באון מיל.

**נומער 4.** 3 פונט גאנצע ווייץ. 2 פונט קרעקד קארן. 1 פונט ראלד אוטס.

**נומער 5.** 3 פונט ווייץ. 3 פונט קרעקד קארן.

די ערשטע פינף טעג זאל מען געבען זיי די שפייזען נומער 1 בענעצט אביסעל מיט זויערע סקים מילך. דיזע שפייזען זאלען זיי עסען 5 מאל א טאג, יעדעס מאל זאל געדויערען דאס עסען פון 10 ביז 15 מינוט. וואס עס בלייבט זאל מען א צווייטען מאל ניט געבען. אויסער די פייכטע שפייז, גיט מען זיי די טרוקענע שפייזען נומער 2 צומישט מיט א ביסעל פון נומער 3. דאס שיט מען אריין אין טרעים (פלאטשיגע כלים). און מען שטעלט עס, אז די היהנדעלעך זאלען קאנען נעהמען, ווען זיי ווילען. צעהאקטע גרינע גראז, אדער אנדערע גרינסען דיין צושניטען, אויך אביסעל גראבע זאמד און עטוואס צוריבענע האלץ-קויהלען זאל מען אריינמישען אין דעם עסען,

פון 5 טעג ביז 2 וואכען אלט זאל מען זיי געבען די שפייזען נומער 3 בענעצט מיט זויערע סקים מילך 3 מאל א טאג. און די זעלבע שפייזען נומער 3 זאל מען זיי געבען טרוקענערהייט, אז זיי

זאָלען קאָנען עסען, ווען זיי ווילען, און די שפּייזען נומער 2 זאָל מען צוויי מאָל אַ טאָג, פריה און פאַרנאַכט, אריינשיטען אין די אונטער־בעטונג (ליטער). גרינסען זאָלען זיי האָבען געגוג. זאמד און צורי־בענע קויהלען קאָן מען האַלטען אין אַ באזונדערע כלי.

פון 2 ביז 4 וואָכען גיט מען זיי דיזעלבע שפּייזען, וואָס זיי האָבען געהאט ביז 2 וואָכען, נאָר די פייכטע שפּייז זאָל מען זיי געבען ניט מעהר ווי 2 מאָל אַ טאָג, די אַנדערע זאַכען ווי פריהער.

פון 4 ביז 6 וואָכען גיט מען זיי די שפּייזען נומער 3 בענעצט מיט זויער מילך נאָר איין מאָל אין טאָג, און די זעלבע שפּייזען נומער 3 טרוקענע זאָלען שטעהן אימער ווי פריהער. און אין די אונטערבעטונג שיט מען פריה און פאַרנאַכט די שפּייזען נומער 4 אנשטאט נומער 2.

נאָך 6 וואָכען גיט מען זיי די שפּייזען נומער 3 און נומער 5 טרוקענערהייט אין האָבערס.

גריט (זאמד) מיט צוריבענע האָלץ־קויהלען, און געמאַהלענע ביינער זאָלען זיך אימער געפינען נעבען די היהנדעלעך.

גרינע גראָז געהאקטע אָדער גאַרטענוואַרג זאָל זיין אַ טייל פון זייער עסען.

פרישע, ריינע וואַסער, זאָלען זיי אימער האָבען.

ניו דזשוירזער אגרילקולטשורעל קאָלעדזש רעקאָמענדירט פאַר קליינע היהנדעלעך פאָלגענדע שפּייזען:

100 פונט דינע געקרעקטע קאָרן.

100 פונט דינע געקרעקטע ווייץ.

100 פונט פינהער אַאוטס.

די ערשטע וואָך גיט מען פון דיעזע שפּייזען 5 מאָל אַ טאָג. די ערשטע פאַר מאָלצייטען שפּרייט מען די שפּייז אויף אַ ברעט אָדער אויף אַ פּאַפּיער, און נאָכהער שיט מען די שפּייז אין די אונטערבעטונג. יעדעס מאָל זאָל מען זיי געבען אזוי פיעל, אַז זיי זאָלען עס אויפעסען אין אַ קורצער צייט, און ביז דעם צווייטען מאָל עסען זאָלען זיי זיך אויסהונגערען. פון אנפאנג דער צווייטער וואָך זאָל מען אין מיטען טאָג ניט געבען זיי די קערנער, און מען

זאָל אוועקשטעלן ווייצענע קלייען אין פלאכע כלים אָדער אין האפערס; און לאָזן דאָס שטעהן 2 אָדער 3 שטונדען. נאָך צוויי אָדער דריי טעג וועלען זיי זיך צוגעוואָהנען צו די קלייען, און מען קאָן דאָס לאָזן אימער אין אָפענע כלים אז זיי זאָלען עסען ווען זיי ווילען. און די קערנער גיט מען זיי צו ביסלעך פיער מאָל אין טאָג. דערצו זאָל מען זיי געבען גרינסען, ווי לעטוס, געשפּראָצטען האָבער, אָדער צוהאקטע בוריקעס. די גרינסען זאָל מען געבען אין דער פריה און פאַר־נאכט.

מיט דעם אנפאנג פון דער דריטער וואָך זאָל מען די קלייען פערבייטען אויף פאָלגענדע שפּייזען, וועלכע מען האלט אימער אין אָפענע האפערס:

300 פונט ווייצענע קלייען.
100 פונט ווייצענע מידלינגס.
100 פונט געמאָהלענעם האָבער.
100 פונט קאָרן מיעל (קוקורוזע מעהל).
100 פונט מיט סקרעפּס.
100 פונט טרוקענע באָטערמילך פּאודער.

אויב די היהנדעלעך בעקומען מילך צום טרינקען, קאָן מען די באָטערמילך אויסלאָזען פון די דריי מעש.

פון דער דריטער וואָך זאָל מען די קערנער געבען זיי נאָר דריי מאָל אין טאָג, אין דער פריה, אין מיטען טאָג און פאַר־נאכט. פון דער זעקסטער וואָך פערבייט מען די אויבענדערמאָהנטע קערנער אויף גלייכע טיילען געקרעקטען קאָרן און ווייץ.

קאַפּיטעל 8.

# די קינסטליכע פאַרמעהרונג פון עופות.

## (אינקיובײשאָן)

102 די מאשין (אינקיובייטאָר). — נאָך מיט טויזענד יאָהר צוריק האָט מען אין מצרים (יעגיפּטען) אויסגעבריהט היהנער אין אַזעלכע גרויסע אויוועגס, וועלכע האָבען פּאר־



From the Jewish Farmer

דער אינקיובייטאָר

ביטען די ווארימקייט פון דער הוהנ'ס קערפער. יעצט האָבען מיר אזא מאַשין (אינקיובייטאָר), וועלכע ווערט גערעגולירט, און גיט די ריכטיגע טעמפעראטור, וועלכע פאָדערט זיך צוליעב אויסבריהען די אייער.

עס זיינען פאראן פארשיעדענע מאשינען: איינינע פון זיי ווערען געווארימט מיט הייסע לופט, וואס קומט פון א לאָמפ, און וועלכען עס ברענט קעראסין; איינינע ווערען געווארימט מיט הייסע וואסער אדער מיט הייסע לופט, וועלכע געהט אין לאנגע רעהרען איבער דער מאַשין, די הויפט טיילען אין אלע מאשינעס זיינען פאָלגענדע: 1. די קאסטען (עג טשעמבער), אין וועלכען מען לעגט אריין, די אייער; 2. דער אפאראט צום ווארימען, און 3. דער רעגיולייטאָר, וועלכער קאָנטראָלירט די טעמפעראטור. אין איינינע מאשינעס געפינט זיך אונטען א פאַלץ וואוהין די היהנדע־לעך געהן אריין באלד ווי זיי געהן ארויס פון די אייער.



Courtesy Newtown Giant Incubator Corp.
א גרויסע מאשין מיט אבטיילונגען, וועלכע שטעלען זיך צוזאמען.

די גרויס פון דער מאשין איז אויך פארשיעדען. עס זיינען פאַראַן מאשינען נאַר פאר איינינע דוצענד אייער, און עס זיינען פאראן אזעלכע, וואס קאנען אויסבריהען צוואנציג טויזענד היהנ־דעלעך מיט איין מאָל. די גרויסע מאשינעס זיינען געמאכט, אז פאר יעדערע 600 אייער שטעלט זיך צו א טייל, וועלכע פאראיי־ניגט זיך מיט די איבעריגע. פון אן אויוון, וואס ווערט געהייצט געהן ארויס רעהרען מיט הייסע וואסער און ווארימען די אלע טיילען. דאס אויסבריהען מיט דער גרויסער מאשין קאסט ביליגער איידער מיט די קליינע מאשינעס. אזא מאשין לוינט זיך צו האבען צוליעב אויסבריהען היהנדעלעך פאר אנדערע.

103. א מאַשין אָדער היהנער זיינען בעסער. — אין איין פלאץ האט מען געמאכט עקספערימענטען מיט היהנער און מיט א מאשין אין דער זעלבער צייט. מען האט אויסגעבריהט מיט 71 היהנער און 68 מאָל מיט א מאשין. די רעזולטאטען זיינען געווען פאָלגענדע :

| | מיט היהנער | מיט א מאשין |
|---|---|---|
| טויטע היהנדעלעך אין די אייער | 5.3% | 15% |
| אויסגעבריהט זיך | 77.3% | 45.2% |
| טויטע ביז 4 וואָכען אלט | 17.1% | 24.1% |

פון די ציפערען זעהען מיר, אז מיט היהנער איז בעסער אויסצובריהען.

104. ווען מוז מען האָבען אַ מאַשין. — אַ מאשין מוז מען האבען, ווען מען וויל אויסבריהען פיעל היהנדעלעך. מיט היהנער איז דאס שווער אויסצופיהרען. אויך פאר די, וואס האל־טען אזעלכע היהנער, ווי די לעגהארנס, וועלכע זיינען ניט גוט צום זיצען און אויסבריהען די אייער, מוז מען האבען א מאשין. אויך פאר די, וואס פארקויפען קליינע היהנדעלעך צוליעב פלייש, איז נויטיג צו האבען א מאשין אום זיי זאלען קאנען אויסבריהען אין דער צייט, ווען עס איז נאך קאלט, און די היהנער ווילען נאך ניט זיצען, ווייל די פרייזען פאר קליינע היהנדעלעך צוליעב פלייש זיי־נען די בעסטע אין פריהלינג. אין אלגעמיין קאן מען זאגען,

אז די ענטוויקלונג פון דעם געשעפט מיט עופות האָט צו פאַרדאַנ־
קען דער מאַשין.

105. קויפען אַ מאַשין. — אַבוואָהל איהר דענקט אַנצופאַנ־
גען אויסבריהען גאַנץ ווייניג אייער, דאָך זאָלט איהר קויפען אַ
מאַשין פאַר 200 אָדער 300 אייער. איהר קאָנט דעם ערשטען
מאָל אָנפילען נאָר א האַלבע מאַשין מיט אייער, און שפּעטער,
ווען איהר וועט שוין האָבען מעהר ערפאַהרונג, קאָנט איהר פאַר־
גרעסערען די צאָהל אייער.

ווען איינער דאַרף קויפען דעם ערשטען מאָל אַ מאַשין איז
ראַטזאַם, אַז ער זאָל באַזוכען אין זיין נאָכבאַרשאַפט איינגע ער־
פאָלגרייכע לייטע, וואָס באַשעפטיגען זיך מיט עופות, און אויס־
געפינען ביי זיי פון וועלכע אינקיובייטאָרס האָבען זיי געהאַט
די בעסטע רעזולטאַטען, און דאַן זאָל מען קויפען דעם זעלבען
אינקיובייטאָר. ערשטענס, וועט איהר זיכער זיין, אַז דער סאָרט
אינקיובייטאָר איז גוט פאַר אייער געגענד, ווייל עס קאָן טרעפען,
אַז אַן אינקיובייטאָר זאָל זיין פאַר איין געגענד בעסער איידער
פאַר אַ צווייטען; און צווייטענס, ווען ביי אייך וועט עפּעס געהן
ניט ווי געהעריג, וועט איהר קאָנען אויסגעפינען ביי אייערע נאָכ־
באַרען די אורזאַך, ווייל זיי האָבען שוין די ערפאַהרונג מיט דער
זעלבער מאַשין.

106. וואָס הייסט אַ גוטער העטש (אויסבריהונג). — דער
אָנפאַנגער זאָל ניט ערוואַרטען, אַז פון די אַלע אייער, וואָס ער
לעגט אין מאַשין, זאָלען ארויסקומען היהנדעלעך, און אַלע היהנ־
דעלעך זאָלען אויסוואַקסען. אויב מען האָט פון הונדערט אייער 50
אָדער 60 היהנער אויסגעהאָדעוועט, הייסט עס ערפאָלגרייך. פּראָ־
פעסאָר לואיס שרייבט, אַז מען דאַרף נעהמען פינף אייער צום אויס־
בריהען אום צו פאַרזיכערען זיך מיט איין שטאַרקער יונגער הוהן
פאַר'ן נעקסטען ווינטער.

107. דאָס ארומגעהן ארום אַ מאַשין. — אין אַ קורצער
צייט קען מען זיך אויסלערנען ווי אַזוי ארומצוגעהן ארום אַ מאַשין,
ווען מען זאָל נאָר פּינקטליך אָפּהיטען אַלע איינצעלהייטען, וועלכע

דער פאבריקאנט פון דער מאשין שרייבט צו. עס איז אָבער וויכטיג, אז מען זאָל גוט פארשטעהן אין אלגעמיין די הויפט פרינציפּען און די פאָדערונגען פון אלע מאשינען; און צוליעב דיעזען צוועק וועלען מיר דאָ געבען א פולע ערקלעהרונג צו יעדער זאך וואָס די מאשין פאָדערט. דער אָנפאנגער, ווען ער לעזט וועגען דער מאשין. זאָל באטראכטען יעדער זאך אין דער מאשין, און זאָל זיך איבער־ציינען, אז ער פארשטעהט צוליעב וואָס איז יעדער טייל פון דער מאשין, און ווי אזוי דאָס ארבייט. מען זאָל פּרובירען די מאשין אָהן אייער, זאָל מען אָנצינדען דעם לאָמפּ, רעגולירען די טעמפּעראַ־טור, און זעהען ווי דאָס ארבייט, און דאן ערשט זאָל מען אָנפאנגען מיט ווענינ אייער.

108. די צייט צום אויסבריהען מיט אַ מאַשין. — עס איז זעהר וויכטיג, אַז מען זאָל די אייער אויסבריהען אין דער ריכטיגער צייט, אום די יונגע היהנער וועלכע וועלען ארויסקומען, זאָלען אָנפאנגען צו לעגען אייער אין הערבסט און זאָלען לעגען אייער א גאנצען ווינטער ווען די פּרייזען פאר אייער זיינען זעהר הויך. מיר דארפען וויסען, אז די קלענערע סאָרטען היהנער, ווי די לע־גהאָרנס, פאנגען אָן געוועהנליך צו לעגען אייער, ווען זיי זיינען פינף אָדער זעקס מאָנאטען אלט; און די גרעסערע סאָרטען, ווי די ווייענדאטס און רהאוד איילענד רעדס, פאנגען אָן צו לעגען אייער צו זעקס מאָנאטען, די פּלימוט ראקס — צו זיעבען מאָנאַטען, און די אַזיאַטישע סאָרטען היהנער, ווי די בראהמעס, פאנגען אָן צו לעגען אייער צו צעהן מאָנאַטען. אויב מען וועט די קליינע סאָרטען היהנער אויסבריהען אין פעברואר אָדער מארטש, קאָנען זיי אָנפאנגען צו לייגען אייער צום ענדע זומער, אין דער צייט ווען זיי פאנגען אָן בייטען די פעדערען; און, ווען די פעדערען בייטען זיך הערען זיי אויף צו לעגען אייער, און זיי קאָנען אויפ־הערען צו לעגען ביז מאַרטש, דאָס מיינט, אז מען וועט א גאנץ ווינ־טער ניט האָבען פון זיי קיין אייער, דאריבער זאָל מען די קלענע־רע סאָרטען היהנער, ווי די לעגהאָרנס, אָנפאנגען אויסצובריהען אין אפּריל און ענדיגען אין מאי; אָבער די גרעסערע סאָרטען היהנער

זאָל מען אָנפאַנגען אויסצובריהען אין פעברואר און ענדיגען אין מאַרטש. דאן וועלען אלע היהנער אָנפאַנגען צו לעגען אייער אין צייט, אויב מען וועט די יונגע היהנדעלעך אָפּהיטען מיט'ן עסען און מיט זייערע וואָהנונגען.

אויב מען האָט א גוטען מאַרק פאַר בראָילערס, דאָס מיינט-פאַר קליינע היהנדעלעך צוליעב פלייש, קאָן מען אָנפאַנגען אויס-צובריהען אין יאַנואר און פאַרטזעצען אין פעברואר. צוליעב בראָי-לערס זאָל מען אויסבריהען די גרעסערע סאָרטען היהנער, ווייל פון זיי וועט מען האָבען גרעסערע און שווערערע היהנדלעך.

109. דער פלאַץ וואו די מאַשין דאַרף שטעהן. — דער ערפאָלג פון אויסבריהען איז פיעל אָפּהענגיג פון דעם פלאַץ, וואו די מאשין שטעהט. דריי זאַכען פאָדערען זיך פון דעם פלאַץ: ערשטענס, דאָרט דאַרף אימער זיין א גלייכע טעמפּעראַטור, ביי-נאָהע 60 גראַד פארענהייטס (12 גראַד רעמיורס); צווייטענס. אין דעם צימער, וואו די מאַשין שטעהט, דאַרף זיין א גוטע ווענטי-לאַציאָן אום די לופט זאָל אימער זיין ריין און פריש, אָבער מען זאָל פאַרהיטען, אז קיין צוגווינטען זאָלען ניט זיין, און די זון זאָל ניט שיינען אויף דער מאשין; דריטענס, דער צימער זאָל זיין ניט צו טרוקען און ניט צו פייכט, אָבער א ביסעל פייכטקייט מוז זיין.

אויב איהר האָט ניט קיין באַזונדער געביידע פאַר דער מאשין, קאָן מען זי שטעלען אין קעלער אונטער'ן הויז. דער קעלער מוז זיין טרוקען, ריין און מיט גוטע ווענטילאַציאָנען. אויב אין קעלער איז פאראן אַן אויווען אדער פיעל גאָרטענוואַרג, זאָל מען בעסער קיין מאשין דאָרט ניט שטעלען. אויב איהר האָט א פענסטער אין קעלער, זאָלט איהר זי האַלטען אָפען און די לאָך פאַרשטעלען מיט מאַזלין (דינע, שיטערע לייוונד), וועט איהר אימער האָבען פרישע לופט אָהן צוג-ווינטען. אויב איינער וויל שטעלען די מאַ-שין אין א צימער פון הויז, מוז ער גוט אכטונג געבען אויף דער טעמפּעראַטור אין דער מאַשין, און איבערהויפּט מוז מען האָבען עטוואס פייכטקייט אין צימער, ווי מיר וועלען שפּעטער שרייבען.

די בעסטע זאך איז צו האָבען אַ באַזונדער קעהלער. פאַר די,

וואס האָבען אייניגע מאַשינען, וועט זיך געווים באַצאָהלען צו האָ־
בען אזא קעהלער. אויך דאַרף מען ניט פאַרגעסען, אז פיעלע
פייער אינשורענס קאָמפּאַניעס וועלען ניט אננעהמען די פאַרזי־
כערונג פון פייער אויף דעם הויז, אויב מען האלט א מאַשין אין
קעהלער פון הויז.

א קעהלער צוליעב דער מאַשין מאַכט מען פון 8 ביז 10 פוס
הויך. אַ העלפט פון דער טיעפקייט קאַן זיין אין דער ערד. די
ווענט אין דער ערד מאַכט מען פון שטיינער אָדער ציגעל: און
די העלפט וואַנט, וואס קומט אויס אויף דער ערד, מאַכט מען פון
האָלץ. דעם פלאָר מאַכט מען פון קאָנקריט, און אין מיטען זאָל
ער זיין עטוואס העכער, אום די וואסער זאָל אראָפּרינען ווען מען
באַנעצט דעם פלאָר. די פענסטער אין קעהלער זאָל מען מאַכען
פון איסט (מזרח זייט) אָדער פון וועסט (מערב זייט) און די טיר
פון די סאַוט (דרום זייט). די פענסטער מאַכט מען אינוועניג
אין קעהלער אויף הינדזשעס (זאַוויסעס) פון אונטען, אז מען זאָל
קאָנען עפענען נאָר פון אויבען אביסעל און צובינדען מיט אַ קייטע־
לע. דאַן וועט קאָנען אריינקומען פרישע לופט אָהן א צוג־ווינד.
אויפ'ן פענסטער זאָל זיין א פאָרהאַנג, און מען זאָל אַיהם אראָפּלאָ־
זען ווען די זון שיינט דורכ'ן פענסטער. אייניגע מאַכען אנשטאָט
א פענסטער פון גלאָז צוויי פריימס באַשלאָגען מיט שיטערע ליי־
ווענד. איין פריים שלאָגט מען צו פון דרויסען פון אויבען, אז
דאָס זאָל זיך עפענען פון אונטען ארויף, און די צווייטע פריים
שלאָגט מען צו אינוועניג אין קעהלער, אז דאס זאָל זיך עפענען
פון אויבען אראָפּ, און ביידע פריימס זאָלען זיין אָפּען וועניגער פון
א העלפט. דאַן וועט אימער זיין פרישע לופט אָהן צוג־ווינדען.
אויך איז ראַטהזאַם צו האָבען צוויי טירען צו פארהיטען פון א
ווינט.

די וויכטיגקייט פון פרישע לופט האָט מען אויסגעפונען אין
איין קאָלעדזש, וואו מען האָט געהאַלטען דריי מאַשינעס אין דריי
צימערען. אין ערשטען צימער איז ניט געווען קיין ווענטיליאַ־
ציאָן, אין צווייטען צימער אביסעל ווענטיליאַציאָן, און אין דריי־

טען גוטע ווענטילאציאן. דער רעזולטאט איז געווען אז אין ערשטען צימער האבען זיך אויסגעבריהט 30% און פון זיי זיינען געבליבען לעבען 45%, אין צווייטען צימער האבען זיך אויסגעבריהט 52% און פון זיינען געבליבען לעבען 67% און פון דריטען צימער זיינען ארויס 61% און פון זיי זיינען געבליבען לעבען 91%.

110. **ווי אזוי אוועקצושטעלען די מאשין.** — מען זאל ניט שטעלען די מאשין נעבען א קאלטער וואנט, ווייל דארט וועט שווער זיין צו רעגולירען די טעמפעראטור.

ווען עס קומט א נייע מאשין זאל מען פארזיכטיג צופאקען זי, און מען זאל גוט באמערקען און אפצייכענען וואוהין וועלכע טיילען געהערען, אום מען זאל נאכהער קיין טעות ניט האבען. פריהער שטעלט מען אריין די פאדערשטע פיס און נאכהער שטעלט מען די מאשין און מען שטעלט אריין די הינטערשטע פיס, די מאשין דארף שטעהן פעסט און גלייך. דאס דארף מען אויספרובירען מיט א ספיריט לעוועל, וועלכען מען לעגט פריהער אויף דער לענג און נאכהער אויף דער ברייט פון דער מאשין.

111. **רייניגען די מאשין.** — אלע טיילען פון דער מאשין, סיי א נייע און סיי אן אלטע, זאל מען פריהער גוט אויסוואשען מיט וואסער און זייף פאודער מיט א בראש, און לאזען זי אויסטריקענען זיך און אויסלופטערען זיך אין א פלאץ וואו די זון שיינט. נאכהער, מיט 10 אדער 12 שטונדען פריהער איידער מען לעגט אריין די אייער, זאל מען די מאשין אויסוואשען מיט א פליסיגקייט, וואס ענטהאלט אן אכטעל קווארט קריאלין אויף 9 קווארט וואסער. קיין קארבאליק עסיד זאל מען ניט געברויכען אלס דיזינפעקציאן, ווארים עס וועט שמעקען אין דער מאשין, און דאס קאן שאדען די אייער.

112. **דער לאמפ.** — מיט א נייער מאשין שיקט מען א לאמפ, און געוועהנליך ארבייט ער גוט. אויב ביי אייך איז אן אלטער לאמפ, זאלט איהר זיך צוקוקען, אויב די מאשינקע (באירנער) איז אין ארדער, די רעהר אין וועלכער עס געפינט זיך דער קנייטעל זאל ניט זיין צובויגען און די רעדעל זאל דרעהען דעם

קנייטעל גרינג, אָבער דער קנייטעל זאָל ניט זיין שוואַך אין רעהר. דער לאַמפּ זאָל קיינמאָל ניט רויכערען. איהר זאָלט געברויכען די קעראָסין, וואָס מען רופט „עסטראל אויל". יעדער טאָג אין דער זעלבער צייט זאָל מען אָנגיסען דעם קעראָסין. די בעסטע צייט צו אָנגיסען דעם לאַמפּ איז ארום האלבען טאָג. און אָנגיסען זאָל מען מיט א האלבען אינטש ניט פול, און מען זאָל דעם לאַמפּ גוט ארום־ווישען. אין דער זעלבער צייט זאָל מען מיט אַ זאַמד־פּאַפּיער פאַר־זיכטיג אָפּרייניגען די שווארצקייט פון דעם באַירנער (מאַשינקע). און מיט אַ מעטש (שוועבעלע) ארומרייניגען דעם קנייטעל, און איין מאָל אין דריי טעג זאָל מען ארומשניידען דעם קנייטעל. מען קאָן שניידען האלב־קיילעכדיג אָדער גלייך, נאָר קיין שפּיצען זאָלען ניט זיין. ווען מען צינדט אָן דעם לאַמפּ, זאָל מען מאכען דעם פייער קלענער איידער ער דאַרף זיין, ווייל, ווען די מאשין רעד־ווארימט זיך, ווערט דער פייער גרעסער. אין 20 מינוט ארום נאָכ'ן אָנצינדען דעם לאַמפּ זאָל מען אַ קוק טאָן, אויב דער פייער איז אליין ניט גרעסער געוואָרען, זאָל מען איהם גרעסער מאכען. צו יעדען מאָל אויסבריהען זאָל מען קויפען אַ נייעם קנייטעל. די כלי מיט די קעראָסין זאָל ניט שטעהן אין דעם קעהלער, וואו די מאשין געפינט זיך. דאס איז שעדליך צום אויסבריהען. מען האָט אויסגעפונען, אז וואו מען האָט געהאלטען די קעראָסין אין קעהלער זיינען ארויסגעקומען ביז 17% ווענייגער היהנדעלעך.

113. דער היטער. — דער היטער, אין וועלכען דער לאַמפּ שטעהט, קומט פון דער פעקטאָרי פאַראייניגט מיט דער מאשין. און איהר זאָלט איהם ניט ריהרען פון אָרט. איהר דאַרפט נאָר זעהן, אז ער זאָל אינוועניג אימער זיין ריין. אויב דער לאַמפּ האָט צופעליג גערויכערט, זאָלט איהר אויסרייניגען אויך דעם היטער. דאָס קאָן מען טאָן מיט אַ גראָבען דראָט צו איין זייט צוגעבונדען אַ טיכעלע. די גלאָז פון היטער זאָל זיין ריין, אז מען זאָל קאָנען גוט זעהן דעם פייער אינוועניג. אויב די גלאָז צוברעכט זיך, זאָל מען באלד ארייננשטעלען אַן אנדער גלאָז.

114. דער טערמאָמעטער צום מאשין. — מען מוז זיין

זיכער, אז דער טערמאָמעטער ווייזט ריכטיג די גראדען פון דער טעמפּעראטור. צו יעדער נייער מאשין גיט מען א טערמאָמעטער. אן אַלטער טערמאָמעטער קאָן זיין, אז ער איז קאַליע געוואָרען און וועט ניט ווייזען די ריכטיגע טעמפּעראטור. דעריבער זאָל מען דעם אַלטען אויספּרובען מיט א ריכטיגען טערמאָמעטער. א ריכטי־גען טערמאָמעטער, אויב מען האלט דריי מינוטען אונטער'ן צונג פון א געזונטען מענשען, דארף ער ווייזען 98½ גראד פארענהייטס. מען נעהמט דעם אַלטען און דעם גוטען טערמאָמעטער און מען לעגט זיי ביידען אריין אין הייסע וואסער פון 105 גראד. מען האלט זיי איינס נעבען דעם אנדערען, און מען באוועגט זיי ביז די וואסער קיהלט זיך אָפּ און עס ווערט 100 גראד, דאן קענט איהר זעהן דעם אונטערשיעד.

אויב אייער טערמאָמעטער האָט זיך צובראָכען, זאָלט איהר קויפען א גוטען. שפּאָרט נייט קיין געלד. צאָהלט בעסער אָפּ 3 אָדער 4 דאָלאר פאר א טערמאָמעטער, דאָס וועט זיך אייך באצאהלען מיט איין מאָל אויסבריהען.

אין יעדער מאשין ווערט אָנגעוויזען א פּלאץ, וואו דער טער־מאָמעטער דארף זיך געפינען, איהר זאָלט קיינמאָל ניט איבער־בייטען דעם פּלאץ. איידער מען הענגט אויף דעם טערמאָמעטער, זאָל מען איהם א טרייסעל טאָן, אז די קוועקזילבער זאָל זיך אפּזע־צען אויפ'ן דעק.

115 דער רעגולייטאָר. — דער רעגולייטאָר איז געמאכט אזוי, אז ווען די די טעמפּעראטור ווערט צו הויך, הויבט זיך אויף דער דיסק, דאָס איז די דעקעלע, וואָס איז איבער דער לאָך פון היטער, און פון דאָרט געהט ארויס די איבעריגע היץ. ווען עס קומט אָן א נייע מאשין און מען דארף אליין צונויפשטעלען אייניגע טהיי־לען פון רעגולייטאָר, זאָל מען זיך צוקוקען צו דער בילד פון רעגו־לייטאָר, וועלכע געפינט זיך אין דעם ביכעלע, וואָס מען שיקט אייך פון פעקטאָרי, און איהר זאָלט יעדער טהייל גוט צופּאסען אויף זיין פּלאץ. איבערהויפּט זאָל מען זעהן, אז דער פּיוואָט קעסטינג זאָל ליגען ריכטיג אין דעם ביעם קעסטינג (די נעמען און זייער פּלאץ

וועט איהר געפינען אין ביכעל). דער דיסק זאָל אויסקומען פונקט געגען דער לאָך פון היטער, און זאָל גוט פערדעקען די גאנצע לאָך, ווען מען לאָזט איהם אראָפּ.

116. די טעמפעראַטור. — וואו דער טערמאָמעטער איז איין אינטש ווייט פון די אייער דאַרף די טעמפעראַטור זיין די ערשטע וואָך 102 גראד פארענהייטס. די צווייטע וואָך 103 גראד און די דריטע וואָך 104 גראד. מען זאָל קיינמאָל ניט דערלאָזען צו 106 גראד. אויב עס האָט געטראָפען ביי א צופאל אזא הויכע טעמפעראטור, זאָל מען באלד אָפּקיהלען די אייער ביז נידעריגער פון 100 גראד, און די מאשין זאָל מען גוט אויסלופטערען.

ווינטער, ווען די נעכט זיינען זעהר קאלטע, זאָל מען פארנאכט מאכען דעם פייער עטוואָס גרעסער, און אין פריהלינג, ווען דאס וועטער איז שוין ווארעם, זאָל מען מאכען עטוואס קלענער. אין אלגעמיין דאַרף מען וויסען, אז א העכערע טעמפעראטור פון 104 גראד אין דער ערשטער וואָך קאָן טויטען אלע היהנדעלעך אין די אייער.

איידער מען לעגט אריין די אייער אין דער מאשין זאָל מען די מאשין ווארימען 24 שטונדען און נאָך בעסער איז, אז מען זאָל זי ווארימען 2 טעג. ווען מען צינדט אָן דעם לאָמפּ אין דער לע־דיגער מאשין, זאָל מען דעם סטיל נאָט(די אויבערשטע שרייפל) אָפּשרויפען אויף א האלבען אינטש פון פּיוואָט קעסטינג, ביז דער דיסק לאָזט זיך אין גאנצען אראָפּ, און פארדעקט די לאָך פון היטער. ווען די טעמפעראַטור וועט ווערען 103 גראד, זאָל מען צוריק צו־שריפען דעם סטיל נאָט ביז דער דיסק וועט זיך אויפהויבען פון דער לאָך אויף אַן אכטעל אינטש, און אזוי זאָל עס בלייבען.

מען זאָל זיך אָבער אין גאנצען ניט פארלאָזען אויף דעם רע־גולייטאָר. איהר מוזט אליין אכטונג געבען, אויב אין דער מאשין איז די ריכטיגע טעמפעראַטור.

117. אריינלעגען די אייער אין מאַשין. — וועגען די אייער צוליעב אויסבריהען האָבען מיר געשריבען אין פאראגראף 80. איהר מוזט אלעס אָפּהיטען ווי דאָרט איז געשריבען. דאָ ווילען מיר נאָר

אויפמערקזאם מאכן: ערשטענס, אז אלע אייער זאלן זיין פון דער זעלבער גרויס. אויב עס וועלן זיין קליינע און גרויסע אייער וועלן זיי זיך ברעכן ווען מען וועט זיי איבערקעהרען, און די טעמפעראטור וועט ניט אויף אלע אייער זיין דיזעלבע; צווייטענס, אלע אייער זאלן זיין ווייסע אדער ברוינע און פון איין סארט היהנער, וויל פון די ווייסע אייער געהען די היהנדעלעך ארויס פריהער איידער פון די ברוינע, און עס פארשטעהט זיך, אז עס איז פיעל בעסער, אז אלע היהנדעלעך זאלען ארויסקומען אין דערזעלבער צייט.

קיין קאלטע אייער זאל מען ניט לעגען אין מאשין. פאר'ן אריינלעגען אין מאשין זאל מען זיי האלטען אייניגע שטונדען אין הויז אוועקגעשטעלט מיט דעם ברייטען זייט ארויף. אין מאשין זאל מען אלע אייער לעגען מיט'ן ברייטען זייט צו איין זייט פון מאשין, דאן וועט גרינגער זיין צו נעמען זיי צום טעסטען.

די אייער זאל מען אריינלעגען אין מאשין נאר אין דער פריה, אום מען זאל קענען דורכ'ן טאג אכטונג געבען פיליכט וועט זיך די טעמפעראטור אין דער מאשין ענדערען, ווען די אייער וועלען זיך דערוואָרימען. פון די קאלטע אייער ווערט געוועהנליך די טעמפעראטור נידעריגער. זאל מען דאס אזוי לאזען, און ניט גרעסער מאכען דעם פייער, וויל שפעטער וועט די טעמפעראטור העכער ווערען. ווען מען לעגט אריין די אייער זאל מען די ערשטע 48 שטונדען ניט עפענען די מאשין.

118. ווענטילאציאן אין מאשין. — די אייער אין דער מא־שין מוזען האבען פרישע לופט, מיט וועלכע אלע לעבעדיגע באשעפענישען אטהעמען. אויך ווייס מען, אז אין דער צייט, וואס די אייער זיינען אין מאשין, געהט פון זיי ארויס א שעדליכער גאז. דעריבער איז נויטיג צו האבען אין דער מאשין א גוטע ווענטילא־ציאן, דאס מיינט, אריינצולאזען פרישע לופט און ארויסלאזען די שלעכטע לופט.

אין די קליינע אינקובייטארס זיינען פאראן דריי מעטאדען פון ווענטילאציאן. די ערשטע און בעסטע איז, וואו די פרישע

לופט קומט אריין אין מאשין דורך דעם אפאראט, וואו דער לאַמפּ שטעהט. גוט איז עס, ווייל די לופט, וואָס קומט אַריין, איז פריי־הער אַנגעוואָרימט. די צווייטע איז אַ ווענטילאציאָן אין די ווענט. די דריטע איז, וואו מען מאכט טהירלעך אונטען אין דער מאשין. אין אייניגע מאשינען זיינען פאראן אלע דריי ווענטילאציאָנען, אין אייניגע — נאָר צוויי, און אין אייניגע — נאָר איינע.

וועלכע ווענטילאציאָן עס זאָל ניט זיין, מוז מען זעהן, אז אימער זאָל אריינקומען גענוג פרישע לופט, נאָר ניט צו שטארק. דעריבער איז גוט, אז מען זאָל די אָפּענע פלעצער פאַרדעקען מיט מאַזלין (דינע לייוועונד).

צו יעדער מאשין איז פאראן אַ צושריפט ווי אַזוי צו באַגעהן זיך מיט׳ן ווענטילייטאָר, דאָך מוז יעדערער פארשטעהן, אז אונ־טער געוויסע אומשטענדען קאָנען זיין ענדערונגען.

פון צופיעל לופט טריקענט זיך צופיעל אוים די פייכטקייט פון די אייער, דאָס איז זעהר שעדליך, ווי מיר וועלען שפּעטער זעהן. איבערהויפּט די ערשטע צעהן טעג זאָל מען זיין פאָרזיכטיג אז אין דער מאשין זאָל ניט זיין צופיעל לופט, ווייל פון צופיעל לופט וועלען די היהנדעלעך אין די אייער צו שנעל און צו שטאַרק אָנ־פאנגען צו ענטוויקלען זיך און וועלען בלייבען טויט, און די וואָס בלייבען לעבען וועלען שטארבען יונגערהייט. אין אלגעמיין קאָן מען זאָגען, אז די ערשטע וואָך דאַרף מען ווייניגער לופט איידער די צווייטע וואָך, און די דריטע וואָך ביז דעם 19טען טאָג דאַרף זיין מעהר איידער די צווייטע וואָך. וואו עס זיינען פאראן טהיר־לאך צוליעב ווענטילאציאָן קאָן מען פון אָנפאנג עפענען נאָר א ביסעל, און ביסלעכווייז עפענען אלץ מעהר. ווען די היהנדעלעך געהן שוין ארוים פון די אייער זאָלען די ווענטילאטאָרען זיין איז גאַנצען אָפּען.

איבערהויפּט דאַרף מען רעגולירען די ווענטילאציאָן פּראָפּאָר־ציאָנעל מיט די פייכטקייט וואָס ווערט אויסגעטריקענט פון די אייער, ווי מיר וועלען זעהן אין נעקסטסטען פאראגראף.

119. פייכטקייט אין מאַשין. — אין דער צייט פון אויס־

בריהען פארלירען די אייער א טייל פון דער פייכטקייט וואס זיי ענטהאלטען. וואס מעהר דאס איי טריקענט אוים ווערט אלץ גרעסער דער ליידיגער פלאץ אין דעם ברייטערען זייט פון דעם איי. אין א פרישער איי קאן דער ליידיגער פלאץ זיין נאר אן אכטעל אינטש. אויפ'ן דריטען טאג דארף דער ליידיגער ארט זיין א פיערטעל אינטש, אויפ'ן אכטען טאג — דריי־אכטעל אינטש, אויפ'ן פינפצעהנטען טאג — פינף־אכטעל אינטש און אויפ'ן נייןצעהנטען טאג — דריי פערטעל אינטש. איין וואג פערלירען זיי די ערשטע פינף טעג 8.28 אונסעס אויף 100 אייער פון מיטעלער גרויס, די נעקסטע 7 טעג — עטוואס מעהר פון 12 אונסעס און ביז צום ענדע פון אויסבריהען — נאך 12 אונסעס. מען קאן פון אנפאנג אפוועגען די טרעי מיט די אייער און פערשרייבען. און נאכהער וועגען אויף דעם פינפטען טאג און צוועלפטען טאג. אויב די



דער ליידיגער פלאץ אין דעם איי דעם 1-טען, דעם 7-טען, דעם 14-טען און דעם 19-טען טאג פון אויסבריהען.

אייער פארלירען צופיעל פייכטקייט וועלען דער גרעסטער טהייל היהנדעלעך שטארבען אין די אייער, און די, וואס וועלען ארויסקריכען מיט שוועריגקייטען פון דעם איי, וועלען שטארבען קליינערהייט, אדער זיי וועלען בלייבען שוואכע און קראנקע. אין געגענדען, וואו די לופט איז פייכט ווי, צום ביישפיעל, נאהענט פון ים,

דאַרף מען וועניגער זאָרגען וועגען פייכטקייט, אָבער אין די טרו־קענע געגענדען מוז מען גוט אכטונג געבען, אז עס זאָל זיין אימער גענוג פייכטקייט. אויך דער פּלאַץ, וואו די מאַשין שטעהט, שפּיעלט אַ וויכטיגע ראָלע. אויב די מאַשין שטעהט אין אַ טרו־קענעם פּלאַץ, וועלען די אייער געוויס פאַרלירען צופיעל פייכטקייט. אויך דאַרפען מיר געדענקען, אז די פייכטקייט איז פיעל אָפּהענגיג פון דער ווענטילאַציאָן. וואס מעהר לופט עס קומט אריין אין מאַ־שין, אַלץ גיכער וועלען די אייער אויסטריקענען, איבערהויפּט אויב די מאַשין שטעהט אין אַ טרוקענעם צימער.

יעצט זיינען פאַראַן מאַשינען, אין וועלכע עס איז פאַראַן אונ־טען אַ כלי מיט וואסער, און עס איז פאַראַן אַ הייגראָמעטער, וועל־כער ווייזט די גראַדען פון פייכטקייט אין דער מאַשין. מען דאַרף האָבען פון 60 ביז 65 גראַד פייכטקייט. דאס איז אָבער ניט אימער זיכער, איבערהויפּט פאַר אַן אָנפאַנגער איז בעסער, אז ער זאָל זיך צוקוקען צו דעם לעדיגען פּלאַץ, וואָס ווערט אין דעם איי, אָדער ער זאָל וועגען די אייער ווי אויבען דערמאָנט.

ווען מען באַמערקט אז די אייער ווערען צופיעל אויסגעטריקענט מוז מען צוגעבען פייכטקייט. מען קאָן אוועקשטעלען אונטער דער מאַשין אַ כלי מיט זאַמד, וועלכע מען האַלט אימער נאס. אייניגע באַשפּריצען די ווענט און דעם פלאָר (פוסבאָדען) פון דעם קעהלער וואו די מאַשין שטעהט.

צופיעל פייכטקייט איז אויך שעדליך פאַר די אייער. אויב מען באַמערקט, אז דער ליידיגער פּלאַץ אין די אייער ווערט ניט גרע־סער, און זיי פאַרלירען ניט אין וואָג, זאָל מען מעהר צועפענען די ווענטילאַציאָן פון דער מאַשין. אויך איז גוט צו שטעלען אונ־טער דער מאַשין אַ כלי מיט געלאָשענע קאַלך.

120. איבערקעהרען די אייער. — ווען מען וועט לאָזען די אייער די גאַנצע צייט ליגען אויף איין זייט, קאָן דער קערענדעל, פון וועלכען עס ענטוויקעלט זיך די היהנדעלע, צוקלעפּען זיך צום שאָלעכץ, און קיין היהנדעלע וועט ניט ארויסקומען. אַ הוהן, ווען זי זיצט אויף די היהנדעלעך, קעהרט זי איבער די אייער מיט

איהר קערפּער אָדער מיט'ן שנאָבעל, און אין מאשין מוזען מיר איבערקעהרען. פון דעם דריטען טאָג אין אבענד ביז דעם אַכט־צעהנטען טאָג פאר־נאכט זאָל מען איבערקעהרען צוויי מאָל א טאָג, אין דער פריה און פאר־נאכט.

די הענט זאָל מען וואשען איידער מען קעהרט איבער די אייער. די קראַסין אין לאָמפּ זאָלען מען בעסער אָנגיסען נאכ'ן איבער־קעהרען. ווען מען דארף זיי איבערקעהרען, נעמט מען ארויס די טרייס מיט די אייער און מען פאַרמאכט די טהירעל פון דער מאשין פאָרזיכטיג, אז מען זאָל ניט א קלאַפּ טאָן, ווארים מיט א קלאַפּ קען מען שעדיגען דעם רעגולייטאָר. איבערקעהרען זאָל מען זעהר פאָרזיכטיג, ווארים, ווען מען טהוט דאָס איי שטארק א טריי־סעל קאָנען זיך איבעררייסען די פעדעמליך, וואס ציהען זיך אין דעם איי, און דיזע דינע פעדעמליך זיינען די טהיילען פון דעם קערפּער פון דעם היהנדעלע, וואָס דארף ארויס פון דעם איי. זעלבסטפערשטענדליך, אז אויב די פעדעמליך ווערען איבערגעריסען קען שוין קיין היהנדעלע פון אזא איי ניט אַרויסקומען. די אייער דארף מען ניט איבערקעהרען פון איין זייט אויפ'ן צווייטען, נאר עס איז גענוג, אז מען זאָל זיי א ביסעל א קעהר טהאָן. איבער־קעהרען קאָן מען, ווען מען נעהמט ארויס אין מיטען פון טריי צוויי רייען אייער, און נאכהער קייקעלט מען שטיל און פאָרזיכטיג די אייער פוןביידע זייטען צו דעם לעדיגען פּלאַץ פון וואנען מען האָט ארויסגענומען די צוויי רייהען, און די לעדיגע פּלעצער, וואס וועלען יעצט בלייבען פוןביידע זייטען, פילט מען אָן מיט די אייער, וואס מען האָט פריהער אַרויסגענומען. עס איז ניט נויטיג, אז די אייער זאָלען ליגען אין גלייכע רייהען. אין אייניגע מאשינעס זיינען יעצט געמאַכט געוואָרען די טרייס, אז מען זאָל קאָנען גרינג איבערקעהרען די אייער ניט האלטענדיג זיי מיט די הענט. מען דארף נאָר נאָכפאָלגען ווי עס איז צוגעשריבען פון פאבריקאנט. ווען מען שטעלט אריין צוריק די טרייס מיט די אייער, זאָל מען זיין פאָרזיכטיג, אז מען זאָל ניט א קלאַפּ טהאָן דעם טערמאָסטעד, וואָ־רים דערמיט וועט מען איבערפיהרען דעם גאנצען רעגולייטאָר.

ווען מען שטעלט אריין די טרייס זאָל מען שטעלען אַזוי, אַז דער זייט, וועלכער איז פריהער געווען צום טהיר פון מאשין, זאָל יעצט אויסקומען צום וואנט. די מאשינען, וואָס האָבען צוויי טרייס, זאָל מען נאָך דער ערשטער וואָך, יעדער טאָג אין דער פריה, איבער־שטעלען די טרייס; די, וואָס איז געשטאַנען פון דער לינקער זייט, זאָל מען שטעלען פון דער רעכטער, און פארנאכט זאָל מען ביידע טרעים שטעלען אַזוי, אַז די זייטען, וואס זיינען אויסגעקומען נעבען טהיר, זאָלען יעצט זיין צום וואנט. אין דעם טאָג, וואס מען דארף טעסטען (פּרובען) די אייער, דארף מען זיי ניט איבערקעהרען. דעם אַכטצעהנטען טאָג פאר־נאַכט זאָל זיין דער לעצטער מאָל, וואָס מען קעהרט זיי איבער. מען זאָל ניט פארגעסען צו־צומאַכען די טהירעל פון דער מאַשין, ווען מען נעמט אַרוים די אייער צוליעב איבערקעהרען.

נעבען יעדער מאשין דארף שטעהן אַ טישעל, אויף וועלכען מען קעהרט איבער די אייער.

121. אָפּקיהלען די אייער. — אין יעצטיגע מאשינען איז אַלעס געמאכט געוואָרען אַזוי, אַז מען דארף גאָר ניט אָפּקיהלען די אייער, אויב מען בריהט אוים אין קאַלטען וועטער. זיי קיהלען זיך אָפּ אין דער צייט וואָס מען קעהרט זיי איבער.

אויב מען בריהט זיי אוים אין אַפּריל אָדער שפּעטער זאָל מען אָנפאַנגען אָפּקיהלען פון דריטען טאָג נאָכ'ן אַריינלעגען די אייער אין מאַשין. מען קען אָנפאַנגען אָפּצוקיהלען נאָך 5 מינוט, און יעדען טאָג קיהלען מיט איין מינוט מעהר. פון דעם צעהנטען טאָג אַז קען מען קיהלען פון 15 ביז 20 מינוט.

ווען מען לעגט צו אַן איי צום אויג און מען פיהלט ניט קיין וואַרימקייט איז דאָס אַ באַוויז, אַז מען דארף שוין אריינשטעלען צוריק אין מאַשין.

אָפּקיהלען זאָל מען נאָר ביז דעם נייַנצהנטען טאָג.

122. טעסטען די אייער. — טעסטען מיינט אויסצוגעפינען, אויב די אייער זיינען פּרוכטבאר, און אויב די היהנדעלעך אין די אייער ענטוויקלען זיך ווי געהעריג. איידער מען לעגט אין מאשין

דארף מען ניט טעסטען, ווייל דאן קאן מען נאר זעהן אויב דאס איי איז ניט קאליע (געספאילט), און קיינער וועט דאך ניט גע-ברויכען קיין אייער וואס זיינען ניט פריש. טעסטען זאל מען אויף דעם זיבעטען און פיערצעהנטען טאג פון אויסבריהען, און מען זאל עס טהאן אין א פינסטערען צימער. מיט יעדער מאשין שיקט מען א טעסטער, און אויב מען האט ניט, קאן מען מאכען א לאנגע רעהר פון קארדבארד פייפער (קארדאן). אין איין זייט רעהר שטעלט




די אויבערשטע בילד ווייזט ווי מען טעסטעט די אייער. דער 1 ווייזט א געוועהנליכען טעסטער; דער 2 ווייזט ווי מען דארף האלטען די איי; דער 3 ווייזט דעם לאמפ; דער 4 ווייזט די ניט געטעסטעטע אייער; דער 5 ווייזט די ניט פרוכטבארע אייער און דער 6 ווייזט די גוטע אייער.




די מיטעלסטע בילד ווייזט אייער אויפ'ן זיבעטען טאג פון אויסבריהען. פון דער לינקער זייט איז בעוויזיז א פרישע איי, אין מיטען איז אן איי מיט א שוואכען דזשאירם און פון דער רעכ-טער זייט אן איי מיט א שטארקען דזשאירם.




די בילד אונטיז ווייזט אייער אויפ'ן פיערצעהנטען טאג פון אויסבריהען. פון דער לינקער זייט איז בעוו-ויזען ווי עס ענטוויקעלט זיך א שטארקע היהנדעלע; אין מיטען איז א שוואכע, און פון דער רעכטער זייט איז די היהנדעלע שוין טויט.

מען אַריין דאס איי מיט'ן ברייטען זייט צו דער ליכט, און פון צוויי־טען זייט רעהר קוקט מען אויפ'ן איי.

אויפ'ן זיבעטען טאָג, אויב דאָס איי איז פרוכטבאר, וועט מען באמערקען אויף א דריטעל וועג פון דעם ברייטערען זייט פון דעם איי צוויי דונקעלע פלעקען איינער נעבען דעם אנדערען, און איינער איז עטוואָס גרעסער פון דעם צווייטען. פון די פלעקען ציהען זיך אַזוי ווי פעדעמליך. דאָס זעהט אויס ווי אַ שפין מיט זיין געוועב, און ווען מען קעהרט דאָס איי באוועגען זיך די פעדעמ־לאך. ווען מען זאָל א קוק טהאָן מיט א פארגרעסערונגס־גלאָז, קאָן מען באַמערקען א לונגען, א לעבער, א הארץ און אנדערע טיילען פון דעם קערפער, אויסער די אויגען וועלכע פאָרמירען זיך ערשט אויפ'ן צעהנטען טאָג.

אויב דער פלעק אין דעם איי איז רויט, און די פעדימלעך זיי־נען צונויפגעדרעהט און באוועגען זיך ניט ווען מען קעהרט דאָס איי, באווייזט עס, אז די היהנדעלע האָט זיך אָנגעפאנגען צו ענט־וויקלען, נאָר דורך עפּעס אַן אורזאך איז דאָס געבליבען טויט. אזא איי, אויב מען לאָזט ליגען אונטער דער הוהן אָדער אין דער מאשין, וועט עס געוויס שאדען די אנדערע אייער, ווייל דאָס איי וועט אָנפאַנגען צו פוילען. אויב דאָס גאנצע איי איז נאָר אין סענטער עטוואָס דונקעל, זאָל מען וויסען, אז דאָס זעהט זיך דאָס געלכעל פון דעם איי, און דאָס איי איז ניט פרוכטבאר. אמאָל קאָן טרעפען, אז דאָס איי איז אינגאנצען אינוועניג ריין און קלאָר, אזא איי איז געוויס ניט פרוכטבאַר. אויף דעם פערצעהנטען טאָג דארף דער לעדיגער פלאץ אין דעם איי זיין פיעל גרעסער איידער אויפ'ן זיעבעטען טאָג, און דאָס איבעריגע איי דארף זיין אומעטום גלייך גוט דונקעל און דאָס היהנדעלע פיעל גרעסער. אויב מען זעהט אָבער אַ פינסטערע מאסע ארום דעם פלאץ, וואו די לופט איז אין דעם איי, איז דאָס אַ באַווייז, אַז די היהנדעלע איז טויט. די ניט פרוכטבאַרע אייער קאָן מען האלטען און געבען דאָס עסען צו די קליינע היהנדיעלער. אויב אָבער אין דעם איי איז אַ טויטע היהנדעלע, זאָל מען עס ניט

געברויכען פאר די היהנדעלער. ווען די טעמפּעראטור אין קעהלער איז נידריג זאל מען אין דער צייט פון טעסטען צודעקען די אייער מיט א ווארימער זאך.

123. די לעצטע טעג פון אויסבריהען. — פון דעם 18טען טאג ביז די היהנדעלער קומען ארויס זאל מען די מאשין ניט עפענען. איידער מען פארמאכט די מאשין דעם לעצטען מאל, זאל מען ארויס־נעמען די טרעים מיט זאמד, די לעצטע טעג דארף די טעמפּעראטור אין דער מאשין זיין 104½ גראד. אין דער צייט, ווען די הינדעלער פאנגען אן ארויסצוגעהן פון די אייער, דארף אין דער מאשין זיין פינסטער. דעריבער זאל מען מיט עפּעס פארהענגען די טהיר פון דער מאשין. געוועהנליך פאנגען אן די היהנדעלער ארויסצוגעהן פון די אייער צום ענדע פון 19טען טאג און אויפ'ן 22טען טאג דארפען שוין אלע ארויס.

124. די היהנדעלעך נאכ'ן ארויסגעהן פון די אייער. — ווען די היהנדעלער זיינען שוין ארויס פון די אייער, זאל מען באלד ארויסנעהמען די טרעים מיט די שאלעכץ פון די אייער, און מען זאל עפענען אלע ווענטילאציאנען פון דער מאשין. אויב אין קעהלער איז ווארים, זאל מען עפענען די טהיר פון מאשין פון אויבען א פערטיל אינטש, און די טעמפּעראטור אין מאשין זאל זיין ניט מעהר ווי 100 גראד (פארענהייטס).

אין די מאשינען וואו עס איז פאראן א נאירסערי וואו די היהנ־דעלעך קאנען אראפּגעהן גלייך פון מאשין, זאל מען זיי ניט לאזען געהן אהין ביז זיי ווערען גוט אפּגעטריקענט, ווייל אונטען אין דער נאירסערי איז די טעמפּעראטור נידעריגער און זיי קאנען זיך צו־קיהלען, איבערהויפּט דארף מען זיין פארזיכטיג, ווען דאס וועטער איז קאלט.

סיי זיי זיינען אין נאירסערי און סיי אין דער מאשין אליין, זאל מען זיי פון דארט ניט נעהמען אין ברודער ביז עס וועט דורכגעהן 48 שטונדען. קיין עסען זאל מען זיי נים געבען.

125. פון וואס היהנדעלעך שטארבען אין די אייער. — פיעלע היהנדעלער שטארבען אין די אייער; און עס איז וויכטיג,

אז יעדערער זאָל וויסען פון וואָס זיי שטארבען. די הויפּט אורזאכען זיינען פאָלגענדע :

1.) דער האהן אָדער די הוהן זיינען געווען צו יונג אָדער צו אלט, אָדער זיי זיינען געווען שוואך אין געזונט, אָדער זיי זיינען געווען אימער פארשפארט און ניט געהאט גענוג באוועגונג, אָדער זיי האָבען געגעסען נאָר קערנער און ניט געהאט קיינע אנדערע שפּייזען.

2.) אויב מען האָט די אייער ביז דער צייט פון אויסבריהען געהאלטען אין אַ צו קאלטען אָדער צו ווארימען פּלאַץ, אָדער אין א פּלאַץ, וואו עס איז ניט געווען גענוג פרישע לופט, אָדער מען האָט די אייער צו לאַנג געהאַלטען ביז׳ן אויסבריהען. (זעה § 80).

3.) עס קאן זיין, אז די ערשטע צייט איז אין מאַשין געווען אַ צו הויכע טעמפּעראטור, אָדער פיליכט איז אַ געוויסע צייט געווען אַ צו נידעריגע טעמפּעראטור. אויך קאן עס טרעפען, ווען אין דער מאַשין איז די ערשטע טעג געווען צופיעל לופט, און שפּעטער האָט געפעהלט לופט. אָדער, אין מאשין איז ניטאָ גענוג פייכטקייט. אויך קאן עס טרעפען פון שטאַרק שאָקלען די אייער ווען מען קעהרט זיי איבער, אָדער ווען מען טעסטעט זיי, אָדער ווען מען קיהלט זיי צופיעל.

126. די מאַשין נאָכ׳ן אויסבריהען. — ווען מען נעהמט צו אלע היהנדעלעך פון מאשין, זאָל מען די בוירלעפּ (אזא לייווענד) פון דער מאשין אויסוואשען, און בעסער איז, אז צו יעדען מאָל אויסבריהען, זאָל מען קויפען נייען בוירלעפּ. די טרייס, אין וועלכע די אייער ליגען, זאָל מען גוט אויסרייניגען, דעם לאָמפּ זאָל מען אויסוואשען, דעם בוירנער (מאשינקע פון לאָמפּ) אויסוואשען מיט הייסע וואסער. די גלאָז פון טהירעל פון מאשין זאָל מען גוט אפּוואשען און אויסווישען ריין. אין היטער אין וועלכען דער לאָמפּ שטעהט, זאָל מען אויסרייניגען אַלע טיילען, און נאכהער זאָל מען ערשט די גאנצע מאשין דעזינפעקצירען מיט 5% זענאליום, אָדער מיט אַן אנדער זאך, און לאָזען טריקענען זיך וואו די זון שיינט. און נאַכהער אַוועקשטעלען אין אַ ריינעם טרוקענעם פּלאַץ.

קאפיטעל 9.

# האָדעווען היהנדעלעך פון אַ מאַשין

127. דער ברודער. — אויב די יונגע היהנדעלעך, וואָס א הוהן האָט אויסגעזעסען, דארף מען אַזוי אָפּהיטען, ווי מיר האָבען געשריבען, פאַרשטעהן מיר ווי גרויס ס'דאַרף זיין אונזער אויפמערקזאַמקייט צו די היהנדעלעך, וואָס זיינען אַרויסגעקומען פון אַ מאַשין, וועלכע האָבען ניט קיין מוטער, וועלכע זאָל זארגען פאַר זיי וועלכע זאָל בעשיצען זיי מיט איהרע פליגלען און וואַרימען זיי מיט איהר קערפּער. מיט דיעזע היהנדעלעך דאַרף ניט נאָר דער אינסטינקט פון פרנסה שפּיעלען אַ ראָליע, נאָר דאָ מוזען זיך ערוועקען געפיהלען פון באַרעמהאַרציגקייט צו העלפען אָט די הילפלאָזע געבאָרענע יתומים'לעך.



Courtesy International Harvester Co.
אָהן א מאמען.

דאס ערשטע מוזען מיר פארזאָרגען זיי מיט ווארימקייט, און צוליעב דיעזען צוועק ווערען געמאכט אזעלכע קליינע געביידען, וועלכע מען רופט אין ענגליש „ברודער“, פון דעם וואָרט „בריד“, וואס דאס מיינט האָדעווען. אויב מען האָט דעם ריכטיגען ברודער, און מען היט אַלעס אָפּ ווי געהעריג, וואַקסען די היהנדעלעך גיכער

און בעסער איידער אונטער א הוהן, און זיי ליידען וויניגער פון לייז איידער די היהנדעלעד, וואס האָדעווען זיך מיט א הוהן.

אום צו האָבען ערפאָלג מיט א ברודער פאָדערען זיך פאָלגענדע זאכען:

1. אין ברודער דארף זיין א פלאץ, וואו מען זאָל קענען קאָנטראָלירען די טעמפעראטור; 2. עס מוז אימער זיין א באוועגונג פון פרישע לופט; 3. עס מוז זיין א פלאץ, וואו די טעמפעראטור איז נידעריגער, וואוהין די היהנדעלעד קענען ארויסגעהן ווען זיי ווערט היים;



א האוועד מיט היהנדעלעד.

4. עס זאָל ניט זיין קיין פייכטקייט אין ברודער; 5. עס זאָל זיין גענוג פלאץ פאר די היהנדעלעד; 6. די זון זאָל ארייַנשיינען; 7. מען זאָל קענען גרינג רייניגען; 8. עס זאָל זיין פּראָטעקטעט פון קעץ און דאָס גלייכען; 9. עס זאָל ניט זיין קיין געפאהר פון פייער.

די הויפט טהיילען פון א ברודער זיינען, 1. דער היטער, דאס מיינט פון וואנען די ווארימקייט קומט; 2. די אָפּטיילונג וואו די ווארימקייט האלט זיך, געוועהנליך רופט מען עס „האוועד", און דאס פארבייט דער מוטערס קערפּער; 3. די קיהלערע אָפּטיילונגען, וואוהין די היהנדעלעד געהן ווען זיי ווערט היים אונטערן האוועד. דערצו מוז נאָך זיין א גוטע סיסטעם פון ווענטילאציאָן.

דער היטער דארף קענען געבען א טעמפּעראטור פון 110 גראד פארענהייטס. דער לאָמפּ דארף שטעהן פעסט, און ער דארף זיין גענוג גרויס אז מען זאָל דארפען נאָר איין מאָל אין צוויי טעג אנגיסען קעראָסין. דער היטער דארף פארזאָרגען דעם האוועד ניט נאָר מיט ווארימקייט, נאָר אויך מיט פרישע לופט, פון היטער

מוז אימער ארײנקומען אונטערן האווער װארימע פרישע לופט. די בעסטע ברודערס זײנען די, װאו די װארימקײט קומט פון אױ־בען איבער די היהנדעלעך, און ניט פון אונטען. דער האווער איז געװעהנליך א קײלעכדיגער, װײל אונטער א קײלעכדיגען קען די װארימקײט זײן אומעטום גלײך, און עס זײנען ניטא קײנע װינקעלעך, װאו די היהנדעלעך װאלטען קענען צונױפשפארען זיך און דערשטיקען אײנע די אנדערע.

עס זײנען פאראן פארשידענע ברודערס, װי צום בײשפיעל, די װאס מען רופט אינדיװידועלע לעמפ ברודערס, װעלכע װארימען זיך מיט א לאמפ, אדער קאלאני ברודערס, װעלכע װערען געװא־רימט מיט געזאלין אדער מיט קױהלען. הײנט זײנען פאראן פאר־שידענע לאנגע ברודער הײזער, װעלכע װערען געװאַרימט מיט פײפס (רעהרען) מיט װאסער, און דאס גלײכען.

128. אינדיװידועלע לעמפ ברודערס. — דאס מײנט א קלײנער ברודער, װעלכער װערט געװארימט מיט א לאמפ מיט קעראסין. אײניגע פון דיעזע ברודערס זײנען געמאכט, אז מען מוז זײ האלטען אין א געבײדע (אינדאר ברודערס), און אײניגע קען מען האלטען אין דרױסען (אוטדאר ברודערס). דיעזע ברודערס האבען צװײ אפטײלונגען, אײנע פאר דעם האווער און אײנע װאו עס איז קיהלער. מיט דיעזע ברודערס דארף מען זײן פארזיכטיג, אז עס זאל ניט װערען קײן פײער (שרפה) פון די לאמפען. אזעלכע ברודערס װערען געמאכט פאר 50 ביז 1000 היהנדעלעך. און זײ װערען פארקױפט פארטיגע.

129. קאלאניע ברודערס. — א קאלאניע ברודער מײנט עס א ברודער גרעסער פון די אױבענדערמאהנטע אינדיװידועלע ברודערס. א קאלאניע ברודער הױז קען מען מאכען 8 פוס לאנג און 8 פוס ברײט, 6 פוס הױך פון פארענט און 4 פוס הױך פון הינטען. דעם פלאר (פוס באדען) מאכט מען א צװײיענדיגען. פריי־הער לעגט מען פראסטע ביליגע ברעטער, און אויף די ברעטער לעגט מען שװערע טאר פאפיער. פון יעדען שטיק פאפיער זאל מען צװײ אינטשעס פון ברעג ארױפלעגען אױפ'ן צװײטען שטיק

פאפיער, און מען שלאגט עס צו מיט לעטס (שמאלע ברעטעלעך) און אויף די פאפיער לעגט מען גוטע ברעטער, וועלכע גהען אריין איינע אין דער אנדערער. די ווענט אין קאלאניע הויז מאכט מען פון ברעטער און אויף די ברעטער דעקט מען מיט רופינג פאפיער. אין מיטען פון פאדערשטען וואנט מאכט מען די טהיר, און פון ביידע זייטען פון טהיר מאכט מען גלעזערנע פענסטער, וועלכע עפענען זיך ארויף, און נעבען די פענסטער לאזט מען לעדיגע אפענע פלעצער, וועלכע ווערען פארהאנגען מיט קוירטענס (פארהאנגען). איינינע מאכען צוויי טהירען איינע פון ווייער נעטינג (געוועבטע דראט), וועלכע מאכט זיך צו פון אינוועניג, און די צווייטע טהיר איז פון ברעטער און מאכט זיך צו פון דרויסען ווען עס איז זעהר קאלט אדער אין א רעגען. אין דער הינטערשטער וואנד גאנץ הויך מאכט מען א לאך 2 פוס לאנג און איין פוס ברייט מיט א הילצערנער טהירעל פון דרויסען וואס רוקט זיך ארום, און אינוועניג איז די לאך פארשטעלט מיט געוועבטע דראט. ווען עס איז זעהר ווארים אין דרויסען, עפענט מען אין גאנצען די טהירעל, און ווען עס איז ניט זעהר ווארים עפענט מען נאר אביסעל.

א קאלאניע ברודער הויז האט אין זיך די מעלה, וואס מען קען איהם געברויכען א גאנץ יאהר. ווען די היהנדעלעך דארפען שוין ניט האבען די ווארימקייט, קען דאס דיענען פאר זיי אלס א הויז אין דער צייט ווען זיי וואקסען, און ווינטער קען מען אויך האל־טען אין זיי גרעסערע היהנער.

130. געזאלין אדער קאל סטאוו ברודערס. — א קאלאניע ברודער קען מען ווארימען מיט געזאלין. אנשטאט א לאמפ מיט קעראסין שטעהט א טענק מיט געזאלין פון אויבען, און פון טענק ציהען זיך רעהרען צו א ברענער, וועלכער שטעהט פון אונטען. ווער עס וויל מאכען אזא ברודער, זאל זיך בעראטען מיט זיין עקספערימענט סטיישאן.

אויך זיינען פאראן ברודערס, וועלכע ווערען געווארימט מיט קויהלען (קאלסטאוו ברודערס). עס פארקויפען זיך אזעלכע אוי־וועלעך און צו זיי גהען האווערס. אין א קאלאניע הויז 12 פוס ביי

12 קאן מען אריינשטעלען א האוועד פאר 500 היהנדעלעך. אזא סטאוו מיט'ן האוועד קאסטען פון 20 ביז 30 דאלאר, און קויהלען געהן אוועק גאנץ ווייניג. אין אלגעמיין האט מען אויסגעפונען, אז מיט קויהלען קאסט פיעל ביליגער איידער מיט די לאמפען מיט קעראסין, און דאס פארשפארט פיעל ארבייט. עס זיינען פאראן קאל סטאוו ברודערס, וואו מען קען האלטען ביז 1500 היהנדעלעך אין איין קאלאניע הויז, נאר בעסער איז, אז מען זאל מעהר פון 300 ניט האלטען צוזאמען, איבערהויפט פאר איין אנפאנגער. צו יעדען קאל סטאוו ברודער ווערט צוגעשיקט א צושריפט ווי אזוי ארומצוגעהן, דאס מוז מען פינקטליך אפהיטען. נאר די צאהל היהנדעלעך זאל מען האלטען ווייניגער איידער זיי ווייזען



א געזאלין ברודער הויז.



א קאול סטאוו ברודער.

אן, ווייל זיי ווייזען אן צופיעל.

131. לאנגע ברודער הייזער. — עס ווערען געמאכט לאנגע ברודער הייזער, וועלכע ווערען געוועהנליך געווארימט מיט הייסע וואסער. אין איין ברעג פון הויז שטעהט א היטער, וועלכער ווארימט דאס וואסער, און דאס וואסער געהט דורך רעהרען (פייפס)

איבער דער לענג פון דעם ברודער. און קומט אונטערען האווער העכער פון די היהנדעלעך. אזעלכע ברודערס ווערען איבערהויפט געברויכט, וואו מען פארקויפט יונגע היהנדעלעך צוליעב פלייש (בראילערס). וואו מען וויל אבער האדוועןן היהנער צוליעב לעגען



Newtown Giant Incubator Corp.

א קאול סטאָוו ברודער. די היהנדעלעך ארום האווער.

אייער, רעקאמענדירט מען בעסער די קאלאניע הייזער, וועלכע ווערען געוואָרימט מיט גאזאלין אדער מיט קויהלען.

132. פייערלעס ברודער. — פייערלעס ברודער מיינט א ברודער אָהן פייער. צוליעב אזא ברודער נעהמט מען א קעסטעל (באקס) אינוועניג באשלאָגט מען די ווענט מיט וואלענס, און אויבען מאכט מען א פריים, וואס זאָל זיך אריינלאזען אין קעסטעל. די פריים בעשלאָגט מען מיט פלאנעל, אז דאס זאָל אראפהענגען אונ־טער דער פריים. ווען די היהנדעלעך זיינען קליינע לאָזט מען אראפ די פריים, אז די פלאנעל זאָל אנריהרען זייער קערפּער. די פריים

קאַן מען צושלאָגען מיט קליינע נאָגלען, וואו מען וויל, העכער אָדער נידעריגער. אויבען דעקט מען צו די פריים מיט ליינוואנד אָדער מיט אַן אנדער זאך, און אויסערדעם מאכט מען 2 קווילטס (קאָלדרעס) פון 2 שטיקלעך לייוואנד און אין מיטען קאטען (וואטע), וועלכע זאָלען קאָנען פארדעקען דאָס גאַנצע קעסטעל. אין זעהר קאַלטע נעכט דארף מען אזעלכע דריי קווילטס איינע אויף די



Courtesy Newtown Giant Incubator Corp.
א ברודער הויז מיט א קאול סטאוו

אנדערע. אין געוועהנליכע קעלט זיינען גענוג צוויי, ווען עס איז וואַרימער איז גענוג איינע, און ווען עס איז ווארעם איז גענוג אליין די פריים. פון איין זייט קעסטעל איז אונטען א טהירעל, דורך וועלכען די היהנדעלעך קאָנען ארויסגעהן און אריינגעהן. פון ביידע זייטען אין די ווענטליך מאכט מען לעכער צוליעב ווענטילאציאָן.

אזא ברודער קאַן מען האלטע אין יעדער געביידע, וואו די טעמפּעראַטור איז ביז 60 גראַד.

אַ קעסטעל פון 18 אינטשעס לאַנג, 18 אינטשעס ברייט און 8 אינטשעס הויך איז גענוג פאר 25 היהנדעלעך. נאָך פיעלע עקספּערימענטען האָט מען אָבער אויסגעפונען, אז אזעלכע ברודערס זיינען ניט גוט און עס איז אַ ריסק צו געברויכען זיי.

133. פיעל פלאַץ דארף א היהנדעלע אין ברודער. —

**אויב די היהנדעלעך וועלען ניט האָבען גענוג פּלאַץ אין ברודער, און** עס וועט ענג זיין, וועלען זיי געוויס ניט וואקסען ווי געהעריג. זיי וועלען אנפאנגען קריינקען און שטאַרבען, און די, וואס וועלען בלייבען לעבען, וועלען זיין שוואַכע. פון אָנפאנג קאָן מען האלטען **ביז** 5 היהנדעלעך אויף איין סקווער (קוואדראט) פוס פון פלאָר (פוס באָדען), און ווען זיי ווערען אביסעל עלטער איז גענוג פיער און שפּעטער נאָר דריי היהנדעלעך אויף א סקווער פוס. די וואַס פארקויפען פארטיגע ברודערס ווייזען אָן א צו גרויסע צאָהל היהנ־דעלעך וואס מען קען האלטען. דעריבער זאָל מען בעסער האלטען ווייניגער איידער זיי ווייזען אָן. א האָוער 2½ פוס אין דיאמעטער איז גענוג פאר 50 היהנדעלעך.

134. צוגרייטען דעם ברודער. — איידער מען זעצט אריין די היהנדעלעך זאָל מען דעם ברודער גוט אויסוואשען און אויסריי־ניגען אומעטום און אויסשפּריצען מיט 5% קארבאליק עסיד און אנפאנגען צו ווארימען מיט 24 שטונדען פריהער איידער מען זעצט אריין די היהנדעלעך, און אויב די מאשין איז א נייע, אָדער, אויב דער מאַן איז אַן אָנפאנגער, זאָל מען בעסער אָנפאנגען צו ווארימען מיט 48 שטונדען פריהער, און האלטען א טעמפּעראטור פון 100 גראד פארענהייטס, און צו דער זעלבער צייט זאָל מען אריינלאָזען גענוג פרישע לופט. דעם פלאָר אונטערען האָווער און ארום האָווער זאָל מען באדעקען מיט ריינע ווייסע זאמד א פערטעל אינטש די גרעב, און אויבען באדע־קען די זאַמד מיט די דין צוהאַקטע אַלפאַלפאַ אָדער קלאָווער, און מען זאָל אוועקשטעלען פרישע וואסער צום טרינקען. ווען זיי זיינען אלט צוויי אָדער דריי טעג קאָן מען די אלפאלפא אדער קלאָווער פארבייטען אויף אנדערע אונטערבעטונג.

135. לערנען עסען די קליינע היהנדעלעך. — היהנדעלעך פון א מאשין, וואס האָבען ניט קיין מוטער, וועלכע זאָל זיי לערנען, ווייסען ניט וואו צו זוכען דעם עסען און פארשטעהען ניט וואס זיי דארפען עסען. זיי קאנען כאפּען וואס זיי דערזעהען. דעריבער זאָל מען ניט לאָזען קיין זאד נעבען זיי, און די ערשטע עטליכע

טעג איז ראטזאם, אז מען זאל קלאפען מיט די פינגער אויף דעם פלאץ וואו זייער עסען געפינט זיך, וועלען זיי דאס באמערקען און צוקומען. דעם ערשטען טאג איז ברודער איז גוט צו געבען זיי זויערע סקים מילך און גריט, און דעם נעקסטען טאג איז דער פריה געבען די ערשטע מאלצייט.

136. די טעמפעראטור אונטער'ן האווער. — פראפעסאר לואים שרייבט, אז פון פיעלע עקספערימענטען האט ער אויסגעפונען, אז פאר א דורכשניטליכען האווער זאל די ערשטע וואך זיין די טעמפעראטור פון 98 ביז 100 גראד פאררענהייטס, די צווייטע וואך פון 90 ביז 96 גראד, די דריטע וואך 90 גראד און די פערטע וואך 85 גראד. נאכהער מאכט מען ביסלעכווייז נידעריגער ביז 70 גראד, (זעה § 145).

די טעמפעראטור איז פיעל אפהענגיג פון דעם וועטער, ווען דאס וועטער איזווארים דארף מען ווענינער היץ, און ווען עס איז שטארק קאלט אדער א נאסער וועטער דארף די טעמפעראטור זיין עטוואס העכער, אויך איז פיעל אפהענגיג פון די היהנדעלעך. שוואכע היהנדעלעך דארפען מעהר ווארימקייט איידער געזונטע און שטארקע. ווען מען איז ניט זיכער, זאל מען בעסער האבען עטוואס א העכערע טעמפעראטור, ווייל היהנדעלעך קענען זיך גיך פארקיהלען. אבער מען דארף זיין פארזיכטיג, אז עס זאל ניט זיין צו ווארים, ווייל דאס איז אויך שעדליך. ווען מען זאל זיך גוט צוקוקען צו די היהנדעלעך קען מען באמערקען ווען זיי פיהלען זיך צו ווארים אדער צו קאלט. ווען זיי בעהאלטען זיך אין גאנצען מיט זייערע קערפער אונטערען האווער, איז דאס א באווייז אז זיי איז קאלט, און מען דארף מאכען די טעמפעראטור עטוואס העכער. ווען זיי זיצען מיט אפענע מיילער, דאן איז זיי צו הייס. ווען זיי ליגען אונטער'ן האווער און די קעפלעך זיינע ארויסגערוקט פון אונטערען האווער, איז דאס א באווייז, אז זיי פיהלען זיך גוט. צו קאנטראלירען די טעמפעראטור איז אויך פיעל אפהענגיג פון דעם סטייל פון ברודער דעריבער מוז מען פינקטליך נאכפאלגען די צושריפטען, וועלכע ווערען צוגעשיקט פון פאבריק מיט יעדען

ברודער. איבערהויפט מוז דער טערמאָמעטער זיין אויף דעם פּלאַץ, וואָס איז אָנגעוויזען, און אויב ער צוברעכט זיך, זאָל מען קויפען אַ טערמאָמעטער פון דער זעלבער גרויס, ניט קורצער און ניט לענגער. אויך מוז מען אימער גוט אכטונג געבען, אז די טעמפּעראַטור זאָל זיך ניט בייטען מיט אַ מאָל.

די ערשטע צוויי טעג דארפען די היהנדעלעך זיין אונטערען האוועך, מען דאַרף נאָר אָוועקשטעלען אַ ברעט איין פוס ווייט פון האוועך. וואוהין זיי זאָלען קאָנען ארויסגעהן, ווען זיי וועלען פיהלען צו ווארים. די ברעט וועט פארהיטען, אז זיי זאָלען ניט אוועק צו ווייט, ווייל אויב זיי וועלען אוועק ווייט פון האוועך וועלען זיי פון אנפאנג ניט וויסען ווי אַזוי צו געהן צוריק אונטערען האוועך. איז אַלגעמיין מוז מען די ערשטע עטליכע טעג העלפען זיי געהן צוריק אונטער האוועך.

137. ריינקייט און פארהיטען פון פייכטקייט און צוג-ווינטען. — דעם ברודער מוז מען האלטען אבסאָלוט ריין. צוויי מאָל אין וואָך זאָל מען בייטען די זאמד און די אונטערבעטונג, און איין מאָל אין וואָך זאָל מען דעזינפעקצירען, באשפּריצענדיג מיט 5% קארבאָליק עסיד.

די קערפּער פון די היהנדעלעך זאָל מען אויך אימער האלטען ריין. איידער מען זעצט זיי אריין אין ברודער זאָל מען זיי באַשפּריצען מיט אַ פּאודער, וועלכען מען געברויכט צו פארניכטען לייז, און נאכהער זאָל מען זיי אָפּט באשיטען מיט דעם זעלבען פּאודער די גאנצע צייט וואָס זיי זיינען אין ברודער.

אין ברודער זאָל ניט זיין קיין פייכטקייט. מען זאָל פאַר-היטען, אז דער פלאָר (פּוסבאָדען) זאָל קיינמאָל ניט ווערען נאס. ווייל פון פייכטקייט אויפ'ן פלאָר ווערען די היהנדעלעך שוואך אויף די פיס, און פיעלע פון זיי שטאַרבען.

אויב דער פלאָר איז צו טרוקען וועט אויך שאדען די היהנדע-לעך. דעריבער איז גוט אביסעל צו באשפּריצען דעם פלאָר.

קליינע היהנדעלעך ליידען זעהר פיעל פון צוג-ווינדען (דרעפטס). איבערהויפט טרעפט אָפט, אז דער פלאָר איז ניט גוט

געמאכט און עס בלאזט פון אונטערען פלאר. דעריבער איז וויכטיג צו האבען א צווייענדיגען פלאר.

138. האלטען דעם פלאר באדעקט. — דער פלאר איז ברודער, סיי אונטערען האווער און סיי וואו די היהנדעלעך געהן ארום, מוז זיין גוט באדעקט מיט זאמד איין אינטש מיט א האל־בען טיף, און אויפ'ן זאמד זאל מען באדעקען מיט צוהאקטע אלפאלפא היי אדער קלאווער און ווען זיי ווערען עלטער קען מען זעם פארבייטען אויף צוהאקטע שטרוי.

139. פרישע לופט און זונענשיין. — אין ברודער מוז אימער זיין א באוועגונג פון פרישע לופט, אויב זיי וועלען ניט האבען קיין פרישע לופט צו אטהעמען, וועלען זיי געוויס ניט קענען וואקסען ווי געהעריג, און וועלען קראנק ווערען. די פענסטער און די אפענע פלעצער אין דער פאדערשטער וואנט זאלען זיין אפען. מען זאל זיי פארמאכען נאר אין א שטורם, ווען ס'איז זעהר קאלט, אדער ווען עס געהט א רעגען.

עס איז אויך זעהר וויכטיג אז די זון זאל ארייגשיינען אין אלע ווינקעלעך פון ברודער. מען זאל אבער זעהן, אז די שטראהלען פון דער זון זאלען ניט פאלען נאר אויף איין פלאץ, ווייל אלע היהנדעלעך וועלען זיך שפארען צו דיעזען פלאץ און זיי וועלען דער־שטיקען איינע די אנדערע. אויך זאל מען פארהיטען, אז די שטראה־לען פון דער זון זאלען ניט פאלען אויפ'ן האווער, ווייל דאס קאן העכער מאכען די טעמפעראטור.

די ברודערס וואס מען ווארימט מיט א לאמפ, מוז מען אפ־היטען, אז דער לאמפ זאל ניט אנפאנגען צו רויכערען. מען זאל צו יעדען מאל קויפען א נייעם קנייטעל, און מען זאל קויפען די בעסטע קעראסין, און ארומגעהן ארום לאמפ ווי מיר האבען גע־שריבען אין § 112.

140. בעוועגונג. — אום די היהנדעלעך זאלען וואק־סען און געזונט זיין מוזען זיי האבען גענוג באוועגונג, דעריבער מוזען זיי האבען גענוג פלאץ וואו ארומצולויפען, און א טהייל

פון זייער עסען דארף מען שיטען אין די אונטערבעטונג אום זיי זאָלען זיין געצוואונגען צו באוועגען זיך און זוכען עסען.

141. **ארויסלאָזען אין דרויסען.** — ווען דאס וועטער איז שעהן׳ קען מען די היהנדעלעך ארויסלאָזען אין דרויסען ווען זיי זיינען אלט דריי אָדער פיער טעג. מען דארף נאָר פריהער אָפּ־ רייניגען דעם שנעע, און באדעקען די ערד מיט צוהאַקטע שטרוי און אָנשיטען קערנער. זוכענדיג די קערנער, וועלען זיי זיך באַ־ וועגען, און זיי וועט ניט קאַלט זיין, און ווען זיי וועלען דערפיה־ לען , אז זיי איז קאלט, וועלען זיי לויפען צוריק אין ברודער. מען דארף נאָר פון דרויסען מאכען, אז זיי זאל גרינג זיין ארייצוגעהן אין ברודער. די בעסטסע זאך איז אָנצושיטען ערד באַרג־ארויף ביז דעם אונטען פון דער טהיר. דעם ערשטען מאָל, ווען מען לאזט זיי ארויס, קען מען אויפ׳ן וועג אָנשיטען א ביסעל פון זייער עסען, וועלען זיי גיכער טרעפען וואוהין צו געהן.

142. **פון וואָס היהנדעלעך שטארבען אין ברודער.** — גע־ וועהנליך שטארבען אין ברודער פון 20% ביז 30% היהנדעלעך. אויב מען געהט ארום ברודער ווי געהעריג קען מען פיעל פארקלע־ נערען די שטערבליכקייט. היהנדעלעך שטארבען אין ברודער פון פאָלגענדע אורזאכען :

1. **פארקיהלונגען.** — היהנדעלעך פארקיהלען זיך, ווען די ערשטע אדער צווייטע וואך ווערט די טעמפּעראטור אין ברודער נידעריג. איבערהויפּט קאָן עס טרעפען ביי דער נאַכט. אויך קאָנען זיי פארקילען זיך פון צוג־ווינדען, וואס קומען פון אונטערען פלאָר (פּוס באָדען). ווען זיי פארקיהלען זיך באקומען זיי א שלעכטען מאָגען און שטארבען.

2. **ווען זיי זיינען צונויפגעשפּארט.** — ווען מען זעצט אריין צופיעל היהנדעלעך אין איין ברודער קאנען זיי איינע די אנדערע דערשטיקען, אדער אייניגע וועלען ניט קאנען צוקומען צום עסען ווי געהעריג און וועלען שטארבען פון הונגער, אדער זיי וועלען קריינקען דערפון׳ וואָס זיי האָבען ניט קיין באוועגונג. ווייל עס איז זעהר ענג. אויך קאן טרעפען, אז די היהנדעלעך זאלען

דערשטיקען איינע די אנדערע, ווען עס איז זיי קאלט און זיי שפארען זיך אלע צוזאמען, אדער ווען די שטראלען פון דער זון פאלען נאר אויף איין פלאץ און זיי ווילען אלע ווארעמען זיך פון די שטראלען.

3. **צופיעל היץ.** — אויב די טעמפעראטור ווערט צו הויך ווערען זיי שוואך און צו זיי קלעפען זיך אלע קראנקהייטען.

143. **קאניבאליזם.** — קאניבאליזם מיינט, אז די היהנדעלעך עסען איינע די אנדערע לעבעדיגערהייט. דאס קאן טרעפען, ווען זיי האבען ווענינ מינעראלען אין זייער עסען אדער, ווען זיי האבען ווענינ פראדוקטען פון פלייש אדער פון מילך. אדער ווען זיי האבען ניט גענוג באוועגונג, אדער ווען זיי איז צו ענג. אויך קאן עס טרעפען צופעליג, ווען ביי איינער באווייזט זיך בלוט פון אן עקסידענט און זיי פארזוכען די בלוט, דאן הויבען זיי אן צו פיקען זי ביז זיי עסען זי אויף, און אזוי געוואוהנען זיי זיך צו מערדערען איינע די אנדערע. אויב מען באמערקט, אז איינע האט עפעס א וואונד, זאל מען זי באלד צו נעמען פון די אנדערע. אויב די היהנדעלעך האבען שוין באקומען דיעזע שלעכטע געוואהנהייט, זאל מען זיי ארויסלאזען מעהר אין דרויסען, געבען זיי געמאלענע געטריקענטע ביינער און אויסטער שעלס, און פינסטער מאכען אין ברודער.

144. **הווייט דייעריע.** — אלע יונגע באשעפענישען ליידען פיעל פון מאגען־קראנקהייטען, וואס זיי באקומען א שוואכען מאגען, ווי מען רופט עס אין ענגליש „דייעריע", נאר מעהר פון אלע ליידען קליינע היהנדעלעך, און די געפעהרליכסטע צייט איז ביז זיי ווערען אלט א מאנאט.

עס איז פאראן געוועהנליכע דייעריע, ניט קיין אנשטעקענדע, און עס איז פאראן „הווייט דייעריע" וועלכע איז אן אנשטעקענדע און איז זעהר געפעהרליך. פון דיעזער קראנקהייט קאנען אויס־שטארבען ביז 90 פראצענט היהנדעלעך, און בעסער וואלט געווען אז זיי זאלען אלע אויסשטארבען, ווארים אויב עס וועלען בלייבען

אַ פּאָאר, קאָנען זיי איבערטראגען די קראנקהייט אויף דעם נעקסטען יאהר.

געוועהנליכע דייעריע קאן זיך נעהמען אויב די אייער זיינען געקומען פון שוואכע היהנער אדער העהנער, פון האַלטען די אייער מיט אונריינע הענט, פון אונריינקייט אין אינקיובייטאָר אָדער אין ברודער, אדער ווען זיי געהען אראָפּ פון אינקיובייטאָר אין נוירסערי איידער זיי זיינען גוט טרוקען, אָדער אויב זיי האָבען זיך אין ברודער צוגעקיהלט, אָדער ווען זייער עסען איז ניט ריין אָדער ניט פריש, און איבערהויפּט פון צו פייכטע אָדער זויערע שפּייז.

די הוּויט דייעריע נעהמט זיך פון אזא באציל. דאָס זיינען די קליינינקע באשעפענישען, וועלכע מיר קאנען זעהן נאָר מיט אַ פארגרעסערונגס גלאָז, און זיי זיינען די טרעגער און פארשפּרייטער פון פיעלע קראנקהייטען צווישען אלע באשעפענישען. צו די היהנדעלעך קומען די באצילען איבערהויפּט פון דער הוהן, וואס האָט געלעגט די אייער, וועלכע מען האָט אויסגעבריהט. דער באציל געפינט זיך אין דעם געלכעל, און די היהנדעלע געהט ארויס פון איי מיט דער קראנקהייט, און זי שטעקט אָן די אנדערע היהנדעלעך.

די סימפּטאָמען (צייכענס) פון הוּויט דייעריע זיינען אין אַלגעמיין פאָלגענדע: די מיסט איז שיטער און ווייסליך ווי צומישט מיט קאלך און אמאָל איז דאס צוגעמישט מיט אביסעל ברוינע. די מיסט איז קלעפּיג און ווערט אָנגעקלעפּט אונטערען עק, און אמאָל פארשטאפּט עס דעם ארויסגאנג. די קראנקע זיינען ווי שלעפעריג, עסען אָהן אַפּעטיט, שפּארען זיך איינע צו די אנדערע. די פליגלען הענגען אַראָפּ, דער בויך ווערט גרויס, די פעדערען ווערען צוגרייזעלט און צודרעהט, און א מאָל טרעפט, אז זיי גענעצען. ווען די קראנקהייט ווערט שטאַרקער מאַכען זיי צו די אויגען, און זיינען גלייכגילטיג צו אלעם וואָס ארום זיי. איינינגע פּישצען און שרייען, איבערהויפּט ווען זיי דארפען לאָזען די מיסט. אַמאָל ווערען זיי אַזוי שוואַך, אַז זיי מוזען זיך אָנשפּאַרען אויף עפּעס, אדער זיי בלייבען ליעגען. ווען מען וועט

צושנײדען אַזאַ היהנדעלע, װעט מען זעהען אַז איהר לעבער איז בלײך און באַדעקט מיט רױטע פלעקען. די בעסטע זאַך איז אַז מען זאָל שיקען דעם טױטען קערפּער צו אַן עקספּערימענט סטײשאַן, אַז זײ זאָלען אונטערזוכען, און אױב מען צײגט זיך איבער, אַז דאָס איז געװיס הױיט דײערײע מוז מען פאַרהיטען אױף װײטער. אױב מען האָט אױסגעבריט אײער פון די אײגענע היהנער און מען װײס ניט פון װעלכע היהנער מען האָט עס גענומען, דאַן דאַרף מען פאַרקױפען אַלע היהנער, אָדער ניט געברױכען זײערע אײער צום אױסבריהען. אױב מען האָט געקױפט אײער צוליעב אױסבריהען אָדער קלײנע היהנדעלער. אַ טאָג אַלט, זאָל מען מעהר ניט קױפען פון דיעזען פּלאַץ.

אַזױ װי די היהנדעלעך אין אינקיובײטאָר קאָנען כאַפּען די מיסט פון דער קראַנקער און אָננעהמען זיך, דעריבער איז ראַטזאַם, אַז אין אינקיובײטאָר זאָל זײן פינסטער װען די היהנדעלעך גײען ארױס פון די אײער. אײניגע צוטײלען די היהנדעלעך אױף קלײנע גרופּעס און זעצען זײ ארײן אין װײער בעסקעטס (קעסטעלעך פון דראָט) אין אינקיובײטאָר ביז זײ טריקענען זיך אָפּ.

הײלען פון הױיט דײערײע איז אַממײנסטען אונמעגליך. דאָך קאַן מען פּראָבירען. מען זאָל די קראַנקע געבען עפּסאָם זאַלץ. אײן אונס זאַלץ פאַר 50 היהנדעלעך. די זאַלץ צולאָזט מען אין װאַרימע װאַסער, און מען מאַכט אַ געדיכטע מעש (קאַשע) און מען גיט זײ עסען. עסען איז גוט צו געבען זײ גלײכע טהײלען: צוברעקעלטע, אַלטגעבאַקענע, טרוקענע ברױט און געקאָכטע רײז אין מילך. אױך זאָלען זײ האָבען גענוג האַלץ קױהלען צוריבענע אין אַ באַזונדער כלי.

אין דאָס װאַסער צום טריקען זאָל מען אַרײנטאָן פּאָטעסיאום פּערמאַנגאַנײט (זעה § 71).

געגען געװעהנליכע דײערײע זײנען גוט דיזעלבע מיטלען.

אין יעדען פאַל זאָל מען די קראַנקע צונעמען פון די געזונטע. מען זאָל זײ האַלטען אין אַ רײנעם, טרוקענעם פּלאַץ, װאו עס איז פאַראַן גענוג װענטילאַציע, נאָר ניט קײן צוג־װינדען.

## קאפיטעל 10.

# די יונגע און אַלטע היהנער דורכ'ן זומער

**145 ווען די היהנדעלעך פארלאָזען דעם ברודער. —** די היהנדעלעך זיינען אין ברודער פון זעקס ביז אכט וואכען. אין קיהלען וועטער פארבלייבען זיי לענגער, און אין ווארימען וועטער וועניגער צייט. ווען די היהנדעלעך ווערען באוואקסען מיט פעדערען פאנגען זיי אן צו אנטלויפען פון האווער און זוכען א קיהלערען פלאץ. דאס איז א גוטער באווייז, אז זיי דארפען ניט מעהר די ווארימקייט.

די לעצטע צייט זאל מען אין ברודער ביסלעכווייז נידעריגער מאכען די טעמפעראטור (זעה §136). נאכהער זאל מען ווארימען נאר ביי דער נאכט, און צום ענדע זאל מען ווארימען נאר דאן, ווען דאס וועטער איז קאלט, דעם האווער זאל מען מיט יעדען טאג אלץ מעהר אויפהויבען ביז מען נעהמט איהם צו אינגאנצען. מען זאל די היהנדעלעך קיינמאל ניט אריבערפיהרען פון א ווארימען ברודער אין די קאלאניע הייזער. זיי מוזען ביסלעכווייז צוגעוואה־נען זיך צו דער קאלטער טעמפעראטור. איבערהויפט דארף מען זיין פארזיכטיג מיט די קלענערע סארטען היהנער, ווי די לעגהארנס. ווייל זיי קאנען זעהר שנעל פארקיהלען זיך. אין נאסען וועטער זאל מען זיי קיינמאל ניט איבערפיהרען אין די קאלאניע הייזער.

**146. אָפּהיטען נאָכ'ן ברודער. —** ווען אייערע היהנדעלעך האבען זיך גוט אויסגעבריהט און איהר האט זיי געהאלטען ווי גע־העריג אין די ברודערס, זייט איהר נאך אלץ ניט זיכער, אז איהר וועט האבען גוטע היהנער, אויב איהר וועט זיי ניט אפּהיטען אין דער צייט ווען זיי וואקסען. אום די היהנדעלעך זאל וואקסען און ענטוויקלען זיך ווי געהעריג, און זאלען אנפאנגען צו לעגען

אייער פריה אין הערבסט, מוז מען זיי פארזארגען מיט פאלגענדע זאכען:

1. זיי מוזען האבען וואהנונגען מיט פיעל פרישע לופט, מיט גענוג פלאץ, אז זיי זאל ניט ענג זיין.

2. זיי מוזען האבען א פרייען פלאץ, וואו ארומצוגעהן, נאר ניט אויף נאסע ערד.

3. זיי מוזען האבען א שאטען צו באהאלטען זיך פון דער היץ.

4. זיי מוזען האבען אלע נויטיגע שפייזען און דערצו גענוג גרינסען. די בעסטע גרינסען זיינען די, וואס זיי קאנען אליין רייסען פון דער ערד.

147. הייזער פאר יונגע היהנער. — די היהנדעלעך ווען די מוטער פארלאזט זיי, אדער ווען מען נעהמט זיי ארויס פון ברודער, מוזען זיין פארזארגט מיט גוטע וואהנונגען. מען זאל זיי קיינמאל ניט האלטען צוזאמען מיט די אלטע היהנער. די וואס האבען קאלאניע ברודער הייזער (זעה § 129) קענען יעצט געברויכען די הייזער פאר די יונגע היהנער. א הויז, וואס איז 8 פוס לאנג און 8 פוס ברייט, איז גענוג פאר הונדערט ביז הונדערט פינף און צוואנציג היהדעלעך. ווען זיי זיינען אלט זעקס וואכען. שפעטער, ווען זיי וועלען זיין ביי דריי מאנאטען אלט, און מען וועט צונעהמען די עהנדעלעך (זעה § 152), וועלען בלייבען פון 50 ביז 60 היהנדעלעך, וועלכע קענען פארבלייבען אין דער קאלאניע הויז ביז מען וועט זיי צונעהמען אין די ווינטער הייזער.

מיר דארפען געדענקען, אז די היהנדעלעך האלטען יעצט איז וואקסען, און דעריבער מוזען זיי האבען גענוג פלאץ. פון אנפאנג קען מען האלטען צוויי היהנדעלעך אויף א סקווער (קוואדראט) פוס, און ווען זיי ווערען עלטער דארף יעדער היהנדעלע האבען א סקווער פוס.

אין הויז זאל זיין גענוג פרישע לופט סיי ביי טאג און סיי ביי נאכט. דאס הויז זאל שטעהן אויף א העכערען פלאץ אויב מעגליך. דאס וועט פארהיטען, אז נאך א רעגען זאל די ערד ניט ווערען נאס ארום הויז. מען זאל פארהיטען, אז אין הויז זאל קיינמאל

ניט זיין צו ווארים, איבערהויפט ביי דער נאכט, ווייל זומער טרעפט אפט, אז די היהנדעלעך פארקיהלען זיך ביי דער נאכט, ווען איין הויז איז הייס.

ווען די היהנדעלעך האבען א פרייען פלאץ, באוואקסען מיט גוטע גראז, וואו ארומצוגעהן א גאנצען טאג, וועלען זיי בעסער וואקסען, וועלען זיין געזינטער, און דאס עסען וועט קאסטען ביליגער. אויב איהר האט ניט קיין פרייען פלאץ פאר זיי, דארף מען זיי האלטען אין א גרויסען הויף מיט גענוג שאטען, און צו גראבען און פארזייען דעם הויף (זעהט § 45). אויב מען האלט זיי אין קאלאניע הייזער זאל מען די הייזער איבערפיהרען פון איין פלאץ אויף א צווייטען. דער בעסטער פלאץ פאר זיי איז נאהענט פון א פעלד מיט קארן (קוקורוזע). אויב מען קאן דאס ניט אויספיהרען, איז גוט צו האלטען זיי אין א פרוכט גארטען. א פעלד, וואס מען האט אפגעשניטען היי, איז אויך גוט פאר זיי, אויב זיי קאנען האבען א שאטען. פאר 1000 היהנדעלעך איז גענוג צוויי אקער לאנד ארומצוגעהן פריי.

148. **עסען פאר יונגע היהנער.** — אין דער צייט, ווען די היהנדעלעך וואקסען, מוז מען זיי פארזארגען מיט אלע שפייזען. מען זאל זיך ניט פארלאזען אז זיי וועלען אליין אפזוכען זייער עסען ארומגעהענדיג פריי. מען מוז זיי אלץ געבען, ווי מיר האבען געשריבען אין קאפיטעל 7. איבערהויפט מוזען זיי האבען די נויטיגע פראפארציאנען פון פלייש אדער מילך פראדוקטען און גענוג גרינסען. דער



האפער צוגעדעקט מיט ראבער רופינג (רוזינע). קאן שטעהן אין דרויסען.

Courtesy International Harvester Co.

האפער מיט טרוקענע מעהלען קאן שטעהן אין דרויסען.

אין די האפערס קאן מען האלטען די זעלבע פראדוקטען וואס די ניו דזשוירזי עקספערימענט סטיישאן רעקאמענדירט נאך די ער־שטע דריי וואכען (זעה § 101) און אין דער פריה און פאר־נאכט זאל מען זיי געבען גלייכע טיילען געקרעקטען קארן און ווייץ.

פיעלע אויטאריטעטען זאגען, אז ווען ביי די יונגע היהנער ווע־רען די קאמען שוין גענוג גרויס, דאס הייסט, מיט א פאר מאנא־טען פריהער איידער זיי דארפען אנפאנגען לעגען אייער, זאל מען אויפהערען צו געבען זיי די דריי מעש, און זיי זאלען עסען נאר גאנצע קערנער פון תבואה (גרייז).

149. ווי אזוי וואקסען די היהנדעלעך. — ניט אלע קאנען פארשטעהען אויב די היהנדעלעך וואקסען ווי געהעריג אדער ניט. דער זיכערסטער וועג איז אפצוועגען און זעהן וויפיעל זיי וועגען. די קאנעקטיקוט אגריקולטשורעל עקספערימענט סטיישאן האט אויסגעפונען, אז ווייסע לעגהארנס דארפען וועגען, צו 8 וואכען 1 פונט, צו 14 וואכען - 2 פונט, צו 17 וואכען - 2½ פונט און צו 21 וואכען - 3 פונט.

און די ראד איילאנד רעדס דארפען וועגען צו 7 וואכען 1 פונט, צו 11 וואכען - 2 פונט, צו 16 וואכען - 3 פונט, און צו 22 וואכען 4 פונט.

די קלענערע סארטען היהנער וואקסען געוועהנליך ביז זעקס מאנאטען, און די גרעסערע סארטען ביז 8 מאנאטען

דאס עסען פאר א היהנדעלע ביז זי פאנגט אן צו לעגען אייער האט דורכשניטליך געקאסט 65 סענט א שטיק, אין דער צייט ווען די פרייזען אויף שפייז זיינען געווען נארמאלע. מיר דארפען גע־דענקען, אז דאס עסען שפיעלט די וויכטיגסטע ראליע אין דעם וואקסען פון די היהנדעלעך. אין וויינלענד, ניו דזשוירזי, אין דעם קאנטעסט פון 1918 יאהר, האבען זיי א טייל היהנדעלעך געגעבען גענוג מילך און געלאזען ארומגעהן אויף א פעלד, וואו עס וואקסט אלפאלפא (לוצערען), און נאך א טייל היהנדעלעך האבען ניט באקומען קיין מילך און האבען געהאט ווייניג גרינסען. ווען די היהנדעלעך זיינען אלט געווען 12 וואכען האבען 100 היהנדעלעך

פון די ערשטע געוואגען 204 פונט, און פון די צווייטע האבען געוואגען נאר 141 פונט. די היהנדעלעך זיינען געווען פון דעם אמעריקאנעם קלאס.

150. **רוסטס (סיעדעלעם) פאר די יונגע היהנער.** — וועגען רוסטס פאר קליינע היהנדעלעך זיינען פאראן פארשיעדענע מיינונגען. איייניגע זאגען, אז, אויב מען האלט ניט פיעל היהנדעלעך צוזאמען, איז ניט נויטיג צו מאכען פאר זיי רוסטס ביז דער צייט וואס זיי געהען איבער אין די ווינטער הייזער. אויב מען האלט אבער פיעל היהנדעלעך צוזאמען, דאן מאכט מען פאר זיי רוסטס, ווען זיי זיינען אלט ארום דריי מאנאטען. איייניגע פראקטיצירען אין יעדען פאל צו מאכען פאר זיי רוסטס, ווען זיי זיינען אלט דריי מאנאטען. און איייניגע מאכען רוסטס פאר די קליינע סארטען היהנער, ווי די לעגהארנס, ווען זיי זיינען אלט זעקס וואכען. די רוסטס מאכט מען פון שטייגען 3 אינטשעס ברייט. זיי דארפען זיין א פוס ווייט פון הינטערשטען וואנד, און ניט העכער פון איין פוס פון דער ערד.

151. **אויסקלייבען די בעסערע היהנדעלעך.** — פיעל מען זאל ניט אבהיטען די היהנדעלעך וועלען זיך אימער געפינען שוואכערע און ערגערע, וועלכע וועלען ניט אפצאהלען פאר זייער עסען. דאריבער איז נויטיג, אז מען זאל אויסקלייבען און האלטען נאר די בעסערע. ווען די היהנדעלעך זיינען אלט א פאאר וואכען, זאל מען זיך צוקוקען צו זיי, און, אויב מען באמערקט שוואכע, זאל מען זיי אפזונדערען, געבען זיי גוט עסען און פארקויפען צוליעב פלייש. ווען מען פיהרט זיי איבער פון ברודער אין די קאלאניע הייזער, זאל מען ווייטער אפקלייבען די שוואכע; און, ווען זיי זיינען אלט דריי מאנאטען, זאל מען גאנץ פארזיכטיג אויסקלייבען נאר די בעסטע צוליעב בריד צו געברויכען זייערע אייער צוליעב אויסבריהען, און פון די איבעריגע זאל מען די ערגערע פארקויפען צוליעב פלייש, און די, וואס בלייבען, וועלען זיין צוליעב לעגען אייער צום פארקויפען. א היהנדעלע וואס האט א לאנגען

האלז, אן אויסגעביינעניעם שנאבעל, לאנגע פיס און אראפגעלא־
זענע פליגלען זאל מען בעסער שיקען צום שוחט.

152 אָבזונדערען די העהנדעלאך פון די היהנדעלעך — עס איז זעהר וויכטיג, אז מען זאל אבשיידען די העהנדעלעך פון די היהנדעלעך באלד ווי מען קאן דערקאָנען וואו עס איז א היהנדעלע און וואו א העהנדעלע. איבערהויפט איז דאס זעהר נויטיג פאר די יונגע היהנדעלעך, אז זיי זאלען ניט זיין צוזאמען מיט די העהנדעלעך. די היהנדעלעך, וועלכע לעבען ניט צוזאמען מיט העהנ־דעלעך, וועלען בעסער וואקסען, וועלען זיך גיכער ענטוויקלען, זיי וועלען זיין געזינטער, וועלען אנפאנגען פריער צו לעגען אייער און וועלען לעגען מעהר אייער; און, ווען מען וועט א מאל צו־נויפפארען זיי מיט העהנער, וועלען זייערע אייער זיין פיעל בע־סער צום אויסבריהען איידער די אייער פון די היהנער, וועלכע הא־בען יונגערהייט ארומגעשלעפט זיך מיט העהנדעלעך.

די צייט, ווען אבצוזונדערען די העהנדעלעך פון די היהנדע־לעך, איז אבהענגיג פון דעם סארט היהנער. די קלענערע סארטען, ווי די לעגהארנס, איז ראטזאם אבצושיידען ווען זיי זיינען אלט פון זעקס וואכען ביז צוויי מאנאטען, ווייל די העהנדעלעך פון די לעגהארנס ווערען זעהר יונג צייטיג און לאזען ניט רוהען די היהנ־דעלעך. די גרעסערע סארטען היהנער, ווי פלימוט ראקס און וויי־ענדאטס, קאן מען לאזען צוזאמען ביז זיי ווערען אביסעל עלטער. ווען מען באמערקט, אז א העהנדעלע פאנגט אן צו באאונרוהיגען די היהנדעלעך, זאל מען איהם באלד צונעהמען.

פון די יונגע העהנדעלעך זאל מען אויסקלייבען די בעסטע און לאזען צוליעב בריד, דאס מיינט צוליעב פארמעהרונג, און די ער־גערע העהנדעלעך זאל מען פעט מאכען און פארקויפען צוליעב פלייש. (זעהט § 177).

153. די אלטע היהנער זומער צייט. — פיעלע פארמער פארנאכלעסיגען אין גאנצען זייערע היהנער דורך'ן זומער. מיר דארפען ניט פארגעסען, אז אין די גרויסע היצען ווערען די היה־נער באפאלען פון לייז, און עס קלעפען זיך צו זיי אלע קראנקהיי־

טען, און פון פארנאכלעסיגטע היהנער קאן מען ניט ערווארטען קיינע גוטע רעזולטאטען נעקסטען ווינטער.

זומער מוז מען פארהיטען די היהנער פון לייז, מען מוז אפט דעזינפיצירען זייערע הייזער (זעהט § 47). זאלען די היהנער האבען א פעלד ארומגעצאמט, וואו זיי זאלען קאנען ביי טאג ארומגעהן פריי און פיטערען זיך אויף גרינע גראז. דאס וועט זיין געזינטער פאר די היהנער, און דאס עסען וועט אייך ביליגער קאסטען. איבערהויפט איז דאס וויכטיג פאר די היהנער, פון וועלכע איהר ווילט נעהמען אייער צוליעב אויסבריהען. ארומגעהן פריי מיינט אבער ניט, אז די היהנער זאלען זיך ארומשלעפען איבער'ן פארם טאג און נאכט. זיי מוזען זיין צוגעוואהנט צו קומען שלאפען אין זייערע הייזער. אויב איינער מוז האלטען די היהנער א גאנץ זומער אין זייער הויף, דאן זאל ער פארזעען דעם הויף. (זעהט פאר. 45).

דאס היהנער הויז זאל אימער זיין קיהל מיט גענוג פרישע לופט. די פענסטער זאלען זיין אפען. די פארהאנגען אויף דעם אפענעם פלאץ אין וואנט, זאלען אימער זיין אפען. דערצו איז נאך גוט צו האבען אין דער הינטערשטער וואנד פון אויבען א לאך מיט א טירעלע, וועלכע זאל זיך עפענען ווען עס איז גאנץ הייס ביי דער נאכט.

זומער דארפען די היהנער האבען א מעגליכקייט ארויסצוגעהן פון זייערע הייזער אין דרויסען גאנץ פריה אין פריה־מארגען. ווי עס ווערט נאר ליכטיג. וואו מען האט מורא צו האלטען אפען די טהיר א גאנצע נאכט, זאל מען אויפשטעהן גאנץ פריה און ארויסלאזען די היהנער. איידער מען לאזט זיי ארויס זאל מען פריהער געבען זיי קערנער צום עסען. ווען מען גיט זיי די קערנער אין די אונטערבעטונג שפעט פאר נאכט קאן א טייל דערפון בלייבען אין די אונטערבעטונג, און, ווען זיי וועלען אויפשטעהן אין דער פריה, וועלען זיי געפינען וואס צו עסען.

פיעלע אונפראקטישע פארמער דענקען, אז זומער וועלען די היהנער אליין אבזוכען זיך וואס צו עסען. מיר מוזען געדענקען.

אז זומער דארף מען אזוי גוט ווי ווינטער געבען די היהנער אין דער פריה און פאר־נאכט קערנער אין די אונטערבעטונג, און די געמאהלענע פראדוקטען זאלען אימער שטעהן אין אפענע האפערס. זומער דארף מען די היהנער געבען וועניגער קארן (קוקורוזע), ווייל קארן שאפט זעהר פיעל ווארימקייט אין קערפער און די היהנער פיהלען זיך ניט גוט, ווען עס איז צו ווארים. אייניגע גיבען גאר ניט קיין קארן אין די גרויסע היצען, און קומען אוים מיט ווייץ און האבער אדער גערשטען. מיט געקרעקטען קארן זאל מען זומער זיין פארזיכטיג, ווייל עס ווערט מאולדי (פערשימעלט). (זעהט פאר. 57). אויב די היהנער האבען ניט קיין פרייען פלאץ, וואו ארומצוגעהן און עסען גוטע גראז, זאל מען זיי פארזארגען מיט גרינסען. נאר אין די גרויסע היצען דארף מען זיין פארזיכטיג מיט די גרינסען, ווייל דאן קאנען זיי עסען צופיעל גרינסען, און באקומען דערפון א שלעכטען מאגען. ווען די היהנער געהן אפילו ארום פריי, זאל מען ניט פארלאזען זיך אינגאנצען אויף די אינזעקטען, וואס זיי קאנען כאפען, נאר מען זאל זיי געבען ביף סקרעפס אדער מילך פראדוקטען. מען דארף נאר זעהן אז די ביף סקרעפס זאל אימער זיין פריש און ניט צופיעל פעט. (זעה פאר. 61). וואסער צום טרינקען זאל מען זיי בייטען צוויי מאל אין טאג, און מען זאל ניט האלטען די וואסער אין א פלאץ וואו די זון שיינט, ווייל פון אזעלכע וואסער וועלען זיי געווים קראנק ווערען. (זעהט פאר. 71).

זומער דארף מען זיין זעהר פארזיכטיג, אז עס זאלען זיך ערגעץ ניט ארומוואלגערען די טויטע קערפער פון לעבעדיגע באשעפענעשען, ווייל די היהנער וועלען געווים עסען דערפון און וועלען געווים קראנק ווערען. פיעלע היהנער פאלען טויט אונערווארטעט, ווייל זיי האבען ערגעץ געכאפט אזא ביסען. אלע טויטע קערפער זאל מען באגראבען טיעף אין דער ערד אדער פארברענען.

154 **פארקויפען די ערגערע היהנער און די איבעריגע העהנער.** — וואס פרעה האט אמאל געזעהען אין חלום טרעפט ביי פיעלע פארמער אין דער ווירקליכקייט. ביי פרעה'ן האבען די

מאגערע קיה איינגעשלונגען די פעטע קיה, און ביי פיעלע פאר־מער עסען אויף די שלעכטע קיה און שלעכטע היהנער דעם גאנ־צען פראפיט פון די גוטע. מען מוז אונבאדינגט פארקויפען אלע שלעכטע היהנער, דאס מיינט, אלטע, שוואכע, וואָס לעגען וועניג אייער. ווי אזוי צו דערקענען די גוטע היהנער זעה § 161.

ווען איינער האָט 100 היהנער דארף ער האבען 50 אייער א טאָג. אויב מען האָט פון זיי נאָר 40 אייער, איז דאָס א באַווייז, אז 20 היהנער לעגען גאר ניט קיין אייער. דאָס הייסט, אז אויף יעדער איי וואס עס פעהלט ביז 50 זיינען פאראן צוויי היהנער אומזיסטע עסערינס, און ווען מען וועט זיי פארקויפען, וועט מען פון די 80 אויך האבען דיזעלבע 40 אייער. געוועהנליך דארף מען אנפאנגען אבקלייבען די ערגערע היהנער אין דעם מאנאט יוז, און מען זאָל דאָס טאָן איינינע מאָל יעדערע צוויי וואָכען. די בעסטע צייט אָבצוקלייבען איז אין אָבענד האָבענדיג א קליינעם פלעש לעמפ.

דער ניו דזשוירזי אגריקולטורעל קאלעדזש האָט ביי א פאר־מער אויסגעקליבען פון זיינע היהנער 123 ערגערע צו פארקויפען, און פאר די נעקסטע עלף טעג האבען די איבערגעבליבענע היהנער געלעגט נאר מיט 4 אייער וועהניגער. דאָס הייסט, אז פאר די 4 אייער וואלט ער דארפען 11 טעג האדעווען 123 היהנער.

עס איז ראטזאם, אז דער פארמער זאָל בעזוכען די דעמאָנסט־ריישאָנס, וואו מען קלייבט אוים די גוטע היהנער. ער וועט דאָרט פיעל לערנען.

העהנער דארף מען נאָר האלטען פון די בעסטע און ניט מעהר וויפיעל מען דארף צוליעב פארמעהרונג (זעהט פאר. 77). די העה־נער דארף מען אבקלייבען פון אנפאנג זומער, און אלע איבעריגע באלד פארקויפען. דערמיט וועט מען ניט נאָר פטור ווערען פון אומזיסטע עסערס נאָר מען וועט פארהיטען אז די אייער, וואָס די היהנער לעגען, זאלען ניט אזוי גיך קאליע ווערען, און די היה־נער וועלען שפעטער לעגען מעהר אייער. די ניו יאָרק סטייט אג־ריקולטשורעל עקספערימענט סטיישאָן האָט אויסגעפונען, אז די

היהנער, וועלכע זיינען א גאנץ זומער געווען אהן העהנער, האַ־
בען אנגעפאנגען צו לעגען אייער מיט צוויי מאָנאַטען פריהער.
און האבען דורך'ן יאָהר געלעגט מיט 30 פראצענט מעהר אייער
איידער די היהנער וועלכע זיינען זומער געווען צוזאַמען מיט
העהנער.

**155. ווען די היהנער בייטען די פעדערען (מאַלטינג) —**
יעדען יאָהר בייטען די היהנער זייערע פעדערען. די אַלטע פעדערען
פאַלען ארויס און עס וואקסען נייע. אין ענגליש הייסט עס „מאַל־
טינג". א הוהן, וועלכע בייט ניט איהרע פעדערען, איז דאָס א
באווייז, אז זי איז א קראַנקע אָדער צו אַלט, און פון אזא הוהן
קאָן מען ניט ערוואַרטען קיינע אייער נעקסטען ווינטער. די צייט,
וואָס די היהנער בייטען די פעדערען איז פון דזשון ביז שפּעט אין
הערבסט. די היהנער, וועלכע בייטען די פעדערען שפּעטער, ווי צום
ביישפּיעל, אין סעפּטעמבער און אָקטאָבער, זיינען די בעסטע צו
לעגען אייער נעקסטען ווינטער. די גאַנצע צייט וואָס די פעדע־
רען בייטען זיך, קאָן געדויערען פון דריי ביז פיער מאָנאַטען. די
וואָס פאַנגען אַן פריהער אין סיזאָן צו בייטען די פעדערען, געדוי־
ערט ביי זיי לענגער; און ביי די, וואָס פאַנגען אַן שפּעטער גע־
דויערט ווייניגער. ביי געזונטע היהנער געדויערט עס געוועהנליך
ווייניגער איידער ביי שוואַכע אָדער צו פעטע היהנער, ווייל אין
דער זעלבער צייט, ווען די אַלטע פעדערען פאַלען ביי איהר ארויס,
וואַקסען שוין די נייע, און ביי די שלעכטע היהנער פאַלען אַלע
פעדערען ארויס, און זי בלייבט מיט א נאַקעטען קערפּער. געוועהנ־
ליך לעגט ניט די הוהן קיין אייער אין דער צייט ווען זי בייט די
פעדערען, נאָר א מאָל טרעפט, אז זי לעגט אביסעל אייער. (זעהט
§ 108).

יונגע היהנדלעך, אויב זיי זיינען געזונט, ווערען זיי באדעקט
מיט פעדערען, ווען זיי זיינען פיער אָדער פינף וואָכען אַלט, און
ביז דער צייט, וואָס זיי הויבען אן צו לייגען אייער, בייטען זיי
פיעל מאָל די פעדערען פון דעם גאנצען קערפּער אָדער פון איי־
ניגע טיילען פון קערפּער, דעם לעצטען מאָל בייטען זיי געוועהנ־

ליך אין גאנצען די פעדערען. עס טרעפט אבער, אז זיי בייטען ניט אין גאנצען די פעדערען דעם ערשטען יאהר, און פאנגען אן צו לעגען זיך, און וועלען שוין ניט בייטען ביז דעם נעקסטען יאהר.

ווען די היהנער בייטען די פעדערען זאל מען זיי פארהיטען, אז זיי זאלען ניט ליידען פון קיין לייז, אז די זון זאל זיי ניט ברע־נען און אז קיין רעגען זאל זיי ניט נעצען, איבערהויפט שפעטער אין סיזאן, ווען דאס וועטער ווערט קאלט. אויך איז ראטזאם, אז קיינע העהנער זאלען ניט זיין מיט די היהנער ביז די פעדערען וועלען אפוואקסען. די פעדערען, וועלכע פאלען ארויס פון איהר קערפער, זאל מען באלד צונעהמען. אויב מען לאזט די פעדערען, קאן די הוהן אנפאנגען צו עסען זיי, און אזוי וועט זי צוגעוואוינען זיך צו די פעדערען, און וועט שפעטער רייסען די פעדערען פון אנ־דערע היהנער.

אויב די הוהן וועט אין דער צייט פון בייטען די פעדערען עסען איהרע געוועהנליכע שפייז־שטאפען, וועט א גרויסער טייל פון די שפייז פארברויכט ווערען צוליעב פארמירען די פעדערען, און דאן וועט איהר קערפער ניט האבען גענוג נאהרונג מיט וואס אויפצו־האלטען די געזונטהייט פון קערפער, און זי וועט ווערען מאגער און שוואך. אין דער צייט פון בייטען די פעדערען דארף זי עסען מעהר פראדוקטען פון פלייש און מילך, וועלכע זיינען רייך אין פראטיין. אויך דארף מען זיי געבען צו ביסלעך אויל מיל (מעהל פון פלאקס זוימען) אדער מען גיט זיי צו ביסלעך סאנפלאוערס (פאד־סאלנעטשניק).

פאר היהנער ווען זיי בייטען די פעדערען רעקאמענדירט מען פאלגענדע שפייזען : אין דער פריה זאל מען זיי געבען געקרעכ־טען קארן מיט גאנצע ווייץ גלייכע טיילען, און א גאנצען טאג זאל שטעהן אן אפענער האפער מיט פאלגענדע פראדוקטען :

ווייצענע קלייען פיער קווארט.
ווייצענע מידלינגס 3 קווארט.
געמאהלענע האבער 3 קווארט.
קארן מיל 3 קווארט.

א נידריגען סארט ווייצענע מעהל 1 קווארט.

אלפאלפא מעהל 2 קווארט.

ביף סקרעפס 1 קווארט.

אויל מיל 1 קווארט.

נאך דער ערשטער וואך זאל מען יעדע צוויי טעג צוגעבען נאך א האלבע קווארט ביף סקרעפס און א האלבע קווארט אויל מיל ביז מען וועט דערגרייכען, אז פוןביידע זאל זיין צו 4 קווארט.

156. אריינגעהמען אלע היהנער אין די ווינטער הייזער.

— סיי די יונגע און סיי די אלטע היהנער דארפען זיין אין זייערע ווינטער וואהנונגען מיט פינף אדער מיט זעקס וואכען פריהער איידער זיי פאנגען אן צו לעגען אייער. איידער מען נעהמט זיי אריין מוז מען פריהער גוט רייניגען און דעזינפיצירען די הייזער (זעהט פאר. 47 און 48) און מען זאל גוט ארומקוקען דעם רוף (דאך) און די ווענט, אז עס זאלען ערגעץ ניט זיין קיינע שפאלטען, ווייל דורך די שפאלטען וועלען זיין צוג-ווינטען און דער רעגען וועט אריינרינען און פייכט מאכען דאס הויז. אויב איהר האט א היהנער הויז אהן א הויכען פונדאמענט, זאלט איהר פון דרויסען ארום די ווענט אנשיטען ערד, און אינוועניג זאל מען אנשיטען עטליכע אינטשעס גראב מיט טרוקענע ערד, און איינפרעסען גוט די ערד, און אויבען זאל מען אנשיטען ביז זעקס אינטשעס הויך טרוקענע זאמד, און אויבען שפרייטען די אונטערבעטונג. (זעהט פאר. 39 און 68).

מיר דארפען ניט פארגעסען, אז דורך'ן זומער זיינען אלע היהנער געווען געוואוינט צו האבען פרישע לופט. און אויב מען וועט זיי מיט אמאל פערשפארען אין די הייזער, און האלטען פערמאכט די טהירען און די פענסטער, וועלען זיי געוויס אנפאנגען צו ליידען פון פערשיעדענע קראנקהייטען, איבערהויפט פון פערקיהלונגען. דעריבער זאל מען פון אנפאנג וואס מעהר האלטען אפען אלע פלעצער, וואו עס קאן אריינקומען פרישע לופט. אויסער

דעם אָפּענעם פּראַנט זאָלען אָפּען זיין די טהירען און די פענסטער סיי ביי טאָג און סיי ביי נאַכט ביז עס פאַנגען זיך אָן פרעסט. צו פּראָטעקטען פון חיות קאָן מען האָבען א סקרין טהיר (א טהיר פון דראָט).

קאַפּיטעל 11.

# אייער פּראָדוקציאָן

## 1. וועגען היהנער צוליעב לעגען אייער.

157 **די ווילדע הוהן.** — מען ווייס, אז די ווילדע הוהן האָט געלעגט ניט מעהר ווי א דוצענד אדער 20 אייער א יאָהר, דאָס הייסט, ניט מעהר ווי די נאַטור האָט פון איהר געפאָדערט, אז זי זאָל האָבען גענוג אייער צו אויסבריהען א נייעם דור. אָבער זייט דער מענש האָט גענומען די הוהן אין זיינע הענט, און גענומען געבען איהר אזעלכע שפּייזען, פון וועלכע עס פאַר־מירען זיך די אייער אין איהר קערפּער, האָט זי אָנגעפאַנגען צו לעגען מעהר אייער.

158 **פיעל אייער קאָן א הוהן לעגען אין א יאָהר.** — פּראָפעסאָר לואיס שרייבט, אז ער האָט ריכטיגע רעכענונגען פון 16 פּלעצער, וואו מען בעשעפטיגט זיך נאָר מיט היהנער, און די געשעפ־טען רעכענען זיך פון די גאַנץ גוטע, האָבען די היהנער דורכשניטליך גע־לעגט צו 10 דוצענד איי־ער א יאָהר. ווען דער אָנ־פאַנגער זאָל האָבען הונ־דערט און צוואַנציג אייער פון יעדער הוהן וואָלט ער



Courtesy International Harvester Co.
א הוהן וועלכע האָט געלעגט 303 אייער אין איין יאָהר.

זיך מעגען רעכענען ערפאָלגרייך; און מיר גלויבען, אז דער מאן וואָס וועט אָבהיטען אַלעס וואָס איז געשריבען אין דיעזען בוך, וועט עם געוויס האבען; און אויב ער וועט זיין פעהיג גענוג צו לערנען און פראקטיצירען, וועט ער אין איינינע יאָהר קענען האבען פיעל מעהר אייער פון דער זעלבער צאהל היהנער, ווייל מיר ווייסען שוין יעצט, אז מען קען ענטוויקלען די פעהיגקייט פון די היהנער צו לעגען פיעל אייער. מיט איינינע יאָהר צוריק, ווען אין קארנעלער קאלעדזש האט א הוהן געלעגט 258 אייער אין א יאהר, איז דאס געווען א גרויסער וואונדער. און שפעטער מיט איינינע יאָהר האט אויף דער ארעגאנער עקספערימענט סטיישאן א הוהן געלעגט 303 אייער אין א יאהר, און אין 1913 יאָהר האבען אויף דער זעלבער-סטיישאָן 5 היהנער געלעגט צו 290 אייער, און



פינף היהנער וועלכע האבען אין איין יאָהר צוזאַמען געלעגט 1211 אייער. איינע פון זיי האָט געלעגט 314 אייער אין א יאָהר.

אין 1915 יאהר האט אין ניוארק, דעלעווער, א סינגעל קאם הוויט לעגהארן געלעגט אין איין יאהר 314 אייער. די הוהן איז ארויס־געקומען פון א מאשין און געהאדעוועט זיך אין א ברודער. די אייער צוליעב אויסבריהען האט מען גענומען פון די בעסטע היהנער און העהנער.

159 וועלכער סארט היהנער לעגט מעהר אייער. — ביז דער לעצטער צייט האט מען געגלויבט, אז די בעסטע היהנער צו־ליעב לעגען אייער זיינען די מיטעללענדישע, איבערהויפט די לעגהארנס. די לעצטע יאהרען אבער האט מען דערוויזען, אז אנ־דערע סארטען היהנער קאנען אויך לעגען אזוי פיעל אייער ווי די לעגהארנס, אויב מען פארשטעהט נאר ווי אזוי ארומצוגעהן ארום זיי.

160 ווען פאנגט אן די הוהן צו לעגען אייער. — די קלענערע סארטען היהנער, ווי די לעגהארנס, פאנגען אן געווענ־ליך צו לעגען אייער, ווען זיי זיינען פינף אדער זעקס מאנאטען אלט; און די גרעסערע סארטען, ווי די ווייענדאטס און רהאוד איילענד רעדס, פאנגען אן צו לעגען אייער צו זעקס מאנאטען, די פלימוט ראקס — צו זיעבען מאנאטען, און די אזיאטישע סאר־טען היהנער, ווי די בראהמעס, פאנגען אן צו לעגען אייער צו צעהן מאנאטען. (זעהט פאר. 108).

161 ווי אזוי צו דערקאנען די גוטע הוהן. —

די פאלגענדע סימנים זיינען פון היהנער, וועלכע האבען שוין געלעגט אייער, אבער ניט פון פולעטס (יונגע היהנער).

1. ביי דער גוטער הוהן דארף דער קאפ זיין מאגער.

2. דער קאם דארף זיין גרויס, פול, גלאט, שטייף, אבער ניט צו הארט, און דער קאליר פון קאם דארף זיין רויט־העל און גלענ־צענד.

3. די אירלאבס (די שטיקלעך ארום די אויערען) זיינען ווייסע און פולע, ניט גרויס.

4. די וואטעלס (דאס וואס הענגט אראפ פון האלדז) דאר־פען זיין פלאך, ניט הארט און נאהענט פון שנאבעל (ביק).

5. דער שנאָבעל (ביק) און די רינגען ארום די אויגען דארפען זיין ווייס.

6. די אויגען ביי דער גוטער הוהן דארפען זיין פולע, קיילעכ־דיגע (וויפוקלע) און קלארע.

7. דער שנאָבעל זאל זיין א גלייכער, ניט קיין צודרעהטער, און די נעגעל פון די פיס ניט צו לאנג.

8. ביי דער הוהן וואָס די הויט איז געוועהנליך א געלע, דארף די הויט ווערען ווייס, אויב זי לעגט פיעל אייער.

9. די ווענטס (די עפענונג אין הינטערלייב) דארף זיין ווייס, גרויס און פייכט.

10. די ביינער פון הינטערלייב דארפען זיין ווייט איינע פון די אנדערע אז מען זאָל קאָנען אוועקלעגען צוויי פינגער.

11. די שיינקס (דער טייל פון פוס פון דער קניע ביז'ן קנע־כעל) דארף זיין ווייס.

12. די גוטע הוהן פאנגט אָן צו בייטען די פעדערען שפעט אין זומער, און דער פראָצעס פון בייטען די פעדערען געדויערט ביי איהר ווייניגער איידער ביי דער שלעכטער הוהן, וועלכע פאנגט אָן צו בייטען די פעדערען אין די מאנאטען יולי אדער אויגוסט.

13. די גוטע הוהן איז אימער טעטיג און פרעהלעך.

עס פארשטעהט זיך, אז ביי דער שלעכטער הוהן זיינען די אלע סימנים פונקט פארקעהרט: דער קאם און די וואטעלס זיי־נען קליינע, הארטע און טרוקענע; דאָס געזיכט איז פעט און געל; דער שנאָבעל און די רינגען ארום די אויגען זיינען געלע; די אירלאבס זיינען געלע און צוקנייטשטע; די אויגען לאנגליכע און דונקעלע, און די אויגען־לעדעלאך הענגען אריבער די אויגען: די ווענטס זיינען קליינע, געלע, הארטע און צוקנייטשטע, און די ביינער פון הינטער־לייב זיינען נאָהענט איינע צו די אנדערע.

די געוויסע טיילען פון קערפער, וועלכע ווערען ווייס אנ־שטאָט געל ביי דער הוהן, וועלכע לעגט פיעל אייער, קומט דער־פון, וואס זי פארברויכט פיעל פעטקייט פון איהר קערפער צוליעב פראָדוצירען אייער. עס קאָן נאָר טרעפען, אז א גרויסע הוהן,

וועלכע עסט פיעל גרינסען, זאל ניט אזוי גיך פארלירען די געל־קייט, אבער וואס מעהר זי פּראָדוצירט אייער וועט עס אלץ מעהר בלייכער ווערען.

די בלייכע אירלאבס שפּיעלען א גרויסע ראָלע ביי אלע סאָרטען לעגהאָרנס, אבער די אלע אנדערע טיילען, וועלכע דאַרפען זיין בלייך איז א סימן פאר אלע סאָרטען היהנער.

**162. אין וועלכער עלטער פּראָדוצירט די הוהן מעהר אייער.** — דער גרעסטער טייל היהנער לעגען ווענינער אייער דעם צווייטען יאהר איידער דעם ערשטען יאהר, און דעם דריטען יאהר לעגען זיי נאך ווענינער אייער. דעריבער איז ראטזאם, אז מען זאל ניט האלטען קיין היהנער וואס זיינען עלטער פון צוויי יאהר. סיידען, אויב זיי זיינען זעהר גוטע צוליעב געברויכען זייערע אייער צוליעב אויסבריהען.




Courtesy International Harvester Co.

פון 60 היהנער פּראָפיט דעם ערשטען יאהר 124, דעם צווייטען 96 און דעם דריטען 54 דאָלאר.

די ניו יאָרקער און יו־טער עקספּערימענט סטיי־שאָנס האבען אויסגעפונען אז איינינע גוטע היהנער האבען דעם צווייטען און 3טען יאהר געלעגט מעהר אייער אייהער דעם 1טען יאהר: און מען איז זיכער, אז מען וועט ענטוויקלען די פעהיגקייט פון דער הוהן צו לעגען אייער צוויי און דריי יאהר אנשטאט דעם וואס זי לעגט יעצט אממייגסטען נאר דעם ערשטען יאהר. דערוויייל אבער דארף דער גע־וועהנליכער פארמער ניט האלטען קיינע היהנער וואס זיינען

עלטער פון צוויי יאָהר. איבערהויפט, אויב ער האָט ניט טרעפ־נעסטס, און ווייס ניט זיכער פיעל אייער די הוהן לעגט.

163. **דערקאָנען ווי אלט איז די הוהן.** — קיינער קאן ניט זאָגען באשטימט ווי אלט די הוהן איז. אָבער צייכענס זיינען יא פאראן. ביז א יאָהר אלט זיינען אונטער די פליגלען ראזעווע (פינק) אדערלאך און פעדערלעך אזוי ווי זייד. ווען זי איז עלטער פון א יאָהר וועט מען מעהר ניט באמערקען ניט די אָדערלעך און ניט די פעדערלעך. אויך די ביינער פון וואנען דאָס איי געהט ארויס ווע־רען אלץ ווייטער איינע פון דער אנדערער. ביי דער הוהן וואָס איז עלטער פון א יאָהר זיינען די פיס ניט אזוי גלאט ווי דעם ערשטען יאָהר. די פעדערען פארלירען דעם גלאנץ, און דאָס געזיכט ארום די אויגען ווערט צוקנייטשט.

164. **אין וועלכע מאָנאַטען לעגט די הוהן מעהר אייער.** — וואו מען האַלט די היהנער ניט ווי געהעריג לעגען זיי די גרעסטע צאָהל אייער אין די מאָנאַטען מערץ, אפריל, מאַי און יוני, ווען אייער זיינען ביליג; און ווינטער, ווען די פרייזען זיינען הויכע, לעגען זיי גאַנץ ווייניג אייער. ווען מען זאָל אָבהיטען אלעס וואָס אין דיעזען בוך איז געשריבען וועט מען געוויס האָבען גענוג אייער א גאַנץ ווינטער.

וועגען ניט האַלטען קיין העהנער מיט די היהנער, זעה § 154.

## 2. איינצילהייטען וועגען אייער.

(וועגען דער צוזאמענזעצונג פון אייער, זעהט § 54.)

165. **דער קאליר פון די אייער.** — דער קאליר פון די אייער איז אָבהענגיג נאָר פון דעם סאָרט היהנער. די מיטעל־לענדישע, ווי די לעגהאָרנס, און אויך די אייראָפּעאישע היהנער לעגען ווייסע אייער; די אַמעריקאַנער היהנער, ווי די פלימוט ראקס, און די אַזיאַטישע לעגען ברוינע אייער. פון איינינע זיינען די אייער גאַנץ דונקעל ברוינע. עס טרעפט, אַז די אייער פון דעם זעלבען סאָרט היהנער זיינען אויך ניט גלייך אין קאָליר. צום ביי־שפיעל, פון א הוהן מיט דונקעלע פעדערען ווערען די אייער זיין

דונקעלער אין קאליר איידער די אייער פון א הוהן מיט ווייסע פעדערען. אויך זאגט מען, אז פון די עלטערע היהנער זיינען די אייער ווייסער איידער פון די יונגע.

די צוזאמענזעצונג פון דעם איי איז אין אלע אייער דאס־זעלבע. דעריבער האבען אלע אייער דעמזעלבען ווערטה אלס שפייז פאר מענשען. עס איז ניט מעהר ווי א קאפריז פון געוויסע געגענדען, וואו מען האט בעסער ליעב א געוויסען קאליר אייער. ווי צום ביישפיעל, אין ניו יארק און פילאדעלפיע פאדערען זיך מעהר די ווייסע אייער, און אין באסטאן און שיקאגא פערלאנגט מען מעהר די ברוינע אייער.

166. **דער קאליר פון געלעכעל.** — געוועהנליך דארף דאס געלעכעל האבען א העל־געלען קאליר. די שפייז, וואס די הוהן עסט, האט א ווירקונג אויף דעם קאליר פון דעם געלעכעל. צום ביישפיעל, פון געלען קארן (קוקורוזע) האבען די געלעכלעך א דונקעלערען קאליר, פון ווייץ און האבער א העלערען קאליר, פון בוריקעס און ווייסען קארן — א בלייכען קאליר. ווען דאס עסען באשטעהט פון די אלע שפייזען ווי מיר האבען געשריבען אין קאפיטעל 4, דאן האבען די געלעכלעך דעם נאטירליכען קאליר.

167. **מעהר פון איין געלעכעל אדער גאר אהן א גע־לעכעל.** — עס טרעפט אז איי מיט צוויי געלעכלעך, און גאנץ זעלטען טרעפען אויך דריי געלכלעך אין איין איי. פון וואס דאס קומט ווייס מען ניט. אויך טרעפט אז איי גאר אהן א גע־לעמעל. דאס קאן טרעפען, ווען א הוהן לעגט צופיעל אייער, אדער פון אנדערע אינערליכע אורזאכען.

168. **דער געשמאק (טעם) פון אייער.** — דער געשמאק פון די אייער איז פיעל אבהענגיג פון די שפייז וואס די היהנער עסען. ווען זיי עסען צופיעל ביף סקרעפס האבען די אייער א שלעכטען געשמאק, אויב די שפייז האט א שטארקען גערוך ווערען די אייער שמעקען. אויף איין עקספערימענט סטיישאן האט מען געגעבען א הוהן אין איהר עסען איין אונס ציבעלע. האבען איהרע אייער א גאנצע וואך געשמעקט מיט ציבעלע. היהנער, וועלכע

באקומען ניט קיינע פלייש פראדוקטען, וועלען זיין געצוואונגען צו זוכען ווערים אין די מיסט, און די אייער וועלען געווים האבען א שלעכטען טעם. פיעלע זאגען, אז ווען די היהנער ליידען פון מאגען קראנקהייטען האבען די אייער א שלעכטען גערוך.

169. **אייער מיט א בלוטס טראָפען.** — עס קאָן טרעפען, אז די הוהן זאל זיין פאלקאָם געזונד, און אין דעם איי זאל זיין א בלוטס־טראָפען. דאָס קען טרעפען, ווען א הוהן לעגט זעהר פיעל אייער, אדער ווען דער הוהן קומט אוים אפט צו שפרינגען פון א הויכען אָרט, ווי צום ביישפיעל, ווען די רוסטס זיינען צו הויך פון דער ערד. עס קאָן אבער זיין, אז ביי דער הוהן האָט געפלאצט א קליין בלוט־אָדערעל אויף׳ן אייער־שטאָק. דעריבער, אויב א הוהן לעגט אָפט אזעלכע אייער, זאל מען בעסער קוילען זי.

170. **אייער מיט ווייכע שאלעכץ.** — היהנער לעגען אייער מיט ווייכע שאלעכץ איבער פאלגענדע אורזאכען:

1. ווען אין איהר עסען פעהלען די פראדוקטען, פון וועלכע עס פארמירט זיך די שאלעכץ. (זעה § 63.)

2. ווען די היהנער עסען צופיעל ביז סקרעפס אָדער אנדערע פראָדוקטען, וואָס קומען ארוים פון פלייש. אויב דאָס איז די אורזאַך, זאל מען איהר אייגגעבען עפסאָם זאלץ, א האלבע טעע־לעפעלע פאר א הוהן, אדער איין פונט אויף 125 היהנער.

3. איבערהויפט טרעפט עס ווען די היהנער עסען זיך איבער, און איבערעסען זיך קאָן א הוהן נאר דאן, ווען זי באקומט איהר עסען ניט רעגעלמעסיג. אויב דאָס איז די אורזאַך זאל מען איהר אייגגעבען עפסאָם זאלץ.

4. ווען מען שרעקט איבער א הוהן, אדער ווען מען טרייבט זי צו שטאַרק, קאָן זי לעגען דאָס איי פאר דער צייט, איידער עס איז געוואָרען די שאלעכץ.

5. עס קאָן זיין, אז די הוהן ליידעט פון אן ענטצינדונג אין דעם פלאץ וואו די אייער געפינען זיך אין קערפער.

6. עס קאָן זיין, אז די הוהן איז אין אלגעמיין שוואך, און קאָן

ניט אויסטראָגען דאָס איי. אויב דאָס איז די אורזאַך זאָל מען איהר געבען בעסער עסען און מעהר פרישע לופט.

7. אמאָל שאַדעט איהר ווען א האָהן פאַראייניגט זיך מיט איהר.

8. ווען די הוהן איז צו פעט קאָן טרעפען, אַז די שאָלעכץ פון די אייער זאָל זיין ווייך.

171. די וואָג פון אייער. — די גרויס פון די אייער איז אָבהענגיג ניט נאָר פון דעם סאָרט היהנער, נאָר אויך פון דעם מאָן, וואָס געהט ארום די היהנער. אויב די הוהן באַקומט ניט די אַלע פאַרשיעדענע שפּייזען, אָדער ווען זי האָט ניט גענוג באַוועגונג, אָדער ווען עס פעלט איהר פרישע לופט, לעגט זי קלענערע אייער. אויך פון אָנפאַנג און ענדע סיזאָן לעגען זיי קלענערע אייער.

א דוצענד אייער וועגען פון 22 ביז 28 אונסעס. פון די גאַנץ גרויסע היהנער וועגען א דוצענד אייער 30 אונסעס. דערפאַר אָבער טרעפט אָפט, אַז פון די יונגע היהנער זאָל א דוצענד אייער וועגען ניט מעהר ווי 17 אָדער 18 אונסעס. אין איינציגע שטאַאטען אין אמעריקא פאָדערט דאָס געזעץ, אַז א דוצענד אייער צום פאַר־קויפען זאָל וועגען ניט וועניגער ווי 24 אונסעס. און אין פיעלע שטעדט ווערען אייער פאַרקויפט נאָר אויפ'ן וואָג. די, וואָס קויפען אייער דאַרפען ניט פאַרגעסען, אַז ווען א דוצענד אייער, וועלכע וועגען 22 אונסעס קאָסטען 44 סענט, זיינען דער זעלבער סאָרט אייער, אויב זיי וועגען 28 אונסעס, ווערט 56 סענט.

172. די פרישקייט פון אייער. — די שאָלעכץ פון אן איי האָט אין זיך קליינינקע לעכעלעך, וועלכע מיר קאָנען ניט זעהן אָהן א פערגרעסערונג גלאָז. די לעכעלעך זיינען צוליעב דער היהנדעלע ווען זי האַלט אין אויסבריהען זיך, אַז זי זאָל האָבען מיט וואָס צו אָטהעמען. דערפאַר אָבער ווערען די אייער גיך קאַליע אי־בער די לעכעלעך, וויייל דורך זיי ווערט דאָס איי אויסגעטריקענט און ווערט אין אַלגעמיין קאַליע. ווען די הוהן לעגט דאָס איי איז דאָס איי פול, נאָר ווי דאָס קיהלט זיך אָב ווערט דער ברייטער זייט עטוואָס לעדיג. זעלבסט פערשטענדליך, אויב דאָס איי וועט ליגען

אין א ווארימען אָדער טרוקענעם פּלאַץ, אָדער וואו עס איז אַ גרויסע באַוועגונג פון לופט, וועט דאָס איי גיכער אויסטריקענען זיך. עס קאָן טרעפען, אַז דאָס איי איז גאָר ניט אַלט, און דער לעדיגער פּלאַץ אין דעם איי זאָל זיין גאַנץ גרויס און דאָס איי זאָל זיין ניט גוט צום עסען, ווייל מען האָט עס געהאַלטען ניט אין דעם ריכטיגען פּלאַץ. ווען איהר ווילט אויסגעפינען, אויב דאָס איי איז פריש, זאָלט איהר אריינלעגען דאָס איי אין אַ גלאָז וואסער. אויב דאָס איי איז פריש, וועט עס אראָבזינקען אויפ'ן דעק און ליגען אויף אַ זייט, און, אויב ניט פריש, וועט דאָס איי שטעלען זיך אויפ'ן שמאָלען זייט.




Courtesy International Harvester Co.
אויבען אין דער גלעזעל פון דער לינקער זייט איז א פרישע איי, פון דער רעכטער זייט אן איי דריי וואָך אלט, אונטען פון לינקען זייט — 3 מאָנאַטען אלט און פון דער רעכטער נאָך עלטער.

173. האלטען אייער אַ לאַנגע צייט (פּריזערווירען). — אין אָנפאַנג זומער לעגען די היהנער פיעל אייער, און דעריבער זיינען די פּרייזען אויף אייער זעהר נידעריג, און אין הערבסט, ווען די היהנער לעגען ווייניג אייער ווערען די פּרייזען זעהר הויך, דעריבער איז ראַטהזאַם, אַז מען זאָל קלייבען די אייער, און האַלטען זיי ביז די פּרייזען ווערען העכער.

עס זיינען יעצט פאַהראַן מיטלען ווי אַזוי צו האַלטען אייער אַ גאַנץ יאָהר און זיי זאָלען זיין פריש, אַז מען זאָל ניט קאָנען אונטערשיידען צווישען זיי און די אייער וואָס זיינען אַלט נאָר אַכט טאָג; און די אייער זיינען גוט ניט נאָר צום באַקען, נאָר אויך צום קאָכען, און אָפט זיינען זיי בעסער איידער פרישע אייער.

וועלכע מען האט געהאלטען אין א הויכער טעמפעראטור נאך אייניגע שטונדען.

דער ערפאלג אין פריזערווירען אייער איז אבהענגיג פון צוויי זאכען: ערשטענס, פון די אייער, וועלכע מען וויל פריזערווירען; און צווייטענס, פון דעם מעטהאד ווי אזוי צו פריזערווירען.

1. די אייער מוזען זיין פון היהנער, וואס זיינען פאלקאם געזונד, און זיי האבען אין זייער עסען איסטער שעלס, אום די שאלעכץ זאל זיין שטארק, און מען זאל צווישען די היהנער ניט האבען קיין העהנער, ווייל פרוכטבארע אייער קאנען גיכער קאליע ווערען.

2. די נעסטען, וואו די היהנער לעגען די אייער, זאלען זיין אבסאלוט ריינע מיט גוטע ווענטיליאציאן.

3. די אייער מוזען זיין ריין. געוואשענע אייער זיינען ניט גוט צום פריזערווירען.

4. אייער מיט ווייכע שאלעכץ, אדער עטוואס אנגעשפאלטען זיינען ניט גוט צום פריזערווירען.

5. מען זאל די אייער צו נעהמען פון נעסט באלד ווי די הוהן לעגט, און מען זאל זיי האלטען אין א קיהלען טרוקענעם פלאץ, וואו די שטראהלען פון דער זון זאלען ניט צוקומען צו זיי. די זיכערסטע זאך איז, אז מען זאל זיי פריזערווירען אין דעם זעלבען טאג, וואס די היהנער האבען געלעגט.

די בעסטע צייט צו פריזערווירען זיינען די מאנאטען אפריל, מאי און יוני.

**וואטער גלעס.** — צוליעב פריזערווירען די אייער געברויכט מען וואטער גלעס — סאדיאום סיליקייט — Sodium Silicate דאס קופט מען אין אפטייק. דער פרייז איז ביז 30 סענט א קווארט.

די בעסטע כלים צו האלטען די אייער זיינען ליימענע אדער שטיינערנע. מען קאן זיי אבער האלטען אויך אין א הילצערנער פאס (בארעל). איידער מען געברויכט די כלים זאל מען זיי צוויי אדער דריי מאל אויסבריהען מיט זודיגע וואסער. עס איז גוט צי געברויכען רעגען וואסער צוליעב מישען מיט די וואטער

גלעס, און די וואַסער זאָל מען פריהער קאָכען, און לאָזען אָבקיהלען, און מען צומישט 1 טייל וואַטער גלעס מיט 9 טהיילען פון די געקאָכטע וואַסער, און מען מישט עס אויס גוט. מישען זאָל מען אין יעדער כלי בעזונדער, און ניט צוגרייטען אין איין גרויסער כלי און נאָכהער צוגיסען אין די קלענערע.

א פּאָאָר טעג קען מען לעגען די אייער אין דער זעלבער כלי מיט וואַטער גלעס. נאָר די וואַסער דאַרף אימער בלייבען העכער פון די אייער. אין א כלי פון 20 קוואָרט קאָן מען האַלטען 15 דוצענד אייער. די כלי מיט די אייער דאַרף מען גוט פאַרדעקען. אויב דאָס שטעהט אָבגעדעקט, ווערט די וואַסער אַזוי ווי מילך, און דאָס ווערט ניט פאַרהיטען די אייער. די כלי מיט די אייער האַלט מען אין א ריינעם, טרוקענעם, קיהלען פּלאַץ, וואו די טעמפּעראַטור זאָל קיינמאָהל ניט זיין העכער פון 60 גראַד פּארענהייטס (12½ גראַד רעמיורס). דער בעסטער פּלאַץ איז א גוטער קעהלער. אויב אין קעהלער געפינען זיך גארטענוואַרג, דאַרף מען האָבען א גוטע ווענטילאַציאָן. די כלי זאָל מען שטעלען אויף א פּלאַטפאָרם, און ניט אויף דער ערד. און מען זאָל פאַרהיטען, אַז די שטראַהלען פון דער זון זאָלען ניט פּאַלען אויף דער כלי. ווען מען נעהמט ארויס די אייער פון די וואַסער, זאָל מען ניט לעגען קיין אנדערע אייער אין די זעלבע וואַסער. די אייער קאָן מען ארויסנעהמען פון די וואַסער ווען מען וויל און וויפיעל מען וויל. מען מוז ניט ארויסנעהמען אַלע אייער מיט איין מאָל. ווען מען דאַרף געברויכען די אייער, זאָל מען זיי אַריינלעגען אין א זיפּ און באַגיסען מיט קאַלטע וואַסער ביז זיי שווענקען זיך אָב. צו פאַרהיטען, אַז די אייער זאָלען ניט פּלאַצען, ווען מען קאָכט זיי, זאָל מען מיט א נאָדעל מאַכען א לעכעלע אין דעם ברייטען זייט פון דער איי.

**וואַזעלין און פּאַראַפּין.** — צוליעב פּריזערווירען ווענינ אייער קען מען נעהמען צוויי טיילען ווייסען וואַזעלין און איין טייל פּאַראַפּין. ביידע זאַכען וואַרעמט מען ביז זיי ווערען שיטער, דאַן מישט מען גוט צונויף ביידע זאַכען, און מען לאָזט עס אָבקיהלען זיך. ווען עס ווערט אָבגעקיהלט נעהמט מען א שטי־

קעלע דערפון און מען רייבט עס צווישן די הענט ביז עס ווערט קלעפיג. יעדעס איי נעמט מען צווישן ביידע הענט און מען רייבט ביז דאס איי ווערט צוגעדעקט פון אלע זייטען מיט די וואזעלין. יעדעס איי וויקעלט מען איין אין ווייכע פאפיער און מען לעגט זיי אריין אין א קעסטעל פון אייער. דאס קעסטעל מיט די אייער שטעלט מען אין א קיהלען, טרוקענעם, פינסטערען פלאץ.

זאלץ. — א קורצע צייט קאן מען האלטען די אייער אין זאלץ צו פארהיטען אז זיי זאלען ניט קאליע ווערען. די זאלץ דארף זיין מיט צוויי אינטשעס העכער פון די אייער.

קאלך וואסער. — נאך א גוטער מיטעל אין צו נעהמען א פונט זאלץ און א קווארט געלאשענע קאלך און צומישען עס מיט דריי גאלאן וואסער — צוויי טעג זאל מען דאס אפט מישען, און נאכהער לאזען שטעהן ביז די געדיכטע זעצט זיך אב אויפ'ן דעק, און מיט די שיטערע באגיסט מען די אייער אין א ליימענער כלי, און מען האלט עס אזוי ווי די אייער מיט וואטער גלעס.

## 3. ווי אזוי צו פארקויפען אייער.

174. ווי אזוי צו האלטען און סארטירען די אייער. — די אייער צום פארקויפען מוז מען האלטען ווי געהעריג און ריכטיג סארטירען. אין אלגעמיין מוז מען אבהיטען פאלגענדע זאכען:

1. יעדען טאג זאל מען צונעהמען די אייער פון די נעסטען באלד נאכ'ן לעגען. זומער אין די גרויסע היצען דארף מען צוויי מאל א טאג באזוכען די נעסטען.

2. אין ווארימען וועטער זאל מען די אייער באלד אוועקגעלעגען אין א קיהלען פלאץ, וואו עס איז טרוקען, און האלטען זיי דארט ביז מען שיקט זיי אין מארק.

3. ניט האלטען די אייער אין א פלאץ וואו עס הערט זיך עטוואס א שלעכטער גערוך, ווי אין א דעמפען קעלער און ד. ג.

4. אז איי, וואס מען איז ניט זיכער אויב דאס איז פריש, זאל מען ניט לעגען צווישען די אייער, ווייל פון איין שלעכטען איי קאנען קאליע ווערען אלע אייער.

5. מען זאָל ניט האַלטען קיינע העהנער מיט די היהנער, ווייל פרוכטבאַרע אייער ווערען גיכער קאַליע ווערען.

6. די אייער מוזען זיין אבסאָלוט ריין. דעריבער זאָל מען די נעסטען האַלטען ריין. ווען מען וואשט די אייער פאַרלירען זיי דעם קאָליר. ניט קיין ריינע אייער זאָל מען לאָזען אין דער היים. אויב מען מוז אמאָל ארומוואשען, זאָל מען צומישען איין אונס אמאָניע מיט צוויי קוואָרט וואסער, און מיט א פלאַנעל ארומווישען, און נאכהער איינרייבען מיט א טיכעלע איינגעטונקט אין א פליסיגקייט פון א האַלבער קוואָרט עסיג מיט פיער אונסעס זאַלץ.

7. מען זאָל אמווייניגסטען איין מאָל אין וואָך אבשיקען די אייער אין מאַרקעט, און אין ווארימען וועטער זאָל מען שיקען צוויי מאָל אין וואָך.

8. איבערהויפט זאָל מען גוט סאָרטירען די אייער, ווייסע און ברוינע באזונדער, גרויסע, מיטעלע און קליינע באזונדער.

175. פערשיעדענע פרייזען פאַר אייער. — וועגען די נור־צען צו סאָרטירען די אייער גיבען מיר דאָ די פרייזען פון אייער, וועלכע מען האָט געצאַהלט אין ניו יאָרק אין א געוויסער צייט:

### פאַר גרויסע וואָס וועגען 30 אונסעס א דוצענד.

1. ווייסע אליין 52 סענט א דוצענד
2. ברוינע אליין 42 סענט א דוצענד
3. געמישטע ווייסע מיט ברוינע 38 סענט א דוצענד.

### פאַר מיטעלע וואָס וועגען 21 אונסעס א דוצענד.

1. ווייסע אליין — 42 סענט
2. ברוינע אליין — 36 סענט
3. געמישטע ווייסע מיט ברוינע 32 סענט.

### פאַר קליינע וואָס וועגען 18 אונסעס א דוצענד.

1. ווייסע אליין — 31 סענט

2. ברוינע אליין — 28 סענט
3. געמישטע ווייסע מיט ברוינע 21 סענט.

פראפעסאר לואיס גיט איבער, אז זיי האבן געשיקט קיין ניו יארק ווייסע אייער באזונדער, ברוינע באזונדער, און אייניגע קעסט־לעך געמישט ווייסע מיט ברוינע. האט מען די ווייסע פארקויפט צו 34 סענט א דוצענד, די ברוינע צו 30 סענט און די געמישטע צו 27 סענט. דאס הייסט, אז פארקויפענדיג געמישטע, האט מען אויף די ווייסע פארלארען 7 סענט אויפ'ן דוצענד און אויף די ברוינע 3 סענט.

176. שיקען אייער ביי פאסט. — אין די פאראייניגטע שטאאטען פון אמעריקא קאן מען שיקען אייער ביי פאסט — פאר־סעל פאסט. — ביז 150 מייל קאן מען שיקען ביז 50 פונט אין איין פעקעל — פארסעל, — און ווייטער פון 150 מייל, קאן מען שיקען נאר 20 פונט אין איין פעקעל. די גרויס פון פעקעל דארף זיין ניט מעהר ווי 27 אינט־שעס, מעסטענדיג אין דער לענג ארום און ארום. פאסט געלד ביז 150 מייל קאסט 5 סענט פאר'ן ער־שטען פונט, און פאר יע־דער פונט מעהר ביז 50 פונט איין סענט פון פונט. פאר לאקאלע צושטעלונ־גען קאסט דער ערשטער פונט 5 סענט און פאר יעדערע צוויי פונט מעהר קאסט 1 סענט.



Courtesy International Harvester Co.
א דוצענד אייער וועגט א פונט מיט א האלבען.

פאר לאקאלע צושטעלונגען קאן מען פאקען די אייער אין בעסקעטס (קארבען) אדער קעסטלעך. מען דארף נאר זעהען פארהיטען, אז די אייער זאלען ניט קאנען שאדען צו די אנדערע זאכען וואס געהן מיט'ן פאסט. ווען מען שיקט אבער וויט, מוז מען יעדער איי פארוויקלען אין פאפיער און ארומלעגען מיט קאטען (וואטע), און

דאַס גלייכען, און פּאַקען זאָל מען אין שטאַרקע קאַרדאָנענע קעסט־לעך (דאָובל פייסט קאָרוגייטעד פייסטבאָורד), אָדער אין הילצערנע, אָדער אין מעטאַלענע קעסטלעך. אויף יעדען פּעקעל דאַרף מען אָנשרייבען מיט גרויסע ווערטער „עגס" — אייער — און מען זאָל דייטליך אָנשרייבען דעם אַדרעס צו וועמען מען שיקט, און דעם פולען אַדרעס פון דעם וואָס שיקט.

קעסטלעך צוליעב פּאַקען אייער פאַרקויפען זיך פאַרשיעדענע. מען קאָן זיי געברויכען איינינגע מאָל. אָבשיקען צוריק די לעדיגע קעסטלעך קאָסט אַ קלייניגקייט.



קאפיטעל 12.

# היהנער צוליעב פלייש

177. יונגע היהנדעלעך צוליעב פלייש. — נאָהענט פון א גרויסער שטאָדט אָדער פון זומער פלעצער לוינט זיך צו אויס־בריהען היהנדעלעך ספעציעל צוליעב פלייש, און די, וואָס האַלטען היהנער נאר צוליעב פארקויפען אייער, האָבען אויך יעדען יאָהר געננג יונגע הענדעלעך און שוואַכע היהנדעלעך, וועלכע מען דארף פארקויפען צוליעב פלייש.

בראילערס. — קליינע היהנדעלעך, וואָס מען פארקויפט צו־ליעב פלייש, רופט מען אין ענגליש בראילערס. בראילערס זיינען פאַראַן דריי סאָרטען:

1. סקוועב בראילערס, וועלכע וועגען פון דריי פערטעל פונט ביז א פונט. ווינטער צייט און פריה אין פריהלינג איז אויף זיי א גרויסע פאָדערונג אין די האָטעלען און גרויסע רעסטאָראַנען.

2. ספרינג בראילערס ווערען אָנגערופען ווען זיי וועגען פון א פונט ביז א פונט מיט א האַלבען.

3. גרויסע בראילערס, וועלכע וועגען פון א פונט מיט א האַלבען ביז צוויי פונט.

די, וואָס ווילען ספעציעל באַשעפטיגען זיך מיט בראילערס, דארפען האַלטען די גרעסערע סאָרטען היהנער, ווי די פלימוט ראקס, ווייענדאטס און ראוד איילענד רעדס, ווייל זייערע היהנדעלעך זיי־נען גרעסער איידער די היהנדעלעך פון די קליינע סאָרטען היהנער. די קליינע היהנדעלעך פון די קלענערע סאָרטען היהנער, ווי די לעגהארנס, זאָל מען בעסער פארקויפען, ווען זיי וועגען פון דריי פערטעל פונט ביז איין פונט, ווייל אויב, מען וועט זיי האַלטען

לענגער וועלען זיי ניט באצאהלען פאר'ן עסען. יעדער פונט וואג, וואס וועט אין זיי צוקומען וועט זיך אליין קאסטען מעהר איידער מען קאן נעהמען.

ראוסטערס. — יונגע עהנדלעך ווערען אנגערופען ראוסטערס. די גרעסטע פאדערונג אויף זיי איז דאן, ווען זיי וועגען פון פיער ביז פינף פונט. צוליעב ראוסטערס זיינען אויך גוט דער גרעסערער סארט היהנער.

עסען פאר בראילערס און ראוסטערס. — פראפעסאר לואיס שרייבט, אז ווען די היהנדעלעך און עהנדעלעך זיינען אלט פיער וואכען, און מען וויל זיי פארקויפען צוליעב פלייש זאל מען זיי געבען פאלגענדע שפייזען:

ווייצענע קלייען 40 פונט.
געריבענעם האבער 20 פונט.
קארן מעהל 20 פונט.
באקהוויט מידלינגס 10 פונט.
מיט סקרעפס 10 פונט.

---

אין גאנצען 100 פונט.

ווען מען מאכט דיעזע שפייזען פייכט מיט וואסער אדער מיט מילך וועלען די היהנדלעך גיכער וואקסען. פון די סקים מילך וועט זייער פלייש זיין פיעל געשמאקער. עסען זאלען זיי פינף מאל אין טאג, 7 און 10 א זייגער אין דער פריה, 2 און 5 א זייגער נאך האלבען טאג. ארום האלבען טאג זאל מען זיי געבען גלייכע טיילען קרעקד קארן און ווייץ. גריט און איסטער שעלס זאל זיך אימער גע־פינען נעבען די היהנדעלעך. עסען זאל מען זיי צו יעדען מאל געבען, אז זיי זאלען דאס קאנען אויפעסען אין 15 אדער 20 מינוט. די פייכטע מעש זאל מען צו יעדען מאל מאכען פרישע. וואסער צום טרינקען זאלען זיי אימער האבען פרישע. די כלים, פון וועלכע זיי עסען און טרינקען זאל מען אפט אויסבריהען מיט הייסע וואסער.

די מעין עקספּערימענט סטיישאַן האָט אויסגעפונען:

1. אַז עס באַצאָהלט זיך צו מאַכען פעט די יונגע היהנדע־לעך. ערשטענס, ווייל די וואָג, וואָס קומט צו, באַצאָהלט מעהר איידער דאָס עסען קאָסט, און צווייטענס, פאַר די פעטע נעהמט מען אַ בעסערען פּרייז.

2. אַז דאָס עסען קאָסט ביליגער, ווען מען האַלט זיי אין קליינע הייזער איידער ווען מען האַלט זיי אין קופּס (שטייגען).

3. ווען מען גיט זיי פייכטע שפּייז, איבערהויפּט מיט סקים מילך, קאָסט דער גאַנצער עסען ביליגער.

4. פיער וואָכען איז די ריכטיגסטע צייט, וואָס מען דאַרף האַלטען די היהנדעלעך צו פעט מאַכען.

קעפּאַנייזינג. — קעפּאַנייזינג מיינט, וואָס מען שניידט אויס ביי די העהנער די מענליכע אָרגאַנען. פון אַזעלכע העהנער איז די פלייש פיעל געשמאַקער. אידען טאָרען דאָס ניט טאָן. די וואָס וועלען באַשליסען צו טאָן די זאַך, זאָלען זיי קויפען די אינסטרו־מענטען, וועלכע מען געברויכט ספּעציעל צוליעב דיעזען צוועק. מיט די אינסטרומענטען שיקט מען צו אַ צושריפט ווי אַזוי צו מאַכען די אָפּעראַציע, און פיעל זיכערער איז, אַז מען זאָל פריהער זעהען ווי אַ פּראַקטישער מאַן טוט עס.

179. פעט מאַכען אַלטע היהנער. — עס באַצאָהלט זיך צו פעט מאַכען די היהנער צוליעב פלייש. ערשטענס, וועט צו־קומען וואָג, און צווייטענס, וועט די פלייש זיין פיעל שעהנער און געשמאַקער. צוליעב פעט מאַכען עופות מוז מען וויסען וואָס צו געבען זיי עסען, אום די פעטקייט זאָל אריין אין אַלע טיילען פון די פלייש. ווען מען זאָל, צום ביישפּיעל, געבען זיי נאָר קאָרן (קור־קורוזע) סיי גאַנצע און סיי געמאהלענע, וועלען זיי געוויס פעט ווערען, אָבער די פעטקייט וועט זיך אָנקלייבען ארום די געדערים און אונטערן הויט, אָבער די פלייש וועט ניט פעט ווערען, און אין קאָכען וועט די גאַנצע פעטקייט ארויס פון די פלייש, און די פלייש וועט ניט האָבען קיין געשמאַק.

נאָך אַ וויכטיגע זאַך איז, אַז מען זאָל זיי געבען פייכטע

שפייזען. ערשטענס, ווייל די היהנער האבען ניט קיין באוועגונג, וועלען די טרוקענע שפייזען ניט גוט איבערקאכען זיך אין מאגען; און צווייטענס, ווייל פון פייכטע שפייזען ווערען זיי גיכער פעט. די מעש דארף זיין געדיכט ווי געדיכטע קרים (שמאנט).

צוליעב פעט מאכען זיינען גוט אלע סארטען מעהל, נאר בעסער איז, אז מען זאל מישען אייניגע סארטען צוזאמען. אויב מען מאכט די מעש מיט סקים מילך, זויער מילך, אדער באטערמילק, וועט די פלייש זיין פיעל געשמאקער. אויב מען האט ניט קיין מילך — פראדוקטען, און די מעש מאכט מען מיט וואסער, דאן דארף מען זיי געבען פון 15 ביז 20% ביף סקרעפס, דאס הייסט, אז אויף 100 פונט מעהל זאל זיין 15 אדער 20 פונט ביף סקרעפס.

די עופות, וואס מען דארף פעט מאכען, מוז מען האלטען אין א ריינעם פלאץ מיט גענוג פרישע לופט. איידער מען פערשפארט זיי זאל מען זיי באשיטען מיט א פאודער, וואס פארהיט פון לייז, און אין דער צייט, וואס זיי זיינען פארשפארט, זאל מען נאך א מאל באשיטען. קיינע הענער זאלען זיך ניט געפינען צוזאמען מיט די היהנער.

עס זיינען פאראן דריי מעטאדען ווי אזוי צו פעט מאכען היהנער: 1, צו האלטען די היהנער אין פענס (צימערען) אדער הויפען; 2, מען האלט זיי אין קרייטס (שטייגען) אדער אזעלכע באטערען; און 3, וואס מען שטאפט די היהנער מיט די הענט אדער מיט א מאשין. אין אמעריקע ווערט ניט געפראקטיצירט צו שטאפען מיט די הענט, אבער מאשינען צום שטאפען ווערען יא געברויכט.

דער אלגעמיינער פארמער, ווען ער וויל פעט מאכען די היהנער, קאן ער זיי האלטען צוויי וואכען אין א פען, אדער אין א קליינעם הויף, און געבען זיי דריי מאל אין טאג עסען. אין דער־פריה און פאר־נאכט גיט מען א פייכטע מעש פון 2 טיילען געמאה־לענעם האבער אדער גערשטען, פון וועלכע מען האט די שאלעכץ אויסגעזיפט, 2 טיילען קארן מיל און 1 טייל ווייצענע מידלינגס, דאס אלעס מאכט מען פייכט מיט הייסע וואסער אדער מיט הייסע

סקים מילך, און מען גיט עס ווארימערהייט. פארנאכט גיט מען קלייבע טיילען: קארן, ווייץ און האבער אהן שפיצען.

פראפעסאר לואיס רעקאמענדירט פאלגענדע שפייזען צוליעב פעט מאכען היהנער:

10 פונט ווייצענע קלייען.

25 פונט גראבע האבערנע מעהל.

25 פונט קארן מעהל.

25 פונט באקהוויט מעהל.

15 פונט ביף סקרעפס.

פון אנפאנג זאל מען די היהנער געבען עסען צו ביסלעך, און מיט יעדער טאג פארגרעסערען די פראפארציאנען. ווען מען גיט זיי פון אנפאנג צופיעל עסען, פארלירען זיי דעם אפעטיט. עסען זאל מען זיי געבען יעדער טאג אין דער זעלבער צייט.

180. **וועגען פארקויפען געקוילעטע היהנער.** — די, וואס ווילען פארקויפען געקוילעטע היהנער דארפען וויסען, אז א הוהן פארלירט בייגאהע מעהר פון א דריטעל פון איהר וואג ביז מען מאכט זי פארטיג צום עסען. א לעבעדיגע הוהן, וועלכע וועגט 6 פונט, וועט נאכ'ן קוילען, אבפליקען און ארויסנעהמען די גע־דערים, וועגען נאר בערך 4 פונט. דעריבער דארף מען זיך אויס־רעכענען, אויב עס לוינט זיך צו פארקויפען געקוילעטע.

מיט 24 שטונדען פריהער איידער מען קוילעט א הוהן, זאל מען איהר געבען דאס לעצטע מאל עסען, און באלד נאכ'ן עסען געבען איהר וואסער צום טרינקען, און מעהר זאל מען איהר ניט געבען ניט קיין עסען און ניט קיין טרינקען. דאס פאסטען דעם לעצטען מעת לעת מאכט איהר פלייש געשמאקער און די פלייש ווערט ניט קאליע אזוי גיך.

## קאפיטעל 13.

# קראַנקהייטען פון וועלכע היהנער ליידען, און שלעכטע געוועהנהייטען פון היהנער

---

### 1. וועגען קראַנקהייטען אין אלעמיין.

181. פארהיטען פון קראַנקהייטען. — אין כינאַ איז די הויפּט אויפגאַבע פון אַ דאָקטאָר צו פארהיטען זיינע פּאַציענטען, אַז זיי זאָלען ניט קראַנק ווערען. צו היילען די קראַנקע איז נאָר אַ ביי־זאַך. ווען איך שרייב דיעזען קאַפּיטעל איז אויך מיין הויפּט צוועק צו בעאיינפלוסען דעם לעזער, אַז ער זאָל פארהיטען זיינע היהנער פון קראנקהייטען. זאָל דער לעזער וויסען פון די אלע פערשיעדענע קראַנקהייטען, פון וועלכע היהנער ליידען, און זאָל ער וויסען די אורזאַכען פון וואָס די קראַנקהייטען קומען, דאַן וועט ער געוויס אנווענדען אַלע מעגליכקייטען צו פארהיטען דערפון; און ווען די היהנער ווערען קראַנק זאָל ער וויסען די אורזאַך פון וואָס זיי זיינען קראנק געוואָרען, און זעהען צו באַזייטיגען די אור־זאַך. ווען איין הוהן ווערט קראנק, קאָן זיין, אַז עס לוינט זיך ניט צו היילען זי. זאָל מען בעסער קוילען זי. צום אומגליק אָבער טרעפט אממיינסטען, אַז פיעלע היהנער ווערען מיט אַ מאָל קראַנק, און מען מוז זיי אַלע היילען, דאן לוינט זיך געוויס צו וויסען מיט וואָס צו היילען.

דאָס איז אַ פאַקט, אַז ווילדע עופות ליידען ניט אַזוי פיעל פון קראַנקהייטען ווי אונזערע היימישע עופות, ווייל זיי אליין קאָנען זיך בעסער אָבהיטען איידער דער מענש היט זיי אָב. דאָך, ווען

מען װעט אַבהיטען אַלעס װאָס אין דיעזען בוך איז געשריבען, װעט מען געװיס האָבען װעניגער צרות פון קראַנקע היהנער. די הוהן מוז אַרויסקומען פון געזונטע שטאַרקע עלטערען, און מען מוז זי אָבהיטען מיט'ן עסען און מיט איהר װאָהנונג. װען מען קויפט היהנער זאָל מען זיי אַ פּאָאַר װאָכען האַלטען באַזונדער ביז מען צייגט זיך איבער, אַז זיי האָבען ניט געבראַכט קיינע קראַנקהייטען. װען אַ הוהן װערט קראַנק, זאָל מען זי באַלד צונעהמען אין אַ באַזונדער פּלאַץ; און, אויב די קראַנקהייט איז אַן אָנשטעקענדע, זאָל מען דעזינפּיצירען די הייזער און די כלים פון װעלכע זיי עסען און טרינקען. אין אַװענד זאָל מען שטילערהייט אַריינגעהן צו די היהנער אין הויז און צוהערען זיך פּיליײכט ניסען זיי אָדער עס כאָרכעלט ביי זיי אין האַלז.

אין דאָס װאַסער צום טרינקען זאָל מען זיי אימער געבען פּאַטעסיאום פּערמאַנגענייט (זע פּאַראַגראַף 71). װינטער זאָל מען איין מאָל אין צװיי אָדער דריי װאָכען איינגעבען זיי עפּסאָם זאַלץ 1½ פונט אויף 100 היהנער. די זאַלץ צולאָזט מען אין װאַסער און מען גיט די היהנער אַלס אַ טרונק. נאָר פאַר־נאַכט, נאָך די עפּסאָם זאַלץ, זאָל מען זיי געבען רײנע פרישע װאַסער צום טרינקען.

182. סימפּטאָמס (סימנים) פון קראַנקהייטען. — עס זיינען פאַראַן אייניגע קראַנקהייטען, פון װעלכע די הוהן שטאַרבט פּלוצלום, װי צום ביישפּיעל, פון אַפּאָפּלעקסיע אָדער פון אַ האַרץ פעהלער, אָדער װען זי דערװערגט זיך. אין אַלגעמיין אָבער קרענקט די הוהן איידער זי שטאַרבט, און עס איז זעהר נויטיג, אַז מען זאָל יעדער טאָג צוקוקען זיך צו אַלע היהנער, און זעהן אויב זיי זיינען נאָרמאַל. די געזונטע הוהן דאַרף זיין פרעהליך און טהעטיג, די אויגען דאַרפען זיין קלאָהר, דער קאַם העל־רויט, און די מיסט דאַרף זיין ניט צו האַרט און ניט צו װייך. װי מען באַמערקט, אַז עפּעס איז ניט נאָרמאַל זאָל מען זיי באַלד צונעהמען.

מיר גיבען דאָ אַ ליסטע פון סימפּטאָמס פון די מעהרסטע קראַנקהייטען, פון װעלכע היהנער ליידען. מיר דאַרפען אָבער װיסען, אַז אייניגע סימפּטאָמס קאָנען זיין אין פאַרשיעדענע קראַנק־

הייטען, ווי צום ביישפיעל, אַ שוואַכער מאַגען קאָן קומען פון פאַר־שידענע אורזאַכען אין פארשידענע קראַנקהייטען. דעריבער דאַרף מען נאָכזוכען די אַנדערע סימפּטאָמס און בעשטימען, וועלכע קראַנקהייט דאָס איז. די ציפערען אין די סימפּטאָמס ווייזען אין וועלכען פּאַראַגראַף איז געשריבען וועגען דער קראַנקהייט.

א ו י ג ע ן.—ווען עס רינט פון די אויגען, איז דאָס אַ גע־וועהנליכע פארקיהלונג (187). ווען אין די ווינקעלעך פון די אויגען ווערען ווי שטיקלעך קעז און די אויגען זיינען פארשוואָלען איז דאָס רופּ (191). ווען עס ווערט קרעץ אַרום די אויגען, קאָן זיין אַז דאָס איז פּאָקען (210). און אַמאָל טרעפט עס פון בראָנקייטיס (188). ווען די שוואַרץ־עפּעל פון אויג ווערט גרויס, האָט זיך די הוהן פארסם'ט מיט אַ גיפטיגער זאַך. ווען אַ הוהן ווערט אין גאַנצען בלינד, ניט קרענקענדיג פריהער, איז שווער צו זאָגען די אורזאַך.

א ט ה ע מ ע ן.—ווען די הוהן אטהעמט צו שנעל אָדער שווער, אָדער עס ווייזט אויס ווי זי ווערגט זיך, קאָן זיין, אַז דאָס איז פון אַ מאָגען ענטצינדונג, אָדער פון אַ פערקיהלונג, אָדער פון וואַסער־קראַנקהייט ווי אויך פון לונגען ענטצינדונג (190), פון גייפּ (202), פון ער סעק מייטס (209) און פון פארגיפטען זיך מיט ארסעניי־ט אַוו לעד. און ד. ג.

ב ו י ך. — דער בויך ווערט געשוואָלען פון הווייט דייעריע (144) און פון וואַסער־קראַנקהייט אויף די גערערים

ב ר ע כ ע ן. — אַ הוהן זאָל אנפאַנגען צו ברעכען (מייקענען) קאָן טרעפען פון קראָפּ ענטצינדונג (215), אָדער ווען זי פאַר'סם'ט זיך.

ג ע נ ע צ ע ן. — אַ הוהן עפענט דעם מויל אַזוי ווי זי גענעצט פון (גייפּ) אָדער פון קאַנקער אין האַלז (214).

ה א ל ז. — געלע פלעקען אין האַלז און אין מויל קומט פון דיפטעריע (189) אָדער פון קאנקער (214). ווען עס קלאַפּט זיך אדער אזוי ווי עס פּייפט אין האַלז קומט פון בראנקייטיס (188) אָדער קאַנקער. ווען זי קאָן ניט שלינגען, קאָן זיין, אַז דאָס איז אַ

בראנקייטוס אדער פון ער סעק מייט (209), אזוי ווי זי ווערגט זיך קומט פון פארסם'ן זיך. כארכלען און הוסטען קומט פון בראנקייטוס אדער פון ער סעק מייט (209). ווען זי קאן ניט באַ־ ווענגען דעם האלז איז דאס לימבער נעק (207).

ה ו י ט ס י מ פ ט א מ ס.—אזוי ווי ברעקלעך אונטער'ן הויט קומט פון רופ (191) אזוי ווי שאלעכץ אויפ'ן הויט קומט פון פיי־ וואס, וואס מען רופט הווייט קאם (212).

ו ו א ט ע ל ס.—די וואטעלס זיינען די שטיקלעך וואס הענגען ביי דער הוהן פוןביידע זייטען האלז. די וואטעלס ווערען גרעסער און הארט פון א וואסער קראנקהייט. אויב עס ווערען ווייסע פינ־ טעלעך אויף די וואטעלס קאן זיין, אז דאס איז די קראנקהייט וואס מען רופט הווייט קאם (212).

מ א ג ע ן. — א שוואכער מאגען קאן זיין פון פארדארבען דעם מאגען (184), פון כאלערע (206), פון הווייט דייעריע (144), פון פאר'סם'ען זיך, פון בלעק ראט (201), פון רופ (191) און פון שווינד־ זוכט (216).

מ א ג ע ר ו ו ע ר ע ן.—א הוהן ווערט מאגער ווען זי האט ניט די ריכטיגע שפייזען אדער פון שלעכטע הייזער, אדער ווען זי ליידט פון לייז און מייטס, אדער פון שווינדזוכט, אדער ווען זי האט ווע־ רים אין די געדערים (205), און אויך פון אנדערע קראנקהייטען.

מ ו י ל ס י מ פ ט א מ ס.—שוים גיסט זיך פון מויל פון גייפס (202) פון א שלעכטען מאגען (184) און פון אן אנצינדונג איני־ ווייניג. (זעה סימפטאמען פון האלז).

נ א ז. — רינען פון נאז און ניסען קומט פון פארקיהלונגען ווען עס רינט זעהר פיעל און דאס האט א שלעכטען גערוך איז דאס רופ (191).

פ י ס. — הינקען קאן קומען פון א קלאפ אדער פון רומאטיזם (192). שוואך אויף די פיס קאן זיין פון שווינדזוכט אדער פון אנ־ דערע אורזאכען. אויך קאן קומען די שוואכקייט פון סקיילי לעגס (194). געשוואלען די פיס קומט פון א קלאפ, פון היהנער אויגען (קארנס) און פון רומאטיזם.

פ ל י ג ל ע ן. — אַראַבגעלאַזענע פליגלען טרעפט אין כאָלערע (206) אָדער אין הווייט דייעריע (144).

פ ע ד ע ר ע ן. — פעדערען פאַלען ארוים פון אַלגעמיינע שוואַכ־קייט. פעדערען ברעכען זיך פון אַזאַ קרעץ (212). פעדערען ווערען געגרייזעלט פון כאָלעריע (206) און פון קראפ פארשטאָפונג (215). ווען די פעדערען שטעלען זיך אויף, קאָן זיין אַז דאָס איז לעבער קרינקהייט (208) אָדער ווען איהר איז שווער צו לעגען דאָס איי (199).

צ ו נ ג. — ווען דער צונג ווערט באַדעקט אַזוי ווי מיט אַ שאָ־לעכץ איז דאָס פיפ (211). דער צונג ווערט הארט און טרוקען פון בראָנקייטיס (188), פון רופ (191) און פון לונגען ענטצינדונג (190).

ק א ם. — דער קאם ווערט שווארץ אָדער בלוי אָדער געל פון לעבער קראנקהייט (208) און פון לונגען ענטצינדונג (90). דער שפיץ קאם ווערט שווארץ פון בלעק ראָט (201). א בלייכער קאָם ווערט ווען זיי ליידען פון לייז און מייטס. בלייך אָדער טונקעל ווערט דער קאָם פון דיזענטעריע (185), דיפטעריע (189) און כאָ־לעריע (206). אין גאנצען בלייך ווערט דער קאָם פון שווינדזוכט (216), פון וואַסער־קראַנקהייט און פון הווייט דייעריע (144). דונקעלע אָדער געלע פלעקען אויפ׳ן קאָם קאָן זיין, אַז דאָס רייסט אָז. ווייסע סקעבס (סטרופעס) אויפ׳ן קאָם קומען פון פייוואַס (212).

ק א פ. — די הוהן דרעהט מיט׳ן קאָפ פון קרעמפּפען אָדער פון רומאַטיזם, שאָקלען מיט׳ן קאָפ טרעפט אין דיפטעריע (189). וואַר־פען שטאַרק מיט׳ן קאָפ קומט אין אַפּאָפּלעקציע. דער קאָפ קאַלט און געשוואָלען ווערט פון רופ (191), דער קאָפ און געזיכט ווערען געלבליך פון שווינדזוכט (216) און אמאל פון שוואכקייט. געלע קרעץ אויפ׳ן קאָפ קאָן זיין אַז דאָס איז פּאָקען. וואונדען אויפ׳ן קאָפ קומען פון רופ.

ק ע ר פ ע ר. — דער קערפער בלייבט אָהן באוועגונג פון מאַגען קראַנקהייט אָדער פון גייפ (202). ווען דער גאַנצער קערפער

ווארפט זיך, קאן זיין, אז דאס איז כאלעריע (206) אדער פון ווערים (205), אדער פון פאר׳סם׳ן זיך.

קראפ. — ווען דער קראפ ווערט גרויס און הארט, איז ער פארשטאפט ווען גרויס און ווייך איז דאס אן ענטצינדונג אין קראפ (215).

183. אונטערזוכען דעם טויטען קערפער. — אין פיעלע אינערליכע קראנקהייטען, וואו מיר קאנען ניט פון די אויסערליכע סימפטאמס באשטימען וואס פאר א קראנקהייט דאס איז, דאן איז נויטיג אונטערצוזוכען אינוועניג דעם טויטען קערפער פון דער הוהן. הערצו מוז מען אבער זיין באקאנט מיט די אינגעווייט פון א געזונטער הוהן. ווען מען קוילעט געזונטע היהנער זאל מען זיי פארזיכטיג צושניידען, און מען זאל גוט צוקוקען זיך אינוועניג צו אלע טיילען, און באמערקען ווי אזוי יעדער טייל זעהט אויס ביי דער געזונטער הוהן. דער לעבער פון א געזונטער הוהן דארף האבען א פוירפיל רויטען קאליר, ער דארף זיין הארט און שטייף און ניט האבען אויף זיך קיינע פלעקען. אויב דער לעבער האט אויף זיך געלבליך-ווייסע פלעקען, איז דאס א בעוויז, אז די הוהן האט געליטען פון שווינדזוכט אדער פון לעבער קראנקהייט; און, אויב דער לעבער איז דונקעל גרין און פארגרעסערט, האט זי געליטען פון כאלעריע. די הארץ פון א געזונטער הוהן דארף זיין רויט און שטייף און ניט האבען אויף זיך צופיעל פעטקייט און עס דארף זיין אומעטום גלייך, ניט פון איין זייט זעהר פול און פון צווייטען לעדיג. אויב עס געפינען זיך אויפ׳ן הארצען קליינע בלאטערלעך, האט זי געליטען פון שווינדזוכט. די לונגען ביי דער געזונטער הוהן דארפען זיין העל-רויט אין קאליר, און זיי דארפען זיין ווי א ספאנדזש (הופקע); ווען מען שניידט אב א שטיקעל לונגען און מען לעגט אריין אין וואסער שווימט עס פון אויבען; אויב דאס זינקט אין די וואסער איז דאס א בעוויז, אז די הוהן האט געהאט א לונגען פעהלער. אויב עס געפינען זיך אויפ׳ן לונגען בלאטערלעד ווייסע ווי קעז איז דאס אממיינסטען פון שווינדזוכט

אויך דארף מען אונטערזוכען דעם קראפ און דעם גארגעל

(ווינד פייפ) פיליכט איז דאָרט מיט עפּעס פּעחשטאָפּט. די אָר־גאַנס, וואו די אייער געפינען זיך, דאַרף מען אויך אונטערזוכען פיליכט איז דאָרט אַ צובראָכענע איי.

צוליעב אונטערזוכען לעגט מען די טויטע הוהן אויף אַ ברעט מיט'ן ברוסט ארויף. די פליגלען און די פיס צושפּרייט מען, און מען שלאָגט זיי צו צום ברעט מיט קליינע נאָגלען. מען פליקט אָב די פעדערען פון ברוסט, און מען טהוט אַ שניט נאָר די הויט פון הינטערשטען טייל קערפּער ביז'ן קראָפּ. נאכהער קערט מען אָב די הויט פוןביידע זייטען, און מיט א שאַרפען מעסער צושניידט מען די פלייש פון ביידע זייטען פון דער ברוסט־ביין. דאַן שניידט מען אויס פאָרזיכטיג מיט אַ שפּיץ פון אַ שער אין גאַנצען די ברוסט־ביין. מען דאַרף זיין פאָרזיכטיג ניט אָנצורירען די האַרץ, ווייל עס קאָן זיך אַ גאָס טאָן בלוט פון האַרצען, און דאַן וועט מען ניט קאָנען אונטערזוכען. ווען מען האט דאס אלעס געטאָן ווי גע־העריג, וועט מען קאָנען זעהען אַלע טיילען אינוועניג.

## 2. קראַנקהייטען און מיטלען געגען זיי.

היהנער ליידען פון די אַלע קראַנקהייטען, פון וועלכע מענשען ליי־דען. און די הויפּט קראַנקהייטען קומען פון מאָגען און פון פאַרקיהלונגען.

## מאָגען קראַנקהייטען

184. **א שוואכער מאגען (דייעריע).** — אויב די הוהן מיס־טיגט אָפט און די מיסט איז שיטערע, איז דאָס אַ געוועהנליכע דייעריע (שלשול). דאָס קומט פון עסען פערשימעלטע אָדער צו־געפוילטע אָדער זויערע שפּייזען. אויך קען עס טרעפען פון עסען צופיעל גרינסען, אָדער צופיעל ביף סקרעפּס, אָדער פון צופיעל סטאַרטש (קראָכמאַל), ווי צום ביישפּיעל, ווען זיי עסען צופיעל קאָרן (קוקורוזע). אויך קען טרעפען, ווען זיי טרינקען וואסער. וועלכע איז ניט פריש אָדער שמוציג. אויסער פון עסען און טרינקען קאָנען היהנער באקומען אַ שוואכען מאָגען ווען זייערע הייזער זיי־

נעז ניט רייז, אדער ווען זיי ליידען פון לייז. אויך קען עס טרעפען פון פערקיהלונגען, פון א צוג־ווינד, אדער ווען אין הויז איז פייכט, אדער ווען א קאלטער רעגען האט זיי באנעצט. אויך קען טרעפען, אז זיי ליידען גאר פון אן אנדער קראנקהייט, און דעריבער ווערט ביי זיי דער מאגען שוואך.

די ערשטע זאך וואס מען דארף טהאן, איז אויסצוגעפינען די אורזאך און פערהיטען דערפון. די קראנקע זאל מען האלטען אין א ריינעם טרוקענעם פלאץ, וואו עס איז ניט קאלט און וואו עס איז פאראן א גוטע ווענטעלאציאן, דאס מיינט, אז אימער זאל דארט זיין גענוג פרישע לופט. דער קראנקער זאל מען איינגעבען עפסאם זאלץ (וויפיעל איינצוגעבען זעה אין 217§). אין אלגעמיין זאל די קראנקע עסען נאר טרוקענע שפייזען. קיין קלייען זאל מען איהר ניט געבען, און ביז סקרעפס זאל מען געבען גאנץ ווייניג. אין די וואסער, וואס זיי טרינקען זאל מען אריינטהאן פאטאסיאום פער־מענגאנייט. (זעה 71§).

185. **דיזינטעריע.** — דיזינטעריע ווערט אנגערופען ווען מען האט א שוואכען מאגען און די מיסט איז אויסגעמישט מיט בלוט. די הוהן וועלכע האט דיזינטעריע באוועגט זיך ווענינ און דער קאם ווערט בלוי און וואס ווייטער ווערט ער אלץ דונקעלער. די אור־זאכען קאנען זיין דיזעלבע ווי אין געוועהנליכע דייעריע נאר אין א שטארקערער פארמע. דיזינטעריע איז אנשטעקענד, דעריבער מוז מען די קראנקע צונעהמען פון די געזונטע, און די היהנער הויז זאל מען דעזינפיצירען. אויסהיילען דערפון איז שווער, נאר מען קאן טאן דיזעלבע מיטלען ווי געגען א שוואכע מאגען (זעה 184§).

186. **עצירות** (קאנסטיפיישאן). — ביי גרויסע היהנער טרעפט זעלטען, אז דער מאגען זאל ווערען פערשטאפט. אבער ביי יונגע היהנדעלעך טרעפט עס אפט. גרויסע, ווען זיי האבען א הארד טען מאגען קוועצען זיי זיך און די קליינע היהנדעלעך שרייען. די פארשטאפונג קאן קומען נאך דייעריע (שלשול), אדער ווען די היה־נער ליידען פון ווערים אין די געדערים. אויך טרעפט עס, ווען די היהנער זיינען פערשפארט און האבען ווענינ באוועגונג, אדער ווען

זיי האָבען ניט קיין גרינסען אין זייער עסען. מען זאָל זיי איינגעבען עפּסאם זאַלץ. (זעה § 217) עסען זאָל מען זיי געבען מעהר ווייצענע קלייען, מעהר גרינסען, און לאָזען זיי האָבען מעהר באַוועגונג.

אַמאָל טרעפט, אַז די הוהן קאָן ניט לאָזען די מיסט, ווייל דער אַרויסגאַנג איז פאַרשטאָפּט מיט טרוקענע מיסט. דאַן דאַרף מען אַרומוואַשען מיט וואַרימע וואַסער; און, אויב עס העלפט ניט זאָל מען מיט אַ שפּריצער אויסוואַשען אינוועניג אין אַרויסגאַנג.

## פאַרקיהלונגען.

187. קאַטאַר. — היהנער פאַרקיהלען זיך, ווען אין זייערע הייזער איז פאַראַן אַ צוג־ווינט, און אַ צוג־ווינט קאָן זיין, ווען עס זיינען פאַראַן לעכער אין רוף (דאַך), אָדער ווען דער ווינט קאָן צו־קומען דורך דער הינטערשטער וואַנט אָדער פון די זייטען; אויך פערקיהלען זיי זיך, ווען אין הויז איז פייכט, ווען די ווענט זיינען נאַס, אָדער אונטער די פּיס איז דער באָדען פייכט. אַממיינסטען פערקיהלען זיך היהנער אין הייזער, וואו זיי זיינען פערשפּאַרט אָהן פרישע לופט. דאָס איז אַ פאַקט, אַז אין די הייזער, וואָס מען לאָזט פון פאָרענט אַ טהייל וואַנט אָפען ליידען די היהנער זעהר זעלטען פון פערקיהלונגען. אין פיעלע פעלע קומט די פערקיהלונג דערפון, וואס מען האלט צופיעל היהנער אין אן ענגען פּלאַץ. פון די ענג־שאַפט דערוואַרימען זיי זיך און פון דעם קלענסטען ווינטעל פער־קיהלען זיי זיך. אויך קאָנען זיי זיך פערקיהלען ווען אַ קאַלטער רעגען האָט זיי פאַרנעצט.

די סימפּטאָמס פון פערקיהלונג זיינע פאָלגענדע: עס רינט פון נאָז און פון די אויגען און זי ניסט (סניזינג). אויב די פערקיהלונג איז אַ שטאַרקע ווערט די הוהן שוואַך און אומעטיג און פערלירט דעם אַפּעטיט צום עסען.

מיטלען געגען פערקיהלונגען. — די קראַנקע זאָל מען צו־נעהמען פון די געזונטע און האַלטען אין אַ טרוקענעם וואַרימען פּלאַץ מיט גוטע ווענטילאַציאָן. די הייזער זאָל מען דעזינפיצירען און דער קראַנקער זאָל מען געבען איין גריין קוויינין (חינין) און

מען זאָל דעם מויל מיט די נאָזלעכער וואַשען צוויי מאָל אַ טאָג מיט באָריק עסיד 3%, אָדער מיט קריאָלין 1%, אָדער מיט קאַרבאָליק עסיד 2%, אָדער מיט היידראָדזשען פעראָקסייד צומישט מיט וואַסער גלייכע טיילען. צוליעב דעם מויל און נאָזלעכער זאָל מען געברויכען אַ שפּריצער. אויך איז גוט צו וואַשען דעם קאָפּ און די נעזליכער מיט פּערמאַנגאַנייט אָוו פּאָטאַש. דאָס טהוט מען אויף פאָלגענדען אופן: מען נעהמט די נעזליכער פון דער הוהן צווישען צוויי פינגער און מען רייבט ניט שטאַרק פריהער אַראָב צום שנאָבעל צו, און נאָכהער אַרויף צו די אויגען צו. דאָס וועט העלפען אויסצורייניגען די נעזליכער. נאָכהער זאָל מען אין אַ כלי מיט הייסע וואַסער אריינשיטען פּערמאַנגאַנייט אָוו פּאָטאַש ביז עס ווערט אַזוי ווי וויין, און אין דיזער פליסיגקייט שטעקט מען אריין דעם קאָפּ פון דער הוהן, און מען האַלט עס דאָרט אַ האַלבע מינוט (30 סעקונדען). נאָך אַ מיטעל איז, אַז מען זאָל נעהמען אַ כלי פון אַ קוואָרט, אָנגיסען צוויי־דריטעל פול מיט וואַסער, אריינגיסען 2 עסלעפעל קעראָסין און איינטונקען 2 אָדער 3 מאָל דער הוהנ׳ס קאָפּ.

אויך איז גוט אַרויפגיסען אויף אַ שטיקעל צוקער 20 טראָפּען ספּיריט אָוו קאַמפאָר און צולאָזען עס אין אַ האַלבע קוואָרט וואַסער און געבען דער הוהן צום טרינקען.

עסען זאָל מען זיי געבען אַלט־געבאַקענעם ברויט אָדער מידלינגס געווייקט אין זויער מילך אָדער אין סקים מילך, און דערצו אריינמישען אביסעל געהאַקטע פרישע ביינער (גריז באָון), און אַלע היהנער סיי די געזונטע און סיי די קראַנקע זאָל מען געבען טרינקען וואַסער מיט פּערמאַנגאַנייט אָוו פּאָטאַש (זעה 71§).

188. בראָנקייטיס (בראָנכיט). — בראָנקייטיס איז אַ שטאַרקערע פערקיהלונג, און אויסער די סימפּטאָמס פון אַ געוועהנליכער פאַרקיהלונג, הויבט די הוהן אָן צו הוסטען און אָטעמט שנעל. אַמאָל הערט זיך ווי עס פייפט אָדער עס קלאַפּט זיך ביי איהר אין האַלז, און דער צונג ווערט האַרט און טרוקען. דער גרעסטער טהייל פון די וואָס בעקומען בראָנקייטיס פאַלען טויט, נאָר דאָך קאָן מען פרובען היילען. מען זאָל זי צונעהמען אין אַ טרוקע־

נעם וואַרימען פּלאַץ, וואו עס איז פאראַן גענוג פרישע לופט, און מען זאָל איהר געבען עפּסאם זאַלץ, און נאַכהער לאָזען זי אַריינ־אטהעמען סטים (דאַמף) פון הייסע וואַסער. אויך איז גוט איינצו־געבען א טעעלעפעלע גלייכע טהיילען סיידער עסיג מיט וואַסער. עסען זאָל זי מידלינגס אָדער ווייצענע קלייען אָדער ברויט געווייקט אין מילך. אין די וואַסער צום טרינקען זאָל מען אַריינטהאָן עטוואָס האָניג, אָדער גום ערעביק, אָדער זאמען פון פלאָקס. איינינגע גיבען 10 טראָפּען טאירפּענטין אין א טעע־לעפעלע קאסטער אויל. און אויב דער מאָגען ווערט ניט שוואַך, גיט מען דאָסזעלבע אין 4 שטונדען אַרום נאָך אַמאָל.

189. דיפטעריע (דיפטעריט). — דיפטעריע ביי היהנער איז אַזוי געפעהרליך און אַנשטעקענד ווי ביי מענשען, און ווען אַ הוהן איז פערקיהלט זאָל מען באַלד אונטערזוכען פיעלייכט איז דאָס דיפטעריע. ביי דער קראַנקער וועלכע ליידעט פון דיפטעריע, ווערען אין מויל, אויפ'ן צונג און אין האַלז ווייסע אָדער געלבליכע פלעקען און פון מויל געהט אַ גערדיכטע פליסיגקייט. אַמאָל ווערען וואונדען אויפ'ן גע׳זיכט און אַרום די אויגען, זי שלינגט שווער, פון נאָז רינט, די אויגען זיינען שטאַרק אָפען און באַדעקט מיט אַ גער־דיכטער פליסיגקייט. דעם קאָפּ האַלט זי צוגעבויגען צום קערפּער, און אַמאָל טרעפט, אַז זי שאָקעלט מיט'ן קאָפּ. דער קאַם ווערט שטאַרק רויט און נאַכהער ווערט ער בלייך, דער מאָגען ווערט שוואַך און די מיסט איז געלבליך אָדער גרינליך.

פון דיפטעריע איז אויך שווער צו היילען. מען מוז די קראַנקע באַלד צונעהמען. דאָס הויז זאָל מען דעזינפיצירען. דער קראַנקער זאָל מען אַריינבלאָזען אין האַלז פלאָורס אָוו סאַלפאַר. דאָס קאָן מען טהאָן מיט אַ פעדער פון אַ גאַנז אָדער מיט אַ שפּריצער. שמירען מיט היידראָדזשען פעראָקסייד איז אויך גוט. אָדער מען שמירט מיט אויסגעמישטע 1 אונס גלעצערין, 5 טראָפּען נייטריק עסיד אין אַ האַלב גלאָז וואַסער. דער הוהן זאָל מען געבען עסען טרוקענע שפּייז, און געקאָכטע מילך צום טרינקען.

190. לונגען ענטצינדונג. — פון אַ שטאַרקער פערקיהלונג

קומט לונגען ענטצינדונג. די הוהן ווערט ווי שלעפעריג, אטהעמט שווער, און אמאל טרעפט, אז עס געהט פון מויל א פליסיגקייט מיט בלוט, און דער קאם ווערט דונקעל רויט אדער בלוי. אין אלגעמיין איז דערצו ניטא קיין היילונג, דאך זאל מען פרובען צו נעהמען די קראנקע אין א ווארימען פלאץ, צודעקען מיט א בלענקעט, נאר דעם קאפ לאזען אבגעדעקט, און אין דעם צימער אריינלאזען גענוג פרישע לופט. אלס מיטעל איז גוט אריינשיטען 1 אונס זאמען פון פלאקס אין א האלבע קווארט קאכעדיגע וואסער. לאזען דאס שטעהן 2 שטונדען, איבערזייהען און געבען טרינקען. אויך איז גוט 2 טראפען ספיריט או קאמפאר און 10 טראפען בראנפען (וויסקע) אין א טעלעפעלע ווארימע מילך און געבען טרינקען. קליינע היהנדעלעך ליידען אויך פון לונגען ענטצינדונג. די קראנקע שטעהט אליין אז א זייט, די פעדערען איהרע ווערען הארט, זי בעקומט א שוואכען מאגען, און די מיסט איז וויים. מען קאן מיינען אז דאס איז ווייט דייעריע. היילען דערפון קאן מען ניט. דאס קאן קומען צו זיי פון די אייער, פון וועלכע זיי זיינען אויסגעבריהט, אויב מען האט זיי געהאלטען ניט ריין.

191. רופ. — מען ווייס נאך ניט ריכטיג אויב רופ איז די ענטוויקלונג פון א געוועהנליכען קאטאר (פערקיהלונג) נאר אין א שטארקער פארמע, אדער דאס איז אן אנדער קראנקהייט, וואס קלעפט זיך צו פערקיהלטע עופות. ווי די זאך איז מאכט ניט אוים. נאר מען מוז וויסען, אז דאס איז זעהר א געפעהרליכע און אנשטעקענדע קראנקהייט. איבערהויפט קלעפט זיך די קראנקהייט, ווען די היהנער־הייזער זיינען פייכט און ניט ריין, אדער אויב די כלים, פון וועלכע זיי טרינקען, זיינען ניט פאלקאם ריין. אויך קען עס איבערגעהן אויף די היהנדעלעך פון דער הוהן, פון וועלכער מען האט גענומען די אייער צום אויסבריהען.

די ערשטע פארמע פון רופ. — פון אנפאנג קאן מען ניט אונטערשיידען צווישען רופ און א געוועהנליכער פערקיהלונג, אבער שפעטער קאן מען באמערקען, אז אויסער דעם וואס עס רינט ביי איהר פון נאז און פון די אויגען און זי ניסט און הוסט, ווערט ביי

איהר געשוואָלען דאָס געזיכט אָדער ארום די אויגען, זי פּאַנגט אָן שווער צו אָטהעמען און אַזוי ווי עס קלאַפּט זיך עפּעס אין האַלז. אין אַזאַ צושטאַנד קאָן נאָך די הוהן זיין טהעטיג און לעגען אייער. מען מוז אָבער באַלד זעהן פּערכאַפּען און ניט לאָזען די קראַנקהייט פערשפּרייטען זיך. פיעלע אָבער באַמערקען ניט ביז די קראַנקהייט ווערט שוין שטארק ענטוויקעלט און פערשפּרייט. דעריבער איז ראַטהזאַם, אַז ווען די היהנער זיינען שוין אויף די רוסטס (סיעדע־לעס) זאָל מען אריינגעהן מיט אַ לאַנטערן, און צוהערען זיך אויב די היהנער ניסען ניט אָדער הוסטען ניט. אויב מען באַמערקט איינע וואָס הוסט אָדער ניסט זאָל מען זי באַלד צונעהמען אין אַן אנדער פּלאַץ.

געגען דער ערשטער פאָרמע פון רופּ קען מען טהאָן דיזעלבע מיטלען, וואָס געגען געוועהנליכע פערקיהלונגען. (זעה § 187).

**די צווייטע פאָרמע פון רופּ.** — ווען די קראַנקהייט דער־גרייכט אַ שטאַרקערע שטופע, דאַן קאָן מען באַמערקען ווי די קראַנקע ווערט אומעטיג, אונטהעטיג, איהרע פעדערען ווערען אַזוי ווי צוגרייזעלט, און זי שטעהט צונויפגעבויגען, אָדער זי שטעקט אריין דעם קאָפּ אונטער די פליגלען. דאָס וואָס רינט פון נאָז האָט אַ שלעכטען גערוך, פון איהר מויל איז אויך אַ שלעכטער גערוך, אין האַלז איז פאַראַן שליים (קלעפּיגע פליסיגקייט). פיעלע מאָל טרעפט אַז איהר קאָפּ ווערט אַזוי געשוואָלען, אַז עס שפּאַרען איהר אין גאַנצען אַרוים די אויגען, זי ווערט בלינד און זעהט ניט ווי צו עסען, און אויב מען וועט איהר ניט געבען עסען פון האַנד וועט זי שטאַר־בען פון הונגער. אַרום די אויגען, אַרום מויל און אַרום די נעזלעכער ווערען שטיקלאַך ווייסע ווי קעז אָדער געלבליכע, ווען די קראַנקע דערשלינגט דיזע שטיקלאַך ווערט זי דערוואָרגען. עס טרעפט אַז עס ווערען געשווירען אויפ'ן געזיכט. געוועהנליך ווערט די קראַנקע זעהר מאָגער און איז אימער ווי אין פיבער.

**מיטלען.** — אין אַלגעמיין קאָן מען זאָגען, אַז די בעסטע זאַך איז, דאָס מען זאָל אַזאַ קראַנקע בעסער טויטען און ניט קיורען זי, דאַך קאָן מען די קראַנקע האַלטען אין אַ קופּ (שטייג) 2 פוס לאַנג,

2 פום ברייט און 18 אימשעס הויך. אין קופ זאל מען גוט אונטער־בעטען. און האלטען דעם קופ אין א פלאץ, וואו עס איז פאראן א גוטע ווענטעליאציאן. אין דער פריה און פאר נאכט זאל מען געבען א גריין קוויינציין (ביניך), מען זאל געבען גענוג עסען זאפטיגע שפייז און דערצו גאנצע אדער געקרעקטע קארן, און געהאקטע פרישע ביינער (גרין באון) אדער מאגערע פלייש, אויב זי זעהט ניט זאל מען געבען עסען פון האנט. דעם נאך זאל מען איהר אויסשנייצען (זעה אויבען אין § 187). מען זאל צוגרייטען ווארימע וואסער מיט פאטעסיאום פערמאנגאנייט איין אונס אויף 3 פיינטס וואסער (ביינאהע 1½ קווארט). די וואסער זאל מען אריינגיסען אין א כלי. מען נעהמט דעם קאפ פון דער הוהן אין דער רעכטער האנד און איהרע פיס אין דער לינקער האנד, מען קוועצט זי צו זיך, און מען טונקט איין איהר קאפ אין דעם וואסער ביז די אויגען ווערען פארדעקט מיט וואסער, און מען האלט אייניגע סעקונדען. מען זאל עס טהאן אין דער פריה און פארנאכט. אייניגע נעהמען וואסער מיט 5% קארבאליק עסיד אדער היידראדזשען פעראקסייד מיט וואסער, גלייכע טיילען. מען גיסט עס אריין אין א אויל־קען פון א נעה־מאשין און דערמיט שפריצט מען אין די נעזליכער, ארום די אויגען און אין האלז. אין האלז איז בעסער צו שמירען מיט א שטיקעל קאטען (וואטע).

אין די וואסער צום טרינקען זאל מען אימער געבען פאטעסיום פערמאנגאנייט.

192. רומעטיזם. — רומעטיזם קומט אויך איבערהויפט פון פערקיהלונגען, נאר עס טרעפט אמאל, אז דאס קומט פון אנדערע קראנקהייטען, ווי פון שווינדזוכט און ד. ג. אויך קומט עס, ווען זיי עסען צופיעל פלייש פראדוקטען. אדער ווייניג גריינסען. אויך קומט עס בירושה.

רומעטיזם קאן זיין אין אלע טהיילען פון קערפער, אבער איבערהויפט בעמערקט מען עס אויף די פיס. די הוהן הויבט אן צו הינקען, און ארום די קנעבלעך ווערט געשוואלען. די קראנקע פערלירט אין גאנצען איהר טהעטיגקייט און ענערגיע. אין אלגעמיין איז

שוועכער צו היילען פון רומעטיזם, נאָר מען קאָן פּרובען האַלטען זי
אין אַ טרוקענעם, וואַרימען פּלאַץ מיט גענוג פרישע לופט. מען זאָל
איהר איינגעבען עפּסאַם זאַלץ, און געבען איהר גוט עסען, און זי
זאָל האָבען פיעל גרינסען. פלייש זאָל מען איהר געבען ווייניגער.
און אין די וואַסער צום טרינקען זאָל מען אַריינטהאָן 15 גריין
איאָדייד אָוו פּאָטעסיאום Iodide of Potasium. אַרום די
קנעכלעך זאָל מען איינרייבען מיט 1 טהייל קלאָראָפאָרם צומישט
מיט 2 טהיילען קאַמפּאָרייטעד אויל אָדער מיט טוירפּענטיין און
סוויט אויל גלייכע טהיילען. נאָכ'ן איינרייבען זאָל מען אַרומבינ־
דען מיט אַ שטיקעל פלאַנעל.

## פיס קראַנקהייטען.

193. **שוואַכע פיס ביי היהנער.** — שוואַכקייט אין די פיס
ביי היהנער קאָן טרעפען ווען זיי ווערען מיט אַמאָל פעט, אָדער
ווען אין היהנער הויז איז צו ענג, צו וואַרים און ווייניג פרישע לופט,
אָדער ווען זיי האָבען ווייניג באַוועגונג. אויך קאָן זיין, אַז זיי האָ־
בען רומעטיזם. אויב אַרום די קנעכלעך איז געשוואָלען איז דאָס
רומעטיזם. ביי קליינע היהנדעלעך ווערען די פיס שוואַך, ווען אין
ברודער איז צו הייס, אָדער ווען זיי האָבען ניט קיין אונטערבעטונג
אין ברודער און געהען אַרום אויף אַ האַרטען פלאָר (פוסבאָדען),
אָדער ווען דורכ'ן פלאָר פון ברודער בלאָזט אַ ווינט, אָדער ווען זיי
האָבען ניט אין זייער עסען גענוג מינעראַלען.

אַ הוהן מיט שוואַכע פיס זאָל מען לאָזען מעהר אַרומגעהן
פריי. מען זאָל איהר געבען וואָס ווייניגער קאָרן (קוקורוזע) און
מעהר ווייצענע קלייען, האָבערנע מעהל, פערשיעדענע גרינסען און
סקים מילך. אין די וואַסער צום טרינקען זאָל מען אַריינשיטען אַ
טעעלעפעלע טינקטשור אָוו נאָקס וואָמיקא אויף יעדער קוואָרט
וואַסער, און די פיס זאָל מען איינרייבען מיט טינקטשור אָוו
ארניקא.

194. **סקיילי לעג.** — עס זיינען פאַראַן אַזעלכע קליינע פּאַ־
ראַזיטען, וועלכע קריכען אונטער דער הויט פון דער הוהנ'ס פוס,

און די פיס ווערען דערפון געשוואָלען און פאַנגען אָן צו שיילען זיך. די קראַנקהייט געהט איבער פון איין הוהן אויף דער צווייטער. די היהנער, וואָס ליידען דערפון הערען אויף צו לעגען אייער. די פוס זאָל מען ווייקען און וואַשען אין וואַרימע וואַסער מיט זייף, נאָכהער זאָל מען אָבריבען מיט אַ בערשטעל און אַריינשטעלען די פוס אין קעראָסין אויף אייניגע סעקונדען. די קעראָסין זאָל מען צומישען מיט אויל. נאָך אַ גוטער מיטעל איז צוריבענע סאַלפאַר צומישט מיט ניין מאָל אַזוי פיעל לארד, און שמירען דערמיט. אויך קען מען שמירען מיט חזיר שמאַלץ און קעראָסין גלייכע טהיילען.

**195. היהנער אויגען (קאָרנס).** — ביי היהנער ווערען היהנער אויגען אונטען אויף די פיס. עס טרעפט, אַז עס ווערט דערפון געשוואָלען די פוס און אַמאָל ווערט אַ וואונד. אַזאַ וואונד זאָל מען אויפשניידען, אויסרייניגען און אַריינשטעלען די פוס אין וואַסער אין וועלכע מען שיט אַריין אַ פערטעל אונס סאַלפייט אָוו קאַפער אויף אַ קוואָרט וואַסער. נאַכהער זאָל מען באַשמירען מיט קאַרבאָליטעט וואַזעלין.

**196. באמבל פוט.** — באמבל פוט ווערט אָנגערופען ווען עס ווערט אויפ'ן פוס אַ געשוויר. דאָס קען קומען ווען די רוסטס (סיעדעלעס) זיינען צו הויך פון דער ערד אָדער ווען די רוסטס זיינען צו שמאָל (זעה § 30). אויך קאָן טרעפען, אַז זי האָט עפּעס אַריינגעשטאָכען אין פוס. ווען דער געשוויר ווערט ווייך זאָל מען מיט אַ פאָדים ארומבינדען די פוס נידעריגער פון קניע, און מיט אַ ריינעם שאַרפען מעסערעל עפענען דעם געשוויר, אויסרייניגען, באַשיטען מיט איידאָפאָרם, אויבען אַרויפלעגען קארבאליטעט וואַזעלין און ארומבינדען. די הוהן זאָל מען האַלטען אויף ווייכע אונטערבעטונג.

## פערשיעדענע קראַנקהייטען נאָך א״ב.

**197. אָבגעפראָרענע קאַמען.** — די היהנער, וועלכע פריהרען אָב די קאַמען, זאָל מען האַלטען אין אַ טרוקענעם פּלאַץ, וואו עס איז ניט קאַלט און ניט צו וואַרים. די קאַמען זאָל מען שמירען

צוויי מאָל אין טאָג מיט פאָלגענדער מיקסטשור: 5 לעפעל וואַזעלין, 2 עסלעפעל גליסערין, 1 עסלעפעל טאָרפּענטין.

אממייסטען פריהרען די היהנער אָב זייערע קאַמען, ווייל זיי נעצען איין די קעפּ, ווען זיי טרינקען. אַ „דרינקינג פאונטיין„ קען פיעל פערהיטען דערפון.

198. **אויגען קראַנקהייטען.** — אויגען וועהטאָג זיינען אַממיינסטען פערבונדען מיט אַנדערע קראַנקהייטען. עס טרעפט אָבער, אַז אַ געזונטע הוהן זאָל פּלוצלינג בלינד ווערען. ביז יעצט האָט די מעדיצין נאָך ניט אָבגעזוכט די אורזאַך. אַמאָל טרעפט, אַז ביי דער הוהן ווערען די אויגען ענטצונדען און זי רייבט זיי. דערצו איז גוט אַריינצושפּריצען אין אויג אַביסעל איידאָפאָרם וואָס איז אין אַ פּאודער (פּאָראָשאָק).

199. **איי ניט קאָנען לעגען.** — ווען אַ הוהן קאָן ניט לעגען דאָס איי געהט זי אַלע ווײַלע צום נעסט, מאַטערט זיך, ווערט אומעטיג, הערט אויף צו בעוועגען זיך און די פעדערען שטעלען זיך אויף. אַלס מיטעל איז גוט אָנצוגיסען זודיגע וואַסער אין אַ שמאָלער כלי, און האַלטען די הוהן מיט דעם הינטערשטען טהייל פון איהר קערפּער איבער דער כלי, אַז דער דאַמף (סטים) זאָל אַריינגעהן אינוועניג, און נאַכהער לאָזען זי אַ שטונדע צייט אויף אַ רוהיגען פּלאַץ. אויב דאָס העלפט ניט אין אַ שטונדע צייט זאָל מען איינטונקען אַ פעדער אין אויל און פאָרזיכטיג בעשמירען אינוועניג. דערצו זאָל מען איהר געבען איין גריין קאָלאָמעל און 1½ גריין טאַרטאַר עמעטיק. דאָס קען מען צומישען מיט אַביסעל מעהל, בענעצען מיט וואַסער און מאַכען אַ פּיעל (אַ פּילוליע) און אַריינוואַרפען איהר אין האַלז. עסען זאָל מען איהר געבען ווייניג און נאָר גרינגע שפּייזען, ווי מעש פון קלייען אָדער פון מידלינגס. עס זיינען פאַראַן נאָך מיטלען אַלס אָפּעראַציאָנען, נאָר דערצו פאָדערט זיך ערפאַהרונג.

דאָס ניט קענען לעגען אַז איי קען טרעפען ווען די הוהן איז צו פעט, ווען זי האָט ווייניג בעוועגונג, אָדער ווען דאָס איי איז צו גרויס. עס טרעפט אָבער, אַז דאָס קומט פון איין אינערליכער

קראַנקהייט, און דאַן וועלען קיינע מיטלען העלפען און מען מוז די הוהן קוילען.

200. אפּאָפּלעקסיע. — ווען א הוהן פאַנגט אָן צו דרעהען מיטן קאָפּ, און נאַכהער פאַלט זי און בלייבט טויט, קאָן זיין, אַז זי האָט באַקומען אַפּאָפּלעקסיע. דאָס קאָן קומען פון עסען צופיעל רייכע שפּייזען, אָדער פון צופיעל לעגען אייער. אויב מען פאַרכאַפּט באַלד ווי מען באַמערקט, קאָן מען פּרובירען גיסען איהר קאַלטע וואַסער אויפ׳ן קאָפּ, אריינזעצען זי אין א פינסטערען פּלאַץ, ניט געבען קיין עסען אייניגע שטונדען, און אייננעבען אַ דאָזע עפּסאָם זאַלץ.

201. בלעק ראָט. — בלעק ראָט ווערט אָנגערופען ווען ביי דער הוהן ווערט דער קאַם שוואַרץ. אַמאָל טרעפט, אַז דער קאַם פאַלט אין גאַנצען אַראָב. פון וואָס דאָס קומט ווייס מען ניט ריכטיג. אין די מעהרסטע פעלע העלפט ניט קיין היילען. מען קאָן דאָס באַ־שמירען מיט אַ זאַלב פון איין אונס וואַסער, אַ האַלבען אונס גליצע־רין, און צוויי גריין קריסטלס פון קאַרבאַליק עסיד.

202. גייפּ. — גייפּ הייסט געגעצען, און דאָס איז דער נאָמען פון אַ קראַנקהייט, וועלכע קומט דערפון, וואָס קליינע ווערימלעך קריכען אַריין דער הוהן אין גאַרגעל. אַם מייסטען לײדען דערפון קליינע היהנדעלעך און פיעלע פאַלען טויט דערפון. די סימפּטאָמס דערפון זיינען פאָלגענדע: די הוהן געגעצט אָפט, זי האַלט אָפען דעם מויל, ציהט אוים דעם האַלז און הוסט אָדער ניסט. אויך טרעפט, אַז פון מויל געהט שוים. די ווערימלעך קענען זיך געפינען אין דער ערד, און ווען איין הוהן שלינגט זיי איין קען זי נאַכהער אנשטעקען אַלע אנדערע היהנער, ווייל ווען זי טהוט א הוסט פאַלען די ווערימ־לעך אַרוים פון האַלז און פאַלען אַריין אין די שפּייז וואָס די היהנער עסען אָדער אין דאָס וואַסער וואָס זיי טרינקען, און די אַנדערע היהנער שלינגען זיי איין. אויך האָט מען אויסגעפונען, אַז די ווע־רימלעך פערמעהרען זיך ביי דער הוהן אין קערפּער און געהען אַרוים פון קערפּער צוזאַמען מיט די מיסט. אַלס מיטעל געגען די גייפּס זאָל מען זיי די ערשטע זאַך אייננעבען עפּסאָם זאַלץ. אין 12

שטונדען שפּעטער נאָך די עפּסאַם זאַלץ, זאָל מען יעדער הוהן איינ־
געבען 2 טעעלעפּעלער טאירפּענטין צומישט מיט 2 לעפּעלער אויל.
אויך קאָן מען געבען זיי עסען צוהאַקטען קנאָבעל (גאַרליק) אָדער
גרינע ציבעלע צוהאַקטע. איינינע בענעצען דעם קנאָבעל מיט
טאירפּענטיין. נאָך א גוטער מיטעל איז צו נעהמען אין אַפּטייק
עסאַפעטידא (Asafetida) אין אַ פּאודער און געבען דערפון
אַ טעעלעפּעלע אין אַ האַלבע קוואָרט שפּייז, פאַר קליינע היהנדעלער
גיט מען וועניגער. איינינע רעקאָמענדירען אריינצוגיסען אַ טעעלע־
פעלע קאַרבאָליק עסיד אויף א גאַלאָן וואסער צום טרינקען. פאַר
קליינע געברויכט מען וועניגער. נאָך אַ מיטעל פאַר אַ גרויסער הוהן
איז צו נעהמען אַ פּעדער, אַרומרייסען דעם פּעדער פון די זייטען
און לאָזען נאָר פון אויבען אזוי ווי א בערשטעל (בראַש), איינטונ־
קען אין סוויט אויל, אריינשטעקען דעם פעדער דער הוהן אין האַלז
און שנעל אַרויסכאַפּען. די הוהן זאָל מען האַלטען איבער אַ פּאַפּיער,
וואוהין די ווערים זאָלען אַרויספאַלען, און מען זאָל זיי באַלד פערי־
ניכטען. אויך קען מען די הוהן אַריינזעצען אין אַ בעסקעט (קאָרב)
און צודעקען מיט אַ לייוועגט, און אויף ברענענדיגע קויהלען שיט
מען אַרויף אַביסעל סאַלפּאַר, און דעם בעסקעט מיט דער הוהן
פיהרט מען דורך צוויי אָדער דריי מאָל דורך דעם רויך וואָס געהט
פון די קויהלען. מען פיהרט זי איין מאָל דורך, און מען דעקט אָב,
אום זי זאָל אָבכאַפּען דעם אָטהעם, און מען טהוט עס נאָך אַמאָל.
איינינע זעצען אריין די הוהן אין אַ קעסטעל, פערדעקען מיט אַ
לייוועגט און שיטען פון אויבען צו ביסלעך געלאָשענעם קאַלך
(לאַים). פון דעם שטויב פאַנגט אָן די הוהן צו ניסען און הוסטען
און די ווערים פאַלען אַרוים.

אַלע פּלעצער, וואו די היהנער זיינען געווען, און אַלע כלים,
פון וועלכע זיי האָבען געגעסען און געטרונקען, זאָל מען גוט דיזינ־
פיציהרען, און די הויפען, וואו די היהנער געהען ארום, זאָל מען
בעשפּריצען מיט וואסער און קריאַלין. צוויי עסלעפּעל קריאַלין אויף
יעדען גאַלאָן וואסער. נאָכהער זאָל מען דעם הויף באַשיטען מיט
קאַלך און פעראַקערען אָדער צוגראָבען, נאָכהער פערגלייכען מיט

א רייק (גראבליע), און פון אויבען ווייטער בעשפריצען מיט די וואסער און קריאלין. די מיסט פון די היהנער זאל מען צומישען מיט געברענטע קאלך. דאס וועט פערניכטען די ווערימלעך און זייערע אייעלעך פון וועלכע עס קענען ארויסקומען אנדערע ווערימלעך. די קראנקע היהנער זאל מען באלד צוגעהמען פון די געזונטע.

203. גיפט. — ווען א הוהן עסט אויף א גיפטיגע זאך איז שווער צו באמערקען. אמאל נאר קען מען באמערקען אז זי פאנגט אן צו ברעכען אדער אזוי ווי זי ווערגט זיך מיט עפעס. די בעסטע זאך איז, אז מען זאל זיין פארזיכטיג, און ניט לאזען קיינע גיפטיגע זאכען וואו היהנער געהן ארום. א הוהן קאן זיך פערגיפטען פון נייטרייט אוו סאדא, דעריבער זאל מען זיי ניט לאזען, וואו מען גיט א טאפ דרעסינג פון נייטרייט אוו סאדא, אויך קענען זיי זיך פערגיפטען פון ארסענייט אוו לעד און בארדא מיקסטשור, דעריבער זאל מען זיי ניט לאזען דארט, וואו מען שפריצט פלאנצונגען צו פערהיטען פון אינזעקטען און קראנקהייטען. א הוהן קאן זיך אויך פערגיפטען פון א האלבען אונס זאלץ. ווען מען האט באמערקט, אז א הוהן האט געכאפט גיפט, זאל מען איהר געבען טרינקען מילך, אדער רויהע אייער, אדער קאפע.

204. הויט קראנקהייט. — איבערהויפט טרעפט מיט קליינע היהנדעלעך, אז די הויט ווערט ביי זיי אין איינינגע ערטער אויפגעבלאזען אזוי ווי בלאטערען. די גלייכסטע זאך איז צו קוילען אזא הוהן.

205. ווערים אינוועניג אין דער הוהן. — עס איז פאראן א קיילעכדיגער ווארים, וועלכער ענטוויקעלט זיך איגוועניג, איבערהויפט אין די קישקעס. די הוהן, וועלכע ליידעט דערפון פאנגט אן ביסלעכווייז צו פערלירען איהר פלייש, זי ווערט מאגער און שוואך; זי ליידעט פון דייעריע (א שוואכען מאגען), און אמאל פון קאנסטיפיישאן (עצירות); זי פערלירט דעם אפעטיט און הערט אויף צו לעגען אייער, איהרע פעדערען ווערען הארט, און זי זעהט אויס קראנק. אפט טרעפט, אז זי פאלט טויט.

אט די קיילעכדיגע ווערים זיינען לאנג פון צוויי און א פיער־

טעל ביז דריי און אַ פיערטעל אינטש. זיי געפינען זיך ביי דער הוהן אין די קישקעס און אַמאָל אין אַנדערע פלעצער. זיי לעגען זעהר פיעל אייעלעך. די אייעלעך קומען ארויס מיט די מיסט פון דער הוהן; און ווען די הוהן קומט אין בעריהרונג מיט די מיסט, שלינגט זי איין די אויעלעך, און אין איהרע געדערים קומען ארויס ווערים פון אַט די אייעלעך, און אַזוי שטעקען די היהנער אָן איינע די אַנדערע.

צו היילען פון ווערים איז פאָלגענדער מיטעל דער בעסטער: אויף יעדערע הונדערט היהנער זאָל מען נעהמען איין פונט טאַבעקא סטעמס (שטאַמען פון טאבאַק) און מען זאָל עס צושניידען אויף קליינע שטיקעלעך, און אַנגיסען מיט וואסער ביז די וואסער פאַרדעקט איינגאַנצען די סטעמס, און לאָזען דאָס שטעהן צוויי שטונדען. נאַכהער נעהמט מען די וואַסער צוזאַמען מיט די שטיקלעך סטעמס און מען מאַכט דערמיט אַ פייכטע מעש (קאַשע). די מעש מאַכט מען פון די געוועהנליכע דריי מעש (די מעהלען וואָס מען גיט זיי טרוקענע) געברויכענדיג א דריטעל אדער א העלפט פון דער פּראָפּאָרציע, וואָס זיי דאַרפען אויפעסען אין אַ טאָג. מיט אַטאָג פריהער, איידער מען גיט זיי טאָבעקא סטעמס, זאָל מען זיי געבען ווייניג עסען, און אין דעמזעלבען טאָג, ווען מען גיט זיי די טאָבעקאָ סטעמס, זאָל מען אין דער פריה ניט געבען זיי קיין עסען, און די מעש מיט די טאָבעקא זאָל מען זיי געבען אַרום צוויי אַ זייגער נאָך האַלבען טאָג. די מעש זאָל מען גוט צושפּרייטען, אום אַלע היהנער זאָלען קאָנען געניסען דערפון. נאַכהער אַרום פיער אַ זייגער זאָל מען נעהמען די איבעריגע מעהל פון זייער טעגליכער פּראָפּאָרציע, און מען זאָל נעהמען צוועלף אונצעס עפּסאָם זאַלץ פאַר די 100 היהנער און צולאָזען אין וואַרימע וואַסער, און אַט מיט די וואַסער זאָל מען מאַכען אַ מעש פון די מעהל, און געבען די היהנער. אין אַכט טאָג אַרום זאָל מען אַ צווייטען מאָל טאָן דעמזעלבען מיטעל.

אויסער דעם אויבענדערמאָנטען מיטעל מוז מען גוט אויסרייניגען דאָס היהנער הויז און דעם הויף, אויב ניט, וועט דער מי־

טעל ניט העלפען. די היהנער, וועלכע האבען בעקומען די טאבעקא זאלען דעם נעקסטען טאג זיין פערשפארט אין היהנער הויז. מען זאל גוט אויסרייניגען דאס הויז, ארויסנעהמען אינגאנצען די אונטערבעטונג מיט די מיסט, און מען זאל שפריצען אומעטום אין היהנער הויז מיט 5% קארבאליק עסיד.

די ערשטע צוויי וואכען זאל מען יעדען פריהמארגען אראפנעהמען די מיסט פון דער פלאטפארמע, און מען זאל פערהיטען, אז די היהנער זאלען ניט קומען אין באריהרונג מיט די מיסט. די מיסט פון די קראנקע היהנער זאל מען ניט שפרייטען אויף א פעלד. די הויפען וואו די היהנער געהען ארום זאל מען גוט רייניגען. מיט א גראב־אייזען זאל מען אראפנעמען די אויבערשטע ערד און אראפפיהרען אויף אן אנדער פלאץ. נאכהער זאל מען דעם הויף גוט באשפריצען מיט 1/1000 מוירקיוריק בייקלאריד — אין אפטייק וועט מען אייך זאגען פיעל צו געברויכען אויף א גאלאן וואסער — אויף יעדערע צעהן סקוועיר פוס זאל מען געברויכען איין גאלאן וואסער צום שפריצען. מען דארף דערמיט זיין פארזיכטיג, ווייל דאס איז א שטארקע גיפט. דעם ערשטען טאג נאכ'ן שפריצען זאל מען די היהנער ניט לאזען אין הויף. אויב דער הויף איז א גרויסער ,זאל מען שפרייטען לאים (קאלך) גאנץ גראב, און מען זאל דאס פאראקערען גאנץ טיעף.

אויסער די אויבענדערמאנטע ווערים זיינען נאך פאראן קליינע ווערימלעך, ניט מעהר ווי א פערטעל אינטש די לענג. אויך זיינען פאראן די טעיפ ווערים, וועלכע זיינען לאנגע.

אלס מיטעל געגען אט די אלע סארטען ווערים זיינען גוט די טאבעקא סטעמס אזוי ווי פאר די קיילעכדיגע ווערים.

206. **כאלעריע.** — די סימפטאמס פון כאלעריע זיינען פאלגענדע: די מיסט איז געלבליך אדער גרין, די פעדערען ווערען ביי איהר ווי גערייזעלט, דער קאם און די וואטעלס זיינען בלויך, די פליגלען אראפגעלאזען, און דער קאפ איינגעבויגען, זי האט ניט קיין אפעטיט צום עסען, זי איז זעהר דורשטיג, און זונדערט זיך אב

אַז אַ זייט. די קראַנקהייט איז זעהר אַנשטעקענד. מיטלען זיינען כמעט ניטאָ, מען דאַרף נאָר זעהען פאַרהיטען די געזונטע, אויב די קראַנקע שטאַרבט, זאָל מען זי פאַרגראָבען טיעף אין דער ערד אָדער פאַרברענען. דאָס הויז זאָל מען באַלד דעזינפיצירען. אַלס מיטעל קאָן מען פּרובען געבען איהר אַ פּאָר טראָפּען קריאָלין אין די וואַסער וואָס זי טרינקט, אָדער אַ טעעלעפּעלע ספּיריטס אָוו קאַמפאָר. אויף יעדער קוואַרט וואַסער צום טרינקען.

207. לימבער נעק. — לימבער נעק ווערט אַנגערופען די קראַנקהייט, וואָס די מוסקלען פון האַלז און נאַקען ווערען אַבגע־שוואַכט, און די הוהן קאָן זיי ניט באַוועגען, דעריבער האַלט זי דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזען. דאָס קאָן קומען פון מאָגען קראַנקהייטען און פון רומעטיזם. דערהויפּט אָבער טרעפט עס אין הייסען וועטער, אויב זי עסט צופוילטע פלייש פון אַ טויטען קערפּער, וואָס וואַל־גערט זיך ערגעץ. אויך טרעפט עס, ווען היהנער עסען נאָר קערנער פון תבואה (גריין), און אַמאָל קומט עס פון שטאַרק איבערשרעקען זיך. דער קראַנקער זאָל מען איינגעבען עפּסאָם זאַלץ אָדער אַ טעע־לעפּעלע קאַסטאָר אויל. נאָך אַ מיטעל איז צו געבען אַ טעעלעפּעלע טוירפּענטיין מיט אַ טעעלעפּעלע סוויט אויל, און אין אַ האַלבער שטונדע אַרום געבען איהר וואַרימע זיסע מילך מיט אַביסעל אינג־בער (דזשינדזשער).

208. לעבער קראַנקהייט. — לעבער קראַנקהייט קאָן קו־מען דערפון, וואָס די היהנער האָבען ניט די ריכטיגע פּראָפּאָרציאָנען פון די פערשיעדענע שפּייזען. ווען זיי האָבען אין זייער עסען צופיעל קאַרבאָהיידריידס, ווי צום ביישפּיעל, אַז זיי עסען נאָר קאָרן (קוקור־רוזע), אָדער ווען מען גיט זיי ניט קיין גרינסען. אויך טרעפט עס ווען זיי האָבען ניט גענוג באַוועגונג, אָדער ווען אין היהנער הויז איז צו ענג. עס קען אָבער טרעפען, אַז די לעבער קראַנקהייט איז געקומען פון אַן אַנדער קראַנקהייט, פון וועלכער די הוהן ליידעט, ווי צום ביישפּיעל, פון שווינדזוכט און ד. ג. די סימפּטאָמס פון לע־בער קראַנקהייט זיינען געוועהנליך פאָלגענדע: די הוהן בעקומט אַ שוואַכען מאָגען, די מיסט איז שוואַרצליך, און אין אַ פּאָר טעג

ארום ווערט די מיסט געלבליך. די פעדערען שטעלען זיך אויף און דער קאם ווערט שווארץ אדער בלוי. עס טרעפט אבער, אז מען באַמערקט ניט קיינע סימפטאמס, און מען קאן דאס נאר אויסגעפינען אונטערזוכענדיג דעם טויטען קערפער. דער קראנקער זאל מען איינגעבען א לעפעלע קאסטאר אויל. מען זאל איהר ניט געבען קיינע שפייזען, וועלכע זיינען רייך אין פראטיין, ווי ביף סקרעפס, און דאס גלייכען. מען זאל איהר געבען עסען ווייניגער קערנער (גריין). און מעהר גרינגע שפייזען, ווי קלייען און ד. ג. דערצו זאל זי האבען גענוג גריינסען אין איהר עסען, ווי בוריקעס, מעהרען און ד. ג. און זי זאל האבען גענוג באוועגונג.

209. ער סעק מייטס. — עס טרעפט, אז די הוהן פאנגט אן אזוי ווי ווערגען זיך און הוסטען און פאלט טויט. דאס קאן קומען פון אזא אינזעקט (מייטס), וועלכער קריכט אריין אין דער לופט־רעהר פון דער הוהן און זי ווערט דערווארגען. דיעזע מייטס זעהן אויס ווי געלע אדער ווייסע שטויב, נאר, ווען מען קוקט זיך גוט צו, בעמערקט מען, אז דאס בעוועגט זיך. אין אלגעמיין העלפען דערצו ניט קיינע מיטלען, נאר מען קען פרובען ברענגען סאלפאר. און לאזען די הוהן איינאטהעמען דעם רויך. די קראנקהייט איז זעהר אנשטעקענד; און, אויב עס טרעפט מיט פיעלע היהנער, דאן מוז מען אלע היהנער אויסקוילען; דעריבער מוז מען פערהיטען דערפון און גוט דעזינפיצירען די הייזער.

210. פאקען. — היהנערשע פאקען איז א קראנקהייט, וועלכע קומט געוועהנליך אין הערבסט. און אממיינסטען ליידען דערפון יונגע היהנער. די ערשטע צייכענס פון דיעזער קראנקהייט זיינען קליינע פלעקען, וועלכע מען קאן בעמערקען אויפ'ן קאפ, איבערהויפט אויפ'ן קאם און ארום די אויגען. די קליינע פלעקען ווערען אלץ גרעסער, ביז עס ווערען פארמאכט די אויגען פון דער קראנקער, אז זי קאן גאר ניט זעהן. אויב מען באמערקט ניט אין די היהנער קיינע אנדערע סימפטאמס פון פארקיהלונגען און רופ, דאן איז דאס פאקען, און א מיטעל דערצו איז צו וואשען די קראנקע טיילען מיט וואסער וואס ענטהאלט צוויי פראצענט קריאלין. אדער מען

שמירט מיט טינקטשור און אייאַדין (פליסיגע יאָד). די קראַנקע דאַרף מען באַלד צונעהמען פון די געזונטע, ווייל די קראַנקהייט איז זעהר אַן אַנשטעקענדע.

יעצט האָט מען אָנגעפאַנגען צו צושטעלען פאַקען די היהנער, אַזוי ווי מען טוט עס דעם מענשען.

211. פּיפּ. — פּיפּ מיינט, ווען דער צונג ווערט האַרט און טרוקען און שיילט זיך. דאָס קאָן קומען פון אַ פערקיהלונג. מען זאָל באַשמירען דעם צונג צוויי אָדער דריי מאָל אין טאָג מיט גליצע־רין אָדער מיט וואַזעלין, און געבען איהר עסען ווייכע שפייזען.

212. פעדערען ברעכען זיך און פאַלען אַרויס. — היה־נער ליידען אַמאָל פון אַ קראַנקהייט, וואָס מען רופט עס „פייוואָס", דאָס איז דיזעלבע, וואָס מענשען האָבען אַ פליכעוואַטען קאָפּ (קאָהל). דאָס קומט געוועהנליך פון אונרייניקייט. די קראַנקהייט איז אַן אַנשטעקענדע. פון אָנפאַנג בעוויזען זיך גרויע — ווייסליכע פלעקען אויפ'ן קאָם, אויף די וואַטעלס (בערדעל), אַרום די אויגען און די אויערען, וואָס ווייטער ווערען די פלעקען גרעסער, און ווע־רען באַדעקט מיט אַ שאַלעכץ (קראַסט). דאָס אַלעס גיסט זיך צו־זאַמען און ווערט גראָב. די פעדערען ווערען טרוקען, ברעכען זיך און פאַלען אַרויס. איבערהויפּט קלעפּט זיך די קראַנקהייט צו היה־נער, וואָס זיינען אין אַלגעמיין שוואַכע. פון אָנפאַנג קאָן מען גאָר ניט באַמערקען.

אויב מען פערכאַפּט עס אין אָנפאַנג, זאָל מען די קראַנקע באַלד אָבזונדערען פון די געזונטע, און מען זאָל שמירען מיט וואַזע־לין אָדער מיט לאַרד (חזיר־שמאַלץ) אָדער מיט קאַקאַנאַט אויל. שמירען זאָל מען יעדען טאָג ביז עס וועט זיך אויסהיילען.

אויב די קראַסט איז שוין האַרט געוואָרען, זאָל מען בעשמירען מיט וואַזעלין אָדער אויל ביז די קראַסט ווערט ווייכער, און דאַן זאָל מען עס אָבשאָבען מיט דעם ניט־שאַרפען זייט פון אַ מעסער, אָדער מיט אַן אַנדער זאַך, און מען זאָל שמירען מיט טינקטשור און אייאַדין, אָדער מיט 1 טהייל קאַרבאָליק עסיד צומישט מיט 20 טהיילען סאָפּט סאָפּ (פליסיגע זייף), אָדער איין טהייל סאַלפאַר

מיט איין טהייל קעראָסין מיט 2 טהיילען לארד (חזיר־שמאלץ). דער מאַן, וואָס היילט די הוהן, זאָל ניט האָבען קיין שניט אָדער קראַץ אויף די הענט, ווייל ער קאָן זיך אָננעהמען די קראַנקהייט.

213. קאַנוואַוליסיע. — קאַנוואַוליסיע קאָן קומען פון האַרץ קראַנקהייט, פון קאָפּ קראַנקהייט אָדער פון ווערים. אַ מיטעל קאָן מען געפינען נאָר דאַן אויב דאָס איז ווערים (זעה § 205).

214. קענקער. — קענקער מיינט עס אַ קרעבס, אַ ראַק. ביי דער הוהן ווערען אין מויל ווייסע וואונדען אַזוי ווי אין דיפטעריע אָדער רופּ. און עס טרעפט אַז ביי איהר קלאַפּט אין האַלז און זי אָטעמט שווער, און אַמאָל זעהט אויס ווי זי גענעצט, און ווען זי כאַפּט אין מויל אַ האַרטען קערענדעל וואַרפט זי עס אַרויס, ווייל איהר איז שווער צו שלינגען. דיעזע קראַנקהייט קומט פון פייכקייט און צוג־ווינטען, און איבערהויפּט פון נאַסע און שמוציגע אונטער־בעטונג. ביי די העהנער קען עס טרעפען, ווען זיי שלאָגען זיך און איינער האָט דעם צווייטען צופּיקעט אין מויל און דערפון איז גע־וואָרען אַ וואונד. די קראַנקע זאָל מען אָבזונדערען פון די געזונטע, און די וואונדען זאָל מען שמירען מיט איין טהייל קלאָראָפאָרם צו־מישט מיט צוויי טהיילען קאַמפאָרייטעד אויל, אָדער מיט הייד־ראָדזשען פּעראָקסייד צומישט מיט וואַסער גלייכע טהיילען.

215. קראָפּ קראַנקהייטען. — עס טרעפט, אַז ביי דער הוהן ווערט פאַרשטאָפּט דער קראָפּ. ער ווערט גרויס און האַרט, און זי קאָן ניט שלינגען. דאָס קאָן קומען, ווען זי עסט נאָר גאַנצע קערנער, אָדער ווען זי שלינגט איין אַ פעדער אָדער אַ לאַנגע שטרוי. אַלס מי־טעל איז גוט איינצוגעבען קאַסטאָר אויל, און אין אַ קורצער צייט אַרום רייבען דעם קראָפּ מיט די פינגער, און ווען עס ווערט אַביסעל ווייכער, זאָל מען נאָך אַמאָל איינגעבען קאַסטאָר אויל, און ווייטער רייבען. אין פיעלע פעלע מוז מען אויפשניידען דעם קראָפּ. דערצו מוז מען אָבער זיין ערפאַרען ווי אַזוי צו מאַכען עס.

אויך טרעפט, אַז דער קראָפּ ווערט פול און ווייך און איז אַנגע־פילט מיט אַ פליסיגקייט, און אַמאָל געהט פון מויל און פון נאָז אַ פליסיגקייט, וואָס האָט אַ שלעכטען גערוך. דאָס קומט פון עסען

צוגעפוילטע פלייש, ניט קיין ריינע שפייז, פון געלאַשאַענע יאַלד אָדער אַ גיפטיגע זאַך. די קראַנקע זאָל מען האַלטען מיט'ן קאָפּ אַראָב, און פאָרזיכטיג קנעטען און רייבען דעם קראָפּ. ווען עס געהט אַרויס אַביסעל פליסיגקייט, זאָל מען אַריינגיסען אין האַלז אַביסלע וואַרימע וואַסער און וייטער רייבען. נאַכהער זאָל מען איינגעבען אַ טעעלעפעלע קאַסטאָר אויל. פון 12 ביז 20 שטונדען זאָל מען איהר קיין עסען געבען, און נאַכהער זאָל מען געבען קלייען, מידלינגס אָדער ברויט און מילך, אויך איז גוט 1 גריין סאַליסיליק עסיד מיט 1 אונס וואַסער און דערפון געבען איהר צו 2 טעעלעפעלעך איניגע מאָל.

216. **שווינדזוכט.** — די הוהן וועלכע ליידעט פון שווינדזוכט ווערט אַלץ מאָגערער און שוואַכער, דער קאַם ווערט אַלץ בלייכער, די פעדערען ווערען אַזוי ווי געגרייזעלט. אַמאָל טרעפט, אַז זי פאַנגט אַן צו הינקען, און דער מאָגען ווערט ביי איהר אָפּט שוואַך. אין פיעלע פעלע האַט די קראַנקע אַ גוטען אַפּעטיט. די קראַנקהייט איז אַן אַנשטעקענדע. אויב מען באַמערקט די אַלע סימפּטאָמען, זאָל מען זי קוילען און אונטערזוכען אינווענייג (זעה § 183).

---

217. **די היימישע אַפּטייק.** — מען דאַרף האָבען אין הויז אַ קליינע אַפּטייק פון פאָלגענדע זאַכען:

**איידאָפאָרם** — ווערט געברויכט צוליעב וואונדען.

**אייראָן סאַלפייט** (קאָפּעראַס) ווערט געברויכט אין קליינע דאָזעס פון ¼ ביז ½ גריין.

**אָליוו אויל** — אָדער ווי מען רופט עס סוויט אויל, ווערט געברויכט אַלס אַן אָבפיהרונג. אַ הוהן קאָן מען איינגעבען אַן עסלעפעל אויל.

**אַלקאָהאָל.** — איז גוט צו האָבען אין פיעלע פעלע.

**באָריק עסיד.** — איז גוט אין פאַרקיהלונגען צו וואַשען דעם מויל און נאָז.

**גומערעביק.** — ווערט געברויכט אין בראָנקייטיס.

**גליסערין.** — ווערט געברויכט אין פיעלע פעלע.

**הײדראדזשען פעראקסייד.** — מיט וואסער גלייכע טײלען איז גוט צו רייניגען וואונדען, אדער שווײנקען דעם מויל און גאז אין פארקיהלונגען

**וואזעלין.** — איז גוט צו אלע וואונדען.

**זאמען פון פלאקס.** — איז גוט צו לונגען ענטצינדונג.

**טאירפענטיין,** — פון 5 ביז 10 טראפען אין א טעעלעפעלע קאסטאר אויל איז גוט געגען ווערים.

**טארטאר עמעטיק** — קען צוניץ קומען, ווען די הוהן קען ניט לעגען די איי.

**טינקטשור או אײאדיין.** — דאס מיינט פליסיגע יאד, איז גוט אין פיעלע פעלע.

**טינקטשור או ארניקא.** — איז גוט צו פיס קראנקהײטען. (זעה § 193).

**נײטריק עסיד.** — איז גוט אין דיפטעריע.

**סאדא ביקארבאנייט.** — פאדערט זיך אין פיעלע פעלע.

**סאלפאר** — איז גוט צו די פיס (זעה § 193).

**סאלפייט או קאפער.** — איז גוט צו היהנער אויגען (זעה § 195).

**ספירט או קאמפאר.** — איז גוט אין פארקיהלונגען

**עפסאם זאלץ** (ביטער זאלץ). — איז איינע פון די בעסטע אבפיהרונגען. א גרויסע הוהן קען מען געבען א האלבע טעעלעפעלע זאלץ, אדער א פונט זאלץ פאר 125 אדער 150 היהנער, און קלײנע היהנדעלעך ביז 5 וואכען אלט גיט מען 2 אונסעס אויף 100. פון 5 ביז 10 וואכען אלט גיט מען 3 אונסעס אויף 100 היהנדעלעך. פון 10 ביז 15 וואכען גיט מען 4 אונסעס אויף 100 היהנדעלעך. פון 15 ביז 26 וואכען 6 אונסעס, נאכהער ביז א יאהר אלט 7 אונסעס פאר 100 היהנער. די זאלץ צולאזט מען אין ווארימע וואסער און מען מאכט דערמיט א שטייפע מעש פון די געמאלענע פראדוקטען וואס זיי עסען.

**פאטעסיום פערמאנגאנייט.** — איז זעהר גוט אין די וואסער

צום טרינקען, 10 גריין אויף א קוואַרט וואסער (זעה § 71). אויך איז דאָס גוט אין פאַרקיהלונגען.

פלאורס אָוו סאלפאר. — ווערט געברויכט אין דיפטעריע.

קאלאמעל. — איז אַ שטאַרקע אָבפיהרונג. מען גיט איין גריין אַלס מיטעל צו אַ שוואכען מאַגען.

קאַמפאָר. — געברויכט מען אין פאַרקיהלונגען.

קאמפאריימעד אויל. — איז גוט צו קענקער.

קאַסטאָר אויל. — ווערט געברויכט אַ טעעלעפעלע אַלס אָב־פיהרונג, און אויך, ווען דער קראָפּ ווערט פאַרשטאָפּט. די קאַסטאָר אויל זאָל מען פריהער אָנוואַרימען, ווייל דאָס איז צוגעדיכט פאַר אַ הוהן.

קאַרבאָליק עסיד. — פון 1 ביז 5% ווערט געברויכט אַלס אַ מיטעל אין פאַרקיהלונגען.

קאַרבאָלייטעד וואַזעלין. — ווערט געברויכט צו וואונדען.

קוויניין (כינע). — ווערט געגעבען איין גריין אין רופּ און אין פאַרקיהלונגען.

קלאָראָפאָרם. — איז גוט אין רומאַטיזם.

קעראסין. — ווערט געברויכט צוליעב דעזינפּיצירען, און אין פאַרקיהלונגען.

קריאָלין. — פון 2 ביז 5% אַלס מיטעל אין פאַרקיהלונגען, און אויך צוליעב דעזינפיצירען.

### 3. שלעכטע געוואָהנהייטען פון היהנער.

218. אַ הוהן וועלכע עסט אייער. — עס טרעפט, אז אַ הוהן פאַנגט אָן צו עסען די אייער וואָס זי לעגט. דאָס קען טרעפען, ווען אין נעסט איז האַרט און זי צוקוועטשט אַן איי, און, ווען עס איז שוין געווען צובראָכען, האָט זי געפּרואווט פאַרזוכען. און וויבאַלד, אַז זי האָט איין מאָל פאַרזוכט, וועט זי שוין אימער עסען די אייער. אויך קאָן עס טרעפען, ווען די שאָלעכץ פון די אייער זיינען ווייכע אָדער ווען זי האָט ניט אין איהר עסען קיינע פלייש און מילך פּראָ־דוקטען. אייער עסען איז אַ געוואָהנהייט וואָס אַמאָל איז שווער

אבצוגעוועהנען און פון דער הוהן קענען זיך אבלערנען אנדערע היהנער, און אזוי קען טרעפען, אז אלע היהנער זאלען עסען זייערע אייער, דעריבער מוז מען זעהען ניט פערלאזען אזא זאך און באלד עפעס טהאן. מיטלען זיינען פאראן פאלגענדע:

1. די הוהן זאל מען באלד צונעהמען און האלטען זי בעזונדער אין א פינסטערע נעסט, און די נעסט זאל זיין גוט בעדעקט מיט היי אדער שטרוי.

2. צוהיטען, ווען זי לעגט זיך און באלד צונעהמען דאס איי.

3. אנפילען א ליידיגע איי מיט ברויט אויסגעמישט מיט רויטען פעפער, און לאזען דאס אין אזא פלאץ, אז די הוהן זאל דאס כאפען עסען.

4. די הוהן זאל אימער האבען גענוג געמאהלענע ביינער און גריט (גראבע זאמד), אויך זאל מען איהר געבען גענוג גרינע שפייז, ווי גארטענווארג און ד. ג.

5. אפט העלפט, ווען מען גיט איהר 8 אדער 10 טעג נאכאנאנד ביף סקרעפס (שטיקלאך פלייש) מעהר ווי געוועהנליך.

אפט טרעפט, אז קיינע מיטלען העלפען ניט, און די בעסטע זאך איז, אז מען זאל די הוהן קוילען.

אויב די היהנער האבען אין זייער עסען אלעס וואס מיר האבען אנגעוויזען אין קאפיטעל 4, און די נעסט איז ווייך און ריין וועלען זיי ניט עסען קיין אייער.

219. רייסען די פעדערען פון די אנדערע. — עס טרעפט, אז א הוהן באקומט א שלעכטע געוואהנהייט צו רייסען די פעדערען פון אנדערע היהנער, און די אנדערע אויף איהר קוקענדיג הויבען אויך אן צו טהאן דאסזעלבע; און א הוהן האט א נאטור, אז ווען זי דערזעהט בלוט, ווערט זי ווילד, און דעריבער קאן טרעפען, אז, ווען זיי פאנגען אן צו רייסען די פעדערען פון איינער, און עס בעווייזט זיך בלוט, וועלען זיי באפאלען זי און טויטען. קומען קאן דאס פון פאלגענדע זאכען:

1. ווען די היהנער זיינען פארשפארט און האבען ווייניג באוועגונג.

2. ווען זייער עסען באשטעהט ניט פון די פארשיעדענע שפּייזען, איבערהויפּט, אויב זיי האָבען ניט קיין פלייש און מילך פּראָדוקטען.

3. ווען זיי ליידען פון לייז אָדער פון אַנדערע אינזעקטען.

אויב די היהנער האָבען אָנגעפאַנגען צו רייסען די פעדערען איינע ביי די אַנדערע, זאָל מען זיי לאָזען אויף אַ פּלאַץ וואו זיי קאָנען פריי אַרומגעהן. מען זאָל איבערבייטען זייער שפּייז, איבערהויפּט זאָל מען זיי געבען גענוג פלייש אָדער מילך פּראָדוקטען און מען זאָל זיי פארהיטען פון אינזעקטען. אויב א הוהן האָט זיך שטאַרק צוגעוואָהנט דערצו, איז די בעסטע זאַך, אַז מען זאָל זי קוילען.

220. אַ הוהן וואָס שפּרינגט איבער די פענסעס — אויב א הוהן האָט אַ געוואָהנהייט צו שפּרינגען איבער די פענסעס (צוים), האַקט מען איהר אונטער די לאַנגע פעדערען פון איין פליגעל. אויב מען וועט אונטערהאַקעןביידע, וועט זי קאָנען פליהען. אויב דאָס איז אַ הוהן, וואָס דאַרף אויסזיצען היהנדעלעך, זאָל מען איהרע פליגלען ניט אונטערשניידען, ווייל די פליגלען האַלטען דעם קערפּער וואַרים אַרום די אייער און לאָזען ניט צו קיין צוג־ווינטען. מען קאָן אונטערבינדען איין פליגעל מיט אַ ווייער (דראָט) וועט די הוהן ניט קאָנען פליהען.



זיי זיינען געזונט

## קאַפּיטעל 14

# לעבעדיגע באַשעפּענישען וועלכע באַפאַלען היהנער

221. **פאַרהיטען פון אינזעקטען.** — אויב מיר ווילען, אז די הוהן זאָל זיין פאָלקאָם געזונט, און זי זאָל לעגען אייער ווי געהעריג, מוז מען זי אָבהיטען, אַז זי זאָל ניט ליידען פון די אַלע אינזעקטען, וועלכע בעפאַלען אַלע לעבעדיגע באַשעפּענישען און פערשאַפען זיי פיעל שמערצען: איברהויפּט אַ הוהן קען ניט איבערטראָגען קיינע אינזעקטען. זי ווערט פון זיי קראַנק, פערלירט דעם אַפּעטיט, און וואָס זי עסט קאָכט ניט דער מאָגען, און דאַריבער טרעפט, אַז אַ הוהן האָט אַ שלעכטען מאָגען, אָבוואָהל מען היט זי אָב מיט איהר עסען. עס פערשטעהט זיך, אַז אונטער אַזעלכע אונשטענדען קען מען ניט ערווארטען, אַז די הוהן זאָל לייגען אייער.

פערהיטען פון לייז מוז מען אָנפאַנגען, ווען די היהנדעלעך ווערען אויסגעבריהט. ווען זיי זיינען אונטער דער הוהן אָדער אין א ברודער זאָל מען זיי אָפּט בעשיטען מיט א פאודער (פּאָראָשאָק) וואָס פערהיט פון לייז. מען זאָל קיינמאָל ניט האַלטען קיין קליינע היהנדעלעך צוזאמען מיט די אַלטע, און מען זאָל אפט דעזינפיצירען און רייניגען די פּלעצער, וואו היהנער געפינען זיך (זעה § 47 און 48).

מיר דאַרפען געדענקען, אַז פון איין לויז ווערען אין אַכט וואָכען צייט הונדערט מיט צוואַנציג טויזענד לייז; און איבערהויפּט פאַרמעהרען זיי זיך וואו עס איז ניט ריין, וואו עס איז פייכט, אָדער אויב עס איז צו ענג פאַר די היהנער, אָדער אויב אין היהנער הויז איז צו וואַרים. אויך דאַרפען מיר געדענקען, אז, אויב די לייז האָבען זיך פארקליבען אין א הויז, זיינען זיי פול אין די שפּאַלטען

פון די ווענט, אין די נעסטען און אין אַלע אַנדערע פּלעצער, וואו די היהנער געפינען זיך, און דעריבער וועט ניט העלפען, ווען מען וועט נאָר די היהנער בעשפּריצען מיט אַ פּאודער. אין אַזעלכע פעלע מוז מען שפּריצען מיט אַ גיפטיגער זאַך אַלע פּלעצער.

222. פערשיעדענע לייז. — עס זיינען פאַראַן אמוויינינ־סטען אַ דוצענט פערשיעדענע מינים (סאָרטען) לייז, פון וועלכע היהנער ליידען, נאָר אַממיינסטען ליידען זיי פון איינינע מינים. איינינע לייז האָבען ליעב צו באַזעצען זיך נאָר אויף געוויסע טייי־לען פון דער הוהנ'ס קערפּער. אַלע לייז געהען איבער פון איין הוהן אויף דער צווייטער. אויב אַ לייזיגע הוהן זיצט אויס היהנדעלעך, וועלען די היהנדעלעך געווים ליידען פון לייז. היהנער וואָס זיינען אָבגעשוואַכט פון אַ קראַנקהייט, זיינען דער בעסטער פּלאַץ פאַר די לייז צו פאַרמעהרען זיך, און צו אַ הוהן וואָס ליידעט פון לייז קלע־פּען זיך אַלע קראַנקהייטען פיעל גיכער איידער צו אַ ריינער הוהן.

די גרויסע לויז. — אַממיינסטען ליידען די היהנער פון דער גרויסער לויז, וועלכע איז געלבלעך אין קאָליר. זיי לעגען די אייעלעך אויף די פעדערען נאָהענט צום קערפּער. אויף קליינע היהנדעלעך לעגען זיי די אייעלעך אממיינס־טען אויפ'ן קאָפּ און אויפ'ן האלז. אין פינף ביז זיבען טעג קומען אַרויס די לייז פון די אייעלעך, און אין ווענינער פון זיעבצעהן טעג פאַנגען אָן די יונגע לייז צו לעגען ווייטער אייעלעך, און אַזוי האַלטען זיי אין איין פערמעהרען זיך. דיזע לייז געפינען זיך איבער־הויפּט אונטער די פליגלען



Courtesy International Harvester Co.
אַ לויז וועלכע בעפאַלט היהנער.

און פון הינטען ארום די וועגט (אַרויסגאנג, הינטערלייב) און אַמאָל אויך אויפ'ן קאָפּ, און ווענינ אויף אַנדערע טיילען פון קערפּער. דיזע לייז געפינען זיך אימער אויפ'ן לייב, דאָס הייסט אויף די פלייש און זעהר זעלטען אויף די פעדערען.

**קליינע לייז.** — עס איז פאַראַן נאָך אַ סאָרט לייז, וועלכע זיינען פיעל קלענער פון די ערשטע, און זיינען העלער אין קאָליר איידער די גרויסע. אין די פעראייניגטע שטאַאטען ליידען די היהנער אַממייגסטען פון דעם קליינעם סאָרט לייז. דיעזע לייז האָבען איבערהויפּט ליעב צו זיצען אַרום די ווענט (אַרויסגאַנג), און זיי קענען אריבערגעהן אויף פערד

**לייז פון קאָפּ.** — עס איז פאַראַן אַ לויז, וואָס האָט ליעב צו זיצען אויף דער הוהנ'ס קאָפּ. זעלטען ווען זיי געפינען זיך אויף אַן אַנדער טהייל פון איהר קערפּער. דיעזע לויז איז פיעל דונקעלער אין קאָליר פון די ערשטע צוויי, וואָס מיר האָבען דערמאָנט, דערי־בער קען מען זיי גרינג באַמערקען, איבערהויפּט אויף ווייסע פע־דערען קען מען זיי דערזעהען, ווייל זיי געפינען זיך אויף די פעדע־רען און ניט אויפ'ן הוילען לייב, ווי די אַנדערע סאָרטען. אויף קליינע היהנדעלעך פאַרמעהרען זיי זיך זעהר שנעל. פון די אייעלעך קומען אַרוים לייז אין פיער אָדער אין פינף טעג, און אין צעהן טעג אַרום פאַנגען שוין אָן די יונגע לייז צו לעגען אייעלעך, דאָס הייסט אַז אין פופצעהן טעג ווערען נייע לייז.

223. **מיטלען געגען לייז.**—פיעלע פון די מיטלען, וואס מען האט ביז יעצט גערעקאמענדירט זיינען ניט גענוג ווירקזאם, און דערפאר טאַקע פארליהען אייניגע דעם גערולד און ווילען גאָר ניט טהאָן.

**סאדיום פלואריד.** — מען האט יעצט אויסגעפונען, אז דער בעסטער מיטעל געגען לייז איז סאדיום פלואָריד, טרוקענערהייט. איין פונט איז גענוג פאר 125 היהנער. מיט דער לינקער האנט האלט מען די הוהן פאר די פליגלען און מיט דער רעכטער האנט נעמט מען צו ביסלעך פון די סאדיום פלואָריד און מען באַשיט פון

הינטען ארום ארויסגאנג, אונטער די פליגלען, די פיס און די היפס ביז די קניע, אונטען די האלז און ארום די היפס.

פאר קליינע היהנדעלעך, וואס ליידען פון די לייז, וועלכע בעפאלען דעם קאפּ, איז גוט צו באשמירען מיט לארד (חזיר־שמאלץ), און אין ווענינער פון צוויי וואכען צייט זאל מען נאך אמאל בעשמירען.

**מוירקיוריעל אדער בליו אינטמענט.** — אלס א גוטער מיטעל געגען לייז איז מיורקיוריעל אינטמענט וועלכע ענטהאלט אין זיך 15% מעטאליק מוירקיורי (קוועקזילבער) אדער די בליו אינטמענט וועלכע איז צוויי דריטעל מוירקיוריעל אינטמענט מיט איין דריטעל וואזעלין. די בעסטע זאך איז צו קויפען די מוירקוריעל אינטמענט, און צומישען עס מיט וואזעלין, נעהמענדיג פון ביידע זאכען גלייכע טיילען, אדער מען נעהמט איין טהייל אינטמענט און צוויי טיילען וואזעלין. מען דארף דאס נאר גוט צונויפמישען מיט א מעסער אדער מיט א לעפעל אויף א שטיק גלאז אדער אויף אן אנדער גלאטער זאך. איין אונס דערפון איז גענוג פאר פינף און זיעבציג היהנער. פאר עלטערע היהנער איז דער בעסטער פלאץ צו געברויכען דעם אינטמענט ארוים די ווענט (ארויסגאנג), און פאר קליינע היהנדעלעך איז בעסער אונטער די פליגלען און אביסעל ארום די ווענט. ווען מען דארף עס געברויכען, נעהמט מען אויפ'ן פינגער א שטיקעלע אינטמענט ניט גרעסער פון א פּי (ארבעס), מען צונעהמט ביי דער הוהן די פעדערען ארום דעם ארויסגאנג און מען רייבט איין די לייב פונקט אונטערען ווענט (ארויסגאנג). די ווירקונג פון דעם אינטמענט פערבלייבט אויף א בעדייטענדער צייט, און דעריבער וועלען די לייז, וואס וועלען זיך אויסבריהען נאכ'ן שמירען, אויך געטויטעט ווערען פון דעם אינטמענט. אין אלגעמיין קען מען זאגען, אז ווען מען בעשמירט דערמיט איין מאל, קענען די היהנער זיין ריין איינינע מאנאטען. די בעסטע צייט צו בעשמירען איז אין אבענד, ווען די היהנער צוזעצען זיך אויף די רוסטס (סיעדעלעס).

**געזאלין מיט קארבאליק עסיד און פעריס פלעסטער.** — נאך א גוטער מיטעל געגען לייז איז, אז מען זאל נעהמען 3 טיילען געזאלין און איין טהייל קארבאליק עסיד, וואס האט די שטארקייט פון 90 ביז 95 פראצענט. אויב מען קען ניט בעקומען קיין קארבאליק עסיד זאל מען געברויכען 3 טיילען געזאלין און איין טהייל קריזאל. די געזאלין מיט די קארבאליק עסיד אדער מיט די קריזאל מישט מען גוט אויס צוזאמען, און מען שיט אריין ביסלעכווייז פעריס פלעסטער (אלבאסטער) ביז דער פלעסטער זויגט אריין די גאנצע פליסיגקייט. געוועהנליך איז פיער קווארט פעריס פלעסטער גענוג אויף א קווארט פליסיגקייט. מען זאל גוט מישען ביז דער גאנצער פלעסטער ווערט באדעקט מיט דער פליסיגקייט. אבער דאס מוז אויסקומען טרוקען. מען מישט און מען רייבט עס מיט די הענט, און נאכהער זיפט מען עס איבער אויף א זיפעלע פון ווייער (דראט) און מען לאזט עס אויסטריקענען זיך. מען זאל עס ניט האלטען אין קיין הייסען פלאץ און מען זאל עס ניט געברויכען ביז עס געהט דורך עטליכע טעג.

מען זאל זעהען בעשיטען אזוי, אז דער פאודער זאל אויסקומען אויפ'ן גאנצען לייב אונטער די פעדערען, איבערהויפט דארף מען גוט בעשיטען דעם הינטערשטען טהייל פון איהר קערפער און אונטער די פליגלען. אין אייניגע מינוט נאכ'ן בעשיטען, אויב איהר וועט א טרייסעל טהאן די הוהן אויף א ריינעם פאפיר, וועט איהר זעהן טויטע לייז פאלען פון איהר קערפער. מיר דארפען אבער געדענקען, אז פון איין מאל בעשיטען וועט מען ניט בעפרייען זיך פון די לייז, ווייל דער פאודער קען טויטען נאר די לייז; אבער די אייעלעך, וואס לייז האבען געלייגט, ווערען ניט פערניכטעט, און אין אייניגע טעג ארום וועלען פון די אייעלעך ארויסקומען אנדערע לייז. דאריבער מוז מען אין דריי אדער אין פיער טעג ארום בעשיטען א צווייטען מאל, און אויב די היהנער ליידען שטארק פון לייז דארף מען באשיטען דריי מאל.

**פאירשין פאודער.** — די וואס האבען וועניג היהנער, לוינט זיך צו קויפען פאירשין פאודער (פערסידסקי פאראשאק). אויב

דער פּאודער איז ניט געמישט מיט קיין אנדער זאך איז ער גוט פאר אלטע היהנער און פאר קליינע היהנדעלעך.

צוריבענער טאבאק. — מען זאל ניט געברויכען קיין צוריבענעם טאבאק צוליעב באשיטען דעם קערפּער. מען קאן נאר אמאל בעשיטען דערמיט די נעסטען פון די היהנער.

קויפען א שפּריצער. — סיי צוליעב די פליסיגע מיטלען און סיי צוליעב די פּאודערס (פּאראשקעס) זאל מען קויפען א שפּריצער. עס פארקויפען זיך פערשיעדענע, און דאס קאסט א קלייניגקייט.

224. מייטס. — מייטס זיינען א מין אינסעקט, פון וועלכע די היהנער ליידען זעהר פיעל. עס זיינען פאראן פערשיעדענע מייטס, ווי צום ביישפּיעל, סקיילי לעג מייטס, וועלכע בעפאלען די פיס פון די היהנער און די פיס ווערען געשוואלען; דיפּלאמינג מייטס, פון וועלכע עס פאלען ארויס פעדערען; רוסט מייטס, וועלכע געפינען זיך אין די רוסטס (סיעדעלעס) און אנדערע פלעצער, און נאך פיעלע אנדערע סארטען מייטס.



Courtesy International Harvester Co.
מייטס וועלכע זויגען דער הוהנ'ס בלוט.

די רוסט מייטס בעהאלטען זיך צווישען די ברעטער און אין אלע שפּאלטען. דעריבער קען מען זיי ניט באמערקען, און ביי דער נאכט קריכען זיי ארויס, בעפאלען די היהנער און זויגען פון זיי די בלוט. אפט פעראורזאכען זיי דעם טויט פון די היהנער, איבערהויפּט קען עס טרעפען מיט היהנער, וואס זיצען אויף אייער צוליעב אויסבריהען. די מייטס ברענגען נאך פיעל שאדען דערמיט, וואס זיי טראגען איבער קראנק־

הייטען פון איין הוהן אויף א צווייטער. די מייטס, ווען זיי זיינען הונגעריג, זעהען זיי אויס העל־גרוי, אבער ווען זיי זויגען זיך אן מיט בלוט ווערען זיי רויט. עס טרעפט, אז די מייטס געהען איבער פון די היהנער אויף אנדערע באשעפענישען, איבערהויפט אויף פערד. די מייטס לעבען לאנג, און קענען א לאנגע צייט אויסקומען אהן עסען. מען האט געפונען מייטס אין א היהנער הויז, וואו עס האבען זיך ניט געפונען קיין היהנער פינף מאנאטען צייט.

אויב איהר באמערקט, אז אייערע היהנער ווערען מאגער, זעהן אויס שוואך און אויסגעמאטערט, און איהר באמערקט ניט קיינע צייכענס פון א קראנקהייט, זאלט איהר ביי דער נאכט אריינגעהן שטילערהייט אין היהנער־הויז און אונטערזוכען אייערע היהנער. פיליכט וועט איהר אויף זייערע קערפערס געפינען די מייטס. אויך ווען מען באמערקט דונקעלע פלעקען אדער ווייסען פאודער (אזוי ווי מעהל) ארום די שפאלטען פון די האלץ, וואו די היהנער געפינען זיך, קען מען זיין זיכער, אז דארט געפינען זיך די מייטס. ווען מען וועט אריינגיסען אין דעם שפאלט אביסעל קער־ראסין, וועלען די מייטס אנהויבען ארויסקריכען און אנטלויפען.

אום צו פארהיטען, אז קיין מייטס זאלען ניט ווערען, מוז מען האלטען די היהנער־הויז ריין, טרוקען, מיט גענוג פרישע לופט און זונענשיין.

225. מיטלען געגען מייטס. — די ערשטע זאך מוז מען זעהן, אז עס זאלען ניט זיין קיינע שפאלטען אין היהנער הויז, אי־בערהויפט אין די רוסטס (סיעדעלעס) זאלען ניט זיין קיינע שפאל־טען, אום צו פערהיטען אז די מייטס זאלען ניט האבען קיין פלאץ וואו צו בעהאלטען זיך.

צו פערניכטען די מייטס מוז מען די רוסטס, און אונטער די רוסטס די ברעטער און אלע אנדערע שפאלטען בעשמירען מיט אזא מאטעריאל, פון וועלכע די מייטס ווערען פערניכטעט. עס זיינען פאראן פערשיעדענע מאטעריאלען צוליעב דיעזען צוועק. נאר דער בעסטער מיטעל איז קארבאלעניאום (Carbolenium) אויך רעקאמענדירט מען צו געברויכען דאס וואס מען רופט פלייקיל

די פלייקיל קאסט ביליגער, דעריבער איז ראטהזאם אז די וואס האבען פיעל היהנער, זאלען בעסער געברויכען די פלייקיל, וועט זיי קאסטען ביליגער.

אזוי ווי דיעזע מאטעריאלען, ווען מען געברויכט זיי אביסעל צופיעל, קענען זיי שאדען די היהנער צו די אויגען, דעריבער זאל מען עס געברויכען מיט צוויי טעג פריהער איידער מען לאזט אריין די היהנער אין הויז. און אויב מען דארף אריינלאזען אין אזא פלאץ קליינע היהנדעלעך זאל מען שמירען מיט צעהן טעג פריהער איידער מען לאזט זיי אריין. אויב מען קען דאס ניט אויספיהרען, זאל מען די קארבאלעניאום אדער פלייקיל צומישען מיט קעראסין, אדער מען שמירט מיט א בראש פארזיכטיג, אז עס זאל זיך ניט אנגיסען צופיעל, און וואו עס איז צופיעל, זאל מען דאס אבווישען מיט א שמאטע, אין יעדען פאל זאל מען לאזען טריקענען אמוועניגסטען א טאג איידער מען לאזט אריין די היהנער. די בעסטע זאך איז, אז מען זאל די רוסטס לאזען טריקענען אין דרויסען, וואו די זון שיינט.

די אויבענדערמאנטע ארטיקלען, אויב מען געברויכט ווי געהעריג, איז גענוג ווען מען בעשמירט דערמיט נאר איין מאל אין יאהר. סיידען אויב דאס היהנער הויז איז זעהר אינפעקטעד מיט די מייטס, דאן דארף מען בעשמירען איינינגע מאל.

צוליעב פערניכטען מייטס קאן מען אויך געברויכען קריזאל זייף אדער קעראסין עמאלשאן (זעה § 48).

226. בעד באגס (וואנצען). — עס טרעפט, אז בעד באגס (וואנצען) פארקלייבען זיך צו די היהנער אין הויז און לאזען זיי ניט לעבען. צו פארניכטען זיי איז א גוטער מיטעל צו נעהמען 4 אונסעס קאמפאר, אריינלעגען די קאמפאר אין א האלבער קווארט טוירפענטיין, און, ווען דער קאמפאר צוגעהט, זאל מען אריינגיסען א האלבע קווארט אמאניע און א האלבע קווארט קעראסין, און דערמיט זאל מען גוט שפריצען אין אלע שפאלטען און אלע אנדערע פלעצער, וואו די באגס געפינען זיך. דיעזען מיטעל קאן מען געברויכען אויך ביי זיך אין הויז. עס פארשטעהט זיך, אז צו פארניכ-

טען די בעד באגם מוז מען שפריצען איינינע מאל, דורכלאזענדיג איינינע טעג פון איין מאל צום צווייטען.

227. רעטס, ראצען, קריסעס. — די גרויסע מייז, וואס מען רופט רעטס מאכען גרויס שאדען אין די היהנער הייזער. איין רעט קאן דערשטיקען 50 היהנדעלעך אין איין נאכט.

פאלגענדער מיטעל איז גוט צו פארניכטען רעטס: מען צו־מישט א פערטעל קווארט קארן מיעל (מעהל פון קוקורוזע), א טעע־לעפעלע צוקער, און א האלבע טעעלעפעלע צוריבענעם קעז. מען שיט עס אריין אין א סאסער (שאל) און מען שטעלט עס נאהענט פון די לעבער, פון וואנען די רעטס קומען. זיי וועלען עס עסען זעהר גע־שמאק. אין א פאר טעג ארום זאל מען ווייטער דאסזעלבע צוגרייטען און דערצו נאך אריינמישען פלעסטער און פערים (גיפס), נאכ׳ן עסען, ווען זיי וועלען זיך אנטרינקען וועלען זיי פאלען טויט, און די אנדערע וועלען מורא האבען צו קריכען.

228. קעץ. — עס טרעפט, אז קעץ כאפען די קליינע היהנ־דעלעך. עס איז ראטזאם, אז מען זאל נעהמען א קליין קעצעלע און צולאזען צו א הוהן ווען זי האט הינדעלעך. אויב די קעצעל וועט וועלען אנריהרען א היהנדעלע, וועט די הוהן געבען איהר א לעק־ציאן, אז זי וועט איהר גאנצען לעבען ניט וועלען אנריהרען קיין היהנדעלע. מיט אלטע קעץ אבער דארף מען זיין פארזיכטיג.

229. הינט. — א הונט וואס איז ערצויגען ווי געהעריג, וועט קיין שלעכטס ניט טאן די היהנדעלעך. אבער די הינט, וועלכע האבען ניט קיין היים, קאן טרעפען, אז צווישען אנדערע שלעכטע גע־וואהנהייטען, זאלען זיי האבען א געוואהנהייט אריינכאפען זיך אין א פרעמדען הויף און מאכען זיך א מאהלצייט פון פרעמדע היהנ־דעלעך.

230. פוקסען. — א פוקס האט זעהר ליעב א שטיקעל הוהן; און, אויב ער וועט איין מאל געפינען דעם פלאץ, וואו ער קאן דער־פון געניסען, וועט איהם ציהען אהין, און ער איז גענוג קלוג צו היי־טען זיך, אז מען זאל איהם ניט כאפען. דאריבער מוז מען פארווא־רענען אז א פוקס זאל ניט קאנען אריינקריכען.

231. סקאנקס. — פיעל שאדען מאכען אן די סקאנקס צוויישען היהנער. געגען זיי איז גוט צו מאכען טרעפּס (פּאסטקעס), אין וועלכע מען לעגט אריין א שטיקעל פלייש. אויך איז גוט אבצוזוכען די לאך פון וואנען זיי קריכען און אריינגיסען 2 אונסעם קארבאן ביסאלפייד און פארשטעקען די לאך.



מען האלט זיי ריין

קאַפּיטעל 15

# גענז

232. **גענז צוליעב געשעפט.** — גענז אַלס געשעפט קענען אריינברייינגען גוטע איינקינפטע. אין אַלגעמיין וואַקסען זיי גיך. און דאָס עסען מיט דער אַרבייט אַרום זיי קאָסט פיעל ביליגער איידער פאַר היהנער. פאַר זייער פלייש נעהמט מען אַ גאַנץ גוטע פּרייז, און די פעדערען פון גענז בעצאַהלען זיך אויך גוט.

דאָס עסען פון אַ גאַנז קאָסט ניט פיעל, ווייל זי האָט ליעב ארומצוגעהן פריי און אַבזוכען זיך עסען. איבערהויפּט האָט זי ליעב גראָז און אַנדערע גרינסען, דעריבער דאַרף מען האָבען צוליעב די גענז אַ שטיקעל לאַנד בעוואַקסען מיט גראָז, וואו זיי קענען ארומ־



ווייסע עמבדען גענז.

געהן און פיטערען זיך אַ גאַנצען טאָג, נאָר ביי דער נאַכט דאַרפען זיי האָבען אַ טרוקענעם פּלאַץ, וואו צו נעכטיגען. עס איז זעהר וויכטיג, אַז אויף דעם אָרט, וואו זיי פיטערען זיך, זאָל זיין אַ וואַסער, וואו זיי זאָלען קענען באָדען זיך, נאָר אויב עס איז ניטאָ אַזא וואַסער, קען מען אויסקומען מיט אַ טראָף (קאָרעטע) מיט וואַסער, וועלכע מען שטעלט אויף דעם פּלאַץ וואו זיי פיטערען זיך.

233. ברידס (שטאַמען) פון גענז. — אין אמעריקא זיינען אַנערקענט פאָלגענדע שטאַמען פון גענז: טאולעזער, עמבדינס, אַפריקען, טשייניז, קענעדיען אָדער ווילדע און אידזשיפּסאָן.

ט אָ ו ל ו ז ע ר.—דער קאָליר פון די טאולוזער גענז איז דונקעל גרוי אויף'ן רוקען, און עטוואָס העלער אַראָב צו צום ברוסט, און דער בויך איז וויים. דער קערפּער איז פון מיטעלער לענג, נאָר זעהר ברייט און פול, דער בויך שלעפּט זיך כמעט אויף דער ערד. דער קאָפּ איז קורץ און גראָב, דער האַלז ניט זעהר לאַנג, דער שנאָבעל קורץ און ברייט און העל־געל, די אויגען דונקעל־ברוינע און די פיס מיט די פינגער זיינען אָרענדזש־רויטלעך. זייער פלייש איז ניט זעהר גוט צום פאַרקויפען, ווייל עס איז שווער אַרויסצונעהמען די שוואַרצע וואָרצלען פון די פעדערען. זיי וואַקסען גיך און לעגען אין אַ סיזאָן פון 20 ביז 35 אייער. אַ יונגער גאַנדער וועגט ביז 20 פונט און אַן אַלטער ביז 26 פונט, און אַ יונגע גאַנז וועגט ביז 16 פונט און אַן אַלטע ביז 20 פונט.

ע מ ב ד ע נ ס.—די עמבדענס זיינען גרויסע ווייסע שעהנע גענז. זיי זיינען נאָר עטוואָס קלענער און האָבען לענגערע פיס איידער די טאולוזער. זייער קערפּער איז לאַנג און ברייט, דער קאָפּ איז גרויס, די אויגען העלע־בלויע, דער האַלז איז אויסגעצויגען אַרויף, און די ברוסט איז קיילעכדיג און פול. דער שנאָבעל האָט דעם קאָליר פון פלייש און די פיסלעך פון אָרענדזש. זייער פלייש איז בעסער צום פערקויפען איידער די טאולוזער. זיי וואַקסען גיך און לעגען נאָר ביז 20 אייער אין סיזאָן. דער גאַנדער וועגט אין אַלגעמיין ביז 20 פונט און אַ גאַנז ביז 18 פונט.

א פ ר י ק א נ ע ר  ג ע נ ז. —די אפריקאנער גענז זיינען גרויזע,

דער הינטערסטער טייל פון קערפּער איז דונקעל־גרוי און דער בויך איז העל־גרוי. זייער קערפּער איז לאַנג, דער קאָפּ איז גרויס, און אויפ'ן קאָפּ האָבען זיי אַ שווארצען קנאָפּ, און אונטער'ן האלז הענגט אַראָפּ ווי אַ ליפּ פון גרויען קאָליר, דער שנאָבעל איז קורץ און שוואַרץ. זיי וואַקסען גיך, און ווען זיי זיינען אַלט 10 וואָכען, זיינען זיי גוט צום פערקויפען. די וואָג פון זיי איז דיזעלבע וואָס די עמב־דענס. זייער פלייש איז געשמאַק און זיי לעגען ביז 40 אייער אין סיזאָן.

טשיינעז גענז.—צווישען די טשייניג גענז זיינען פאַראַן ווייסע און ברוינע. זייער קערפּער איז פון מיטעלען גרויס, דער קאָפּ איז גרויס און האָט אויבען אַ קנאָפּ, דער האַלז איז לאַנג, און די ברוסט איז קיילעכדיג און פול. זיי זיינען פיעל קלענער פון די אַנ־דערע גענז. אַ גאַנער וועגט 12 פונט און אַ גאַנז 10 פונט, אבער זיי לעגען ביז 60 אייער אין אַ סיזאָן. די יונגע וואַקסען גיך. עס איז גרינג צו מאַכען זיי פעט, און זייער פליישׁ איז פון די בעסטע גענ־זענע פליישען.

די קענעדיען גענז.—די קענעדיען גענז, אדער ווי מען רופט זיי די ווילדע גענז, רעכענען זיך פאַר די בעסטע. זייער פליייש ווערט הויך געשאַצט, נאָר זיי רעכענען זיך ניט צווישען די היימישע גענז. זייער קערפּער איז לאַנגליך און פון הינטען שמאָלער, דער קאָפּ איז קורץ, דער שנאָבעל קורץ און דער האַלז לאַנג. די פעדערען זיינען פון הינטען דונקעל־גרוי און די ברוסט איז העל־גרוי. דער קאָפּ דער שנאָבעל, דער האַלז, דער עק און די פיס זיינען שוואַרץ. זיי וועגען ביז 16 פונט, און לעגען ווענינ אייער.

די אידזשיפּסאַן גענז.—די אידזשיפּסאַן גענז זיינען פון די שענסטע גענז, און מען האַלט זיי אַממייסטען נאָר צוליעב זייער שענקייט. זיי זיינען שרעקליכע שטרייטער. אַ גאַנדער קען שלאָגען אַ צווייטען גאַנדער ביז יענער פאַלט טויט. ער וועגט ביז 10 פונט און זי 8 פונט.

געמישטע שטאַמען.—אויסער די אויבענדערמאָנטע 6 ברידס (שטאַמען) פון גענז זיינען פאַראַן געמישטע, וואָס קומען

ארויס פון איינעם פון דיזע שטאמען געמישט מיט ווילדע גענז. אויף די פארמס זיינען אממיינסטען די גענז פון געמישטעברידס, און, אויב איינער וויל איינפיהרען א ריינעם בריד, זאל ער געברוי־כען פאר זיינע גענז א גאנדער פון ריינעם בריד. די בעסטע צו האל־טען זיינען די טאולעזער און די עמבדענס.

234. די הייזער פאר גענז דארפען זיין איינפאכע נאר צו בעשיצען זיי פון שנעע, שטורם און רעגען. זיי דארפען אימער האבען ריינע פרישע אונטערבעטונג.

235. דאס עסען פאר גענז. — זומער צייט דארפען זיי האבען גוטע פעססטשור (פאשע). אויב זיי האבען א פעלד מיט גוטע גראז, איבערהויפט אויב דאס איז ראי אדער קלאווער, דארפען זיי מעהר ניט האבען קיין אנדער שפייז, נאר עס איז בעסער, אז איין מאל אין טאג זאל מען זיי געבען עטוואס קערנער, ווי האבער אדער גערשטען. קארן (קוקורוזע) זאל מען זומער געבען וואס ווייניגער. אין הערבסט, ווען עס ווערט ווייניגער גראז זאל מען זיי געבען מעהר האבער און גאנצען קארן. ווינטער צייט גיט מען זיי אין דער פריה געמישטע: קארן מעהל, שארטס און 10% ביף סקרעפס, פון וועלכע מען מאכט א מעש מיט געקאכטע פאטייטאס אדער טאירניפס. אנשטאט די שארטס קען מען געברויכען אלטגעבאקענעם ברויט, און אנדערע מאכען די מעש פון קארן מעהל מיט שארטס געמישט מיט קאלטע וואסער, נאר די מעש דארף זיין גערירט, אז דאס זאל זיך ברעקלען. איינינע מאכען א מעש פון 3 טהיילען קארן מעהל, 3 טהיילען ווייצענע קלייען, 3 טהיילען געמאהלענעם האבער און פיער טהיילען גע־בריהטע קלאווער היי.

איינינע מאכען די מעש פון 2 טהיילען ווייצענע קלייען, 1 טהייל קארן מעהל און 1 טהייל מידלינגס.

פארנאכט גיט מען זיי גאנצע קערנער. 2 קווארט איז גענוג פאר 25 גענז. צופיעל קארן זאל מען זיי ניט געבען, ווארום פון צופיעל קארן ווערען זיי פעט און זיי וועלען ניט גוט זיין צוליעב ברי־דינג (אויסבריהען).

אויסער מעהל און קערנער מוזען גענז האבען גרינסען, ווי גאר־

טענוואָרג אָדער גוטע היי געהאַקטע פערבריהטע מיט הייסע וואַסער.

236. די יאָהרען פון א גאַנז. — א גאַנז לעבט זעהר לאַנג. אייניגע לעבען ביז 40 יאָהר, און אין גאַנצען זייער לעבען קענען זיי לעגען אייער און אויסבריהען זיי. אָבער מעהר פון צעהן יאָהר זאָל מען ניט האַלטען קיין גאַנז, און א גאַנדער, וועלכען מען האַלט צוליב בריד, זאָל מען ניט האַלטען מעהר פון דריי ביז פיער יאָהר.

237. דערקאָנען דעם מין (געשלעכט).—צו אונטערשיעדען צווישען דעם גאַנדער און דער גאַנז איז שווער, דאָך קען מען באַמערקען, אַז ביי איהם איז דער קאָפּ גרעסער, דער האַלז גרעבער און דער בויך קלענער איידער ביי דער גאַנז פון דעם זעלבען סאָרט.

238. פיעל גענז מיט איין גאַנדער. — געוועהנליך איז 1 גאַנדער גענוג פאַר צוויי אָדער דריי גענז. די אפריקאַנער איז בעסער צו האַלטען איין גאַנז מיט א גאַנדער. צווישען יונגע גענז טרעפט אָפט, אַז ער זאָל אויסקלייבען נאָר איינע, און וויל ניט האָבען וואָס צו טהאָן מיט די אַנדערע. ווען זיי געהען אום פריי פיעלע צוזאַמען זאָל מען לאָזען איין גאַנדער אויף יעדערע פיער גענז, און צוויי אָדער דריי זאָל מען לאָזען עקסטראַ.

239. לעגען אייער און אויסבריהען. — א גאַנז פאַנגט אַן צו לעגען אייער ווען זי איז אַלט א יאָהר. אין דער צייט ווען זי לעגט אייער דאַרף מען זי אָבהיטען פון רעגען, פון שנעע און שטורם. די אייער פון א יונגער גאַנז, קאָן טרעפען, אַז זיי זאָלען זיין ניט פרוכטבאַר, דעריבער זאָל מען צוליעב אויסבריהען נעהמען אייער פון א צוויי יעהריגער גאַנז, און דער גאַנדער זאָל אַלט זיין דריי יאָהר. און זייביידע זאָלען ניט זיין צו פעט.

געוועהנליך פאַנגט א גאַנז אַן צו לעגען אייער צום ענדע ווינטער, נאָר אמאָל טרעפט, אַז זיי לעגען פריהער. א באַקס אָדער א פעסעל מיט אביסעל שטרוי קאָן זיי דיענען פאַר א נעסט. די אייער צוליעב אויסבריהען זאָל מען באַלד צונעהמען פון נעסט איידער זיי ווערען שטאַרק אָבגעקיהלט. ווען זי לעגט פון 15 ביז 20 אייער, און מען וויל ניט, אַז זי זאָל זיך זעצען אויסבריהען די אייער, זאָל מען זי פאַרשפאַרען אין א פינסטערען פלאַץ און געבען ווייניג עסען נאָר

געגוג מורינקען. אין 5 אָדער 6 טעג ארום קערט מען זי אום צו איהר פּלאַץ, און זי קאָן א צווייטען מאָל לעגען 12 אָדער 15 אייער. אויב מען וויל ניט לאָזען זי זעצען זיך אויף די אייער, זאָל מען זי ווייטער פּארשפּארען אויף 5 אָדער 6 טעג; און, ווען מען וועט זי ארויסלאָזען, קאָן זי לעגען אייער א דריטען מאָל.

פון די אייער, וואָס זי לעגט די ערשטע צוויי מאָל, קאָן מען אויסבריהען מיט היהנער. די היהנער זאָל מען נעמען פון די גרעסטע סאָרטען. א הוהן קאָן מען זעצען אויף 4 אָדער 5 אייער. ווען די גענזעלעך קומען ארויס פון די אייער, דארף מען אכטונג געבען, אז די הוהן זאָל זיי ניט צוטרעטען. א גאנז קאָן מען זעצען אויף 15 אייער. אויפ'ן זיעבעטען טאָג זאָל מען טעסטען די אייער. אין די לעצטע טעג פון אויסבריהען איז ראַטזאַם צו באַשפּריצען די אייער מיט הייסע וואסער פון 104 גראד פּאַרענהייטס. דאָס וועט פיעל העלפען, אז די גענזעלעך זאָלען קאָנען גרינגער ארויס פון די אייער. דאָס אויסבריהען פון גענז געדויערט פון 28 ביז 30 טעג, און פון איינינע סאָרטען גענז ביז 34 טעג.

מיט א מאשין קאָן מען אויך אויסבריהען גענזענע אייער; נאָר פיעלע זאָגען, אז דאָס איז ניט ערפאָלגרייך.

240. אָבהיטען די קליינע גענזעלעך. — ווי די גענזעלע געהט ארויס פון דעם איי און ווערט נאר טרוקען זאָל מען זי צונעהמען אין א טרוקענעם ווארימען פּלאַץ, און אין 24 שטונדען ארום נאָכדעם, ווען אלע געהן ארויס פון די אייער, זאָל מען זיי צוזאמען מיט דער הוהן ארייננזעצען אין א קופּ. ווען עס איז קאלט זאָל מען זיי ארייננזעצען אין א ברודער. א טאָג אָדער צוויי טעג זאָל די טעמפּעראטור אין ברודער זיין 92 גראד פּארענהייטס, און באלד זאָל מען אָנפאנגען נידעריגער צו מאכען די טעמפּעראַטור, אז ביז ענדע וואָך זאָל זיין ניט מעהר ווי 75 גראד. אין מיטעלמעסיגען וועטער זאָל מען מעהר פון אַכטאָג ניט האלטען זיי אין ווארימען ברודער, נאָר מען זאָל זיי ארייננזעצען אין קופּס, וועלכע זאָלען זיי פערהיטען פון נאַסקייט און שטורם. ווען מען זעצט זיי פון אָנפאנג אין קופּ מיט דער הוהן קען מען אין פינף טעג ארום די הוהן צונעהמען פון זיי. זומער

מוזען זיי האָבען אַ פּלאַץ, וואו צו בעהאַלטען זיך פון דער זון, ווייל קליינע געגזעלער בעקומען זונענשטיך און פאַלען טויט. אויך מוז מען זיי פערהיטען, אַז קיין רעגען זאָל זיי ניט נעצען, און מען זאָל זיי ניט לאָזען קריכען אין וואַסער ביז די פעדערען בעוויזען זיך אויפ'ן רוקען. איבערהויפּט דאַרף מען זיי לאָזען אויף אַזאַ פּלאַץ, וואו עס וואַקסט גוטע גראָז אום זיי זאָלען קענען עסען גראָז פיעל זיי ווילען. ווען מען קען ניט אַרויסלאָזען זיי אין דרויסען זאָל מען זיי געבען געהאַקטע גראָז אָדער געהאַקטע גרינע ראַי (האָגען) אָדער גרינע האָבער.

241. עסען פאַר קליינע געגזעלעך. — די ערשטע 24 שטונדען נאָכ'ן אויסבריהען זאָל מען זיי ניט געבען קיין עסען, נאָר מען זאָל זיי געבען לעבליכע וואַסער צום טרינקען. די ערשטע פּאַר טעג קען מען זיי געבען קאָרן מעהל מיט אביסעלע זאַמד און עטוואָס האָלץ-קויהלען, פייכט געמאַכט מיט אביסעל וואַסער, און דערצו ווייכע געהאַקטע גראָז. פון דעם דריטען אָדער פיערטען טאָג זאָל מען זיי געבען פאָלגענדע שפּייזען ביי מאָס גלייכע טהיילען: קאָרן מעהל, ווייצענע קלייען און געמאַהלענעם האָבער. מען מאַכט עס פייכט מיט הייסע וואַסער און מען לאָזט עס אָבקיהלען. זיי זאָלען עסען 5 מאָל אין טאָג.

ווען זיי ווערען אַלט 2 מאָנאַטען זאָל מען זיי געבען עסען נאָר צוויי מאָל אין טאָג: אין דער פריה די פייכטע מעש ווי פריהער, און פאַר נאַכט געקרעקטע ווייץ און קאָרן, דאָס איבעריגע עסען דאַרפען זיי אַליין געפינען, אַרומגעהענדיג אויף אַ פעלד בעוואַקסען מיט גוטע גראָז. מען זאָל זיי אימער פערזאָרגען מיט גענוג ריינע פרישע וואַסער צום טרינקען. דאָס וואַסער זאָל מען האַלטען אין פאָונטיינס, און די וואַסער זאָל זיין ריין, און זיי זאָלען ניט קענען אַריינקריכען אין די וואַסער ווען זיי זיינען קליין. ווען זיי ווערען בעדעקט מיט פעדערען זאָלען זיי האָבען אַ פּלאַץ וואו צו באָדען זיך.

242. די וואָג וואָס קומט צו אין געגזעלעך. — אַ געגזעלע, ווען זי איז אַלט 24 שטונדען, וועגט זי ביז 4 אונסעס, ווען זי איז אַלט 10 וואָכען וועגט זי פון ניין ביז צעהן פונט, און ווען זי איז

אלט פון פינף ביז זעקס מאָנאַטען וועגט זי צוויי מאָל אזוי פיעל.

243. **פעט מאכען גענז.** — יונגע גענז, אויב מען וויל זיי פעט מאכען און פערקויפען צוליב פלייש, זאָל מען פערשפּארען אויף צוויי וואָכען און געבען זיי דריי מאָל אין טאָג געדיכטע מעש פון מעהל און צו די מעהל זאָל מען געבען 20% ביף סקרעפּס. עלטערע גענז, אז מען וויל פעט מאכען, זאָל מען זיי פערשפּארען פיער וואָכען. מען האלט צעהן ביז פופצעהן גענז צוזאמען אין א ריינעם טרוקענעם פלאַץ, וואו יעדע גאנז זאָל האָבען פון 8 ביז 10 סקוועער פוס פון פלאָר (פוס באדען). עסען זאָל מען געבען אין דער פריה און אין מיטען טאָג פייכטע מעש פון פאָלגענדע מעהלען: 6 טיילען קאָרן מעהל, 6 טיילען געמאָהלענעם האבער און טייל ביף סקרעפּס. די לעצטע צעהן טעג גיט מען 2 טיילען ביף סקרעפּס, פאר נאכט גיט מען 1 טייל געקרעקטען קאָרן צוקאָכט ביז ער ווערט ווייך, 1 טהייל קאָרן מעהל און 1 טהייל מידלינגס. פון אָנפאַנג זאָל מען זיי געבען ניט פיעל עסען, און בימלעכווייז זאָל מען פארגרעסערען די מאָהלצייטען. די גאַנצע צייט, וואָס זיי זיינען פארשפּארט, זאָלען זיי אימער האָבען גענוג פרישע ריינע וואסער צום טרינקען. די, וואָס ווילען שטאָפּען די גענז, קענען עס טהאָן אויף פאָלגענדען אופן: מען נעהמט 2 טהיילען געזיפּטע האָבערנע אָדער גערשטענע מעהל, 1 טהייל געזיפּטע קאָרן מעהל און 1 טהייל א נידעריגען סאָרט ווייצענע מעהל. דערפון מאכט מען מיט הייסע וואסער א געדיכטע טייג, וועלכע מען צושניידט אויף שטיקלעך 3 אינטשעס לאנג און 1 אינטש גראָב. די שטיקלעך לעגט מען אריין אין א בעסקעט (קאָרב) פון ווייער (דראָט), וועלכע מען הענגט אויף אין אַ גרויסען וואש־טאָפּ און מען לאָזט עס קאָכען. נאָכ'ן קאכען לעגט מען עס אריין אין קאלטע וואסער. מען עפענט דער גאנז דעם מויל, מען טונקט די שטיקלעך טייג אין קאלטע וואסער און מען ווארפט עס אריין דער גאנז אין האלז. מען טהוט עס דריי מאָל אין טאָג.

244. **די פעדערען פון גענז.** — א גאנז קען מען פליקען לעבעדיגערהייד. מען קען עס טהאָן אייניגע מאָל אין יאָהר, און האָבען

דורכשניטליך א פונט פעדערען א יאהר. ווען עס איז קאלט און ווען זיי לעגען זיך זאל מען זיי ניט פליקען. אין אפריל, ווען די גענז זיצען, קען מען פליקען די גאנדערס. אין אנפאנג דזשון קען מען פליקען אי די גענז אי די גאנדערס, ענדע דזשוליי און ענדע סעפטעמבער קען מען פליקען די אלטע און די יונגע. ווען מען וויל זיי פליקען, זאל מען פריהער אויסרייסען איינינע פעדערען פון ברוסט. אויב די שפיצען פון די פעדערען זיינען טרוקען און מען באמערקט ניט קיין בלוט, זאל מען זיי פליקען, אויב אבער מען באמערקט בלוט, זאל מען ניט פליקען. איידער מען פליקט זאל מען זיי האלטען פער־שפארט אין א געביידע, וואו עס איז אונטערגעבעט ריינע טרוקענע שטרוי, אום די פעדערען זאלען ווערען טרוקען. די גאנז דארף מען בינדען, אוועקלעגען מיט'ן רוקען אראפ: איין מאן האלט זי פאר'ן קאפ, און דער צווייטער פליקט שנעל, ציהענדיג די פעדערען צום קאפ צו.

דער פרייז פון גענזענע פעדערען איז געווען: פאר ריינע ווייסע פון 50 ביז 60 סענט א פונט און פאר גרויע פון 40 ביז 45 סענט א פונט.



## קאפיטעל 16.

# ענטלאך (דאקס)

245. **דאָס געשעפט מיט ענטלאַך.** — ענטלאך האָדעוועט מען אַממיינסטען צוליעב פלייש. זייערע אייער צוליעב עסען ווערען וועניג געברויכט. האלטען ענטלאך איז אין פיעלע הינזיכטען בעסער איידער היהנער, ווייל זיי וואקסען שנעלער פון היהנער, זיי זיינען ניט קיין גרויסע איבערקלייבער מיט'ן עסען, זיי ליידען וועניגער פון קראנקהייטען און ווערען ניט באפאלען פון לייז. דאס געשעפט מיט ענטלאך ווערט וואָס וויטער אַלץ מעהר ענטוויקעלט, איבערהויפט ארום די גרויסע שטעדט.



Vineland Duck Farm

א פארם פון ענטלאך אין וויינלענד, נ. דזש.

קיין טייך צליעב די ענטלאך איז ניט נויטיג צו האבן. זיי וואקסן גוט און זיינען געזונד אהן שווימען. און די, וואס מען וויל פארקויפן צוליעב פלייש יונגערייד וואקסן בעסער אהן שווימען.

246. שטאמען פון ענטלאך. — אין אמעריקא זיינען פאראן פאלגענדע שטאמען פון ענטלאך: פעקין, איילסבארי, ראון, קיי־אוגא, קאל, איסט אינדיען, קרעסטעד, מאסקאווי, אינדיען ראונער און סעווידזש.

די פ ע ק י ן זיינען פאפולער אין אמעריקא. פון זיי זיינען פאראן ווייסע און גרויע. זייער קאפ איז לאנגליך, דער שנאבעל געל, די אויגן בלויע, דער האלז אויסגעבויגן, די ברוסט ברייט און פול, דער קערפער לאנג, די פליגלען קורצע, די פיס קורצע פון ארענדזש קאליר, די פינגער גלייכע, פאראייניגט מיט א הייטעל. זיי זיינען די בעסטע צום האדעווען. מען דארף נאר רוהיג ארומגעהן ארום זיי. ווייל זיי שרעקען זיך זעהר. זייער פלייש איז זעהר געשמאק, צום לעגען אייער זיינען זיי אויסגעצייכענטע, איין ענטעל לעגט פון 100 ביז 130 אייער אין א יאהר. נאר זיי האבען ניט ליעב אויסצוזעצען די אייער. זיי וואקסען גיך. צו צעהן וואכען וועגט זי 5 פונט. די אלטע וועגען ביז 7 פונט און א קאטשער ביז 8 פונט.

ו ו י י ס ע א ל ס ב ע ר י זיינען די צווייטע נאך פעקין. זיי זיינען עטוואס גרעסער פון די ווייסע פעקין. זייער שנאבעל איז לאנג און ברייט, פון פינק (ראזעווען קאליר), דער האלז איז לאנג און אויסגעבויגען, די פיס פון ארנדזש העלען קאליר.

ד י ר א ו נ ס האלט מען זעהר פיעל, ווייל זיי זיינען שעהנע און בעצאלען גאנץ גוט. ביי דעם קאטשער אויפ'ן נאקען זיינען די פעדערען גרינע, גלאנצענדע, עטוואס אויסגעמישט מיט גרויע און ברוינע קאלירען; די פליגלען זיינען דונקעל גרוי, דער קאפ איז גרין און דער שנאבעל גרין־געלבלאך. ביי איהר זיינען די פעדערען דונקעל ברוינע און דער שנאבעל דונקעל־געל. איין פעלער האבען זיי, וואס זיי וואקסען ניט גיך. דערפאר אבער קאן מען זיי גיך פעט מאכען,

און זייער פלייש איז זעהר געשמאק. זיי זיינען שטארקע, רוהיגע און פרוכטבארע עופות.

די שווארצע קייאוגאס האבען א קליינעם קאפ, א שווארצען שנאבעל, וועלכער איז קורץ און ברייט. זיי זיינען זעהר רוהיגע און פערשטענדליכע. זיי האבען ליעב זייער היים און שלעפען זיך ניט ארום. זיי זיינען שטארקע, און לעגען ביז 90 אייער אין פריהלינג. אמאל לעגען זיי אייער אויך שפעטער אין סיזאן. זיי זיינען די בעסטע צוליעב א פריהענדיגען מארק. ער וועגט ביז 8 פונט און זי ביז 7 פונט.

איסט אינדיען האלט מען אממיינסטען נאר צוליעב אויסשטעלונגען.

קרעסטעד זיינען פאראן פון פערשיעדענע קאלירען: ווייסע שווארצע און געמישטע קאלירען. אין אמעריקא האלט מען זיי ווענינ.

אינדיען ראונערס זיינען קלענער פון די אנדערע ענטלאך. ער וועגט נאר ביז פיער און א האלבען און זי ביז 4 פונט. זיי זיינען שטילע, ניט קיין שרייער, און זי קאן לעגען ביז 200 אייער. אין יאהר.

די מאסקוויטס זיינען פאראן ווייסע און פארשיעדענפארבינע. ביים קאטשער איז אויפ'ן קאפ א קרוין פון פעדערען און דער שנאבעל איז שמאל, זיי קוקען אויס ווי ווילדע. זיי זיינען שרעקליכע צייגקער, ער קאן אנפאלען אפילו אויף קינדער און מזיק'ן זיי. מען מוז זיי האלטען אין א באזונדערן הויף און אבהאקען די פליגלען. יונגערהייד איז זייער פלייש זעהר געשמאק. אייער לעגען זיי ווענינ. ער וועגט ביז 10 פונט און זי ביז 7 פונט.

די קאולס זיינען פאראן ווייסע און גרויע. מען האלט זיי מעהר צוליעב זייער שעהנקייט איידער צוליעב איינקינפטע.

247. הייזער פאר ענטלאך. — קיין היהנער מיט ענטלאך זאל מען ניט האלטען צוזאמען. די ענטלאך האבען ניט מורא פאר קעלט, ווייל זיי האבען ניט קיינע קאמען און וואטעלס, דעריבער דארפען זיי ניט האבען אזעלכע הייזער ווי היהנער. זיי דארף מען

נאָר פאַרהיטען פון צוג־ווינטען און שטורמס. זייער הויז דאַרף האָ־
בען גוטע ווענט, אז קיין צוג־ווינטען זאָלען דאָרט ניט זיין, און דער
רוף (דאך) דאַרף זיין א גאַנצער, אז קיין רעגען זאָל ניט אריינרינען.
קיין רוסטס (סיעדעלעס) דאַרפען זיי ניט האָבען. דער פלאָר (פּוס
באָדען) מוז זיין אימער טרוקען און האָבען ריינע אונטערבעטונג.
מען זאָל זיי האַלטען ניט צו ענג, ווייל זיי מוזען האבען גענוג באַוועג־
גונג. ווינטער, ווען דאָס וועטער איז שעהן, זאָל מען זיי אַרויסלאָזען
אין הויף. נאָר מען זאָל פריהער אָבשאַרען דעם שנעע. דער הויף
דאַרף זיין ארומגעצאַמט 2 אָדער 3 פוס הויך. פאַר 12 ענטלאַך דאַרף
דער הויף זיין אַמווייניגסטען 80 פוס לאַנג און 10 פוס ברייט.

248. **עסען און טרינקען פאַר ענטלאַך.** — אן ענטעל האָט
ניט קיין קראָפּ, און דאָס עסען געהט גלייך אין מאָגען און קיין ציין
האָט זי דאָך ניט, דעריבער איז פאַר זיי בעסער פייכטע שפּייז
(מעש). די מעש דאַרף זיין געדיכט, אז דאָס זאָל זיך ברעקלען. גאַנצע
קערנער גיט מען זיי ווייניג. גרינסען מוזען זיי האָבען אימער. אויך
מוז מען זיי פאַרזאָרגען מיט גריט, אויסטער שעלס און האָלץ
קויהלען.

**עסען זומער צייט.** — ווען זיי האָבען וואו צו פּיטערען זיך
אויף גוטע גראָז, זאָל מען זיי געבען עסען נאָר אין דער פריה און פאַר
נאַכט. מען מישט 3 טיילען ביי וואָג קאָרן מיל, 3 טיילען ווייצענע
קלייען, 1 טייל א נידעריגען סאָרט ווייצענע מעהל און 1 טייל ביף
סקרעפּס. דאָס אַלעס מישט מען מיט קאַלטע וואסער, מען שיט אריין
אביסעל זאַלץ און מען מאכט א געדיכטע מעש.

**עסען אין הערבסט.** — אין הערבסט איז גוט צו געבען זיי: 3
טיילען ווייצענע קלייען, 1 טייל האָבער, 1 טייל קאָרן מיל, 5% ביף
סקרעפּס, 5% גריט. דערפון מאכט מען אַ מעש און מען גיט זיי אין
דער פריה און פאַר נאַכט. און דערצו זאָל מען זיי געבען גרינסען,
ווי קאָרן פאָדער (די שטאָמען פון קוקורוזע), אָדער קלאָווער.

**עסען ווינטער צייט.** — ווינטער קאָן מען געבען דאָס זעלבע
וואָס זומער, נאָר אין דער פריה זאָל מען אריינמישען געקאָכטע צורי־

בענע טוירניפּס (ברוקווע) איין דריטעל פון די גאַנצע שפּייז: און אין מיטען טאָג גיט מען זיי קרויט אָדער אנדערע גריינסען.

**עסען ווען זיי לעגען אייער.** — ווען זיי לעגען אייער רעקאָמענדירט מען צו געבען זיי : 3 טיילען ווייצענע קלייען, 3 טיילען געמאָלענעם האָבער, 3 טיילען קאָרן מיל, 1 טייל פון אַ נידעריגען סאָרט ווייצענע מעהל און 1 טייל ביף סקרעפּס. און דערצו גענוג גרינסען און אויסטער שעלס.

**עסען פאר ברידינג סטאָק.** — פאר די וואָס מען האלט צוליעב אויסבריהען זייערע אייער רעקאָמענדירט מען פאָלגענדע שפּייזען: 4 טיילען ביי מאָס קאָרן מיל, 2 טיילען ווייצענע קלייען, 1 טייל ווייצענע מידלינגס, 1 טייל האָבער, 1 טייל ווייץ און 1 טייל ביף סקרעפּס, און דאָס אלעס מישען מיט געהאקטע קלאָווער אָדער מיט טוירניפּס.

אלס גרינסען קאָן מען זיי געבען געהאקטע טוירניפּס, אָדער געהאקטע היי פון אלפאלפא אָדער קלאָווער. די גרינסען קאָן מען מישען מיט די פייכטע מעש, אָדער מען גיט עס באזונדער. די גריט קאָן מען אויך מישען מיט די מעש, א פערטעל פונט גריט אויף 10 פונט שפּייז. די אויסטער שעלס זאָלען אימער שטעהן אין א באזונדער כלי. דאָס עסען מוז אימער זיין פריש און ריין. קיין פייכטע מעש פון איין מאָל אויפ'ן צווייטען זאָל מען ניט איבערלאָזען. די כלים זאל מען אָפט אויסבריהען מיט הייסע וואסער און לאָזען אויס־טריקענען.

**טרינקען פאַר ענטלעך.** — ענטלעך מוזען האָבען אימער פרישע ריינע וואסער, ווארום זיי טרינקען פיעל, און ווען זיי עסען האָבען זיי ליעב אַ זופּ טהאָן וואסער. די כלים פון די וואסער זאָל מען אָפט רייניגען און אויסוואשען און טריקענען.

249. **וועגען לייגען אייער.** — געוועהנליך הויבען אָן די ענטלאך צו לעגען אייער אין דעצעמבער אָדער יאנואר און לעגען ביז אין פריהלינג. עס טרעפט, אז יונגע, וואָס זיינען אויסגעבריהט פריה אין פריהלינג, זאָלען לעגען אייניגע אייער פריה אין הערבסט, און הערען אויף צו לעגען ביז'ן נעקסטען פריהלינג. נאָר די אינ־

דיען ראונערם קאנען אנפאנגען לעגען אייער אין הערבסט און לעגען א גאנץ ווינטער, און אפילו נאכהער אין זומער. ענטלאך האבען פיינט צו לעגען אייער אויף איין ארט, און, ווען מען וועט זיי לאזען פריי, וועט מען די אייער ניט אבזוכען, דעריבער זאל מען אין דער פריה האלטען זיי פארשפארט ביז זיי לעגען די אייער. אויב מען האט א הויף, קאן מען דערווייל ארויסלאזען זיי אין הויף. מען קאן אויסקומען אהן נעסטען, און, אויב מען מאכט א נעסט, זאל דאס זיין ביז 16 אינטשעס לאנג, 12 אינטשעס ברייט און פון פארענט נאר 3 אינטשעס הויך.

250. דערקענען דעם קאטשער. — ביי א קאטשער איז די שטימע פיעל נידעריגער ווי ביי אן ענטעל, קוים וואס מען הערט ווען ער שרייט. און אויב איהר הערט שרייענדיג מעגט איהר זיכער זיין אז דאס איז א נקבה. אויך קען מען באמערקען, אז ביי דעם קאטשער אין עק זיינען פאראן צוויי געקרייזעלטע פעדערען. געווענליך איז ביי איהם דער קאפ אביסעל גרעסער און די האלז גרעבער איידער ביי איהר.

251. פיעל ענטלאך צו איין קאטשער. — פון פיער ביז זעקס ענטלאך זיינען געווענג פאר איין קאטשער. מען קען האלטען א געוויסע צאהל ענטלער צוזאמען מיט די קאטשערס, און יעדער קאטשער וועט זיך אויסקלייבען זיינע ענטלאך.

עס איז ראטהזאם, אז צוליעב בריד זאל מען נעהמען די ענטלאך און קאטשערס וואס זיינען עלטער פון א יאהר.

252. אויסבריהען ענטלאך. — די ערשטע צוויי דוצענד אייער וואס די ענטעל לעגט זיינען ניט גוט צום אויסבריהען.

די אייער צוליעב אויסבריהען זאל מען קלייבען ניט מעהר פון איין וואך. די אייער וואס זיינען עלטער פון צעהן טעג זאל מען גאר ניט געברויכען צוליעב אויסבריהען.

ענטלעך אין אלגעמיין זיינען ניט קיין גוטע מוטערס, דעריבער איז ראטהזאם, אז מען זאל זעצען היהנער אויף ענטעלשע אייער, און ווען די ענטעלעך געהען ארוים פון די אייער זאל מען זיי באלד

צונעהמען, ווארום די הוהן קען זיי צוטרעטען ווען זי דערזעט זיי, און געפינט אויס, אז דאָס זיינען ניט קיין היהנדעלעך.

ווען א הוהן זיצט אויס די אייער באשפריצט מען די אייער מיט ווארימע וואסער אייניגע מאָל. דאָס טהוט מען נאָך דער ערשטער וואָך.

ענטלעך קען מען אויך אויסבריהען מיט א מאשין, און ווער עס וויל אויסבריהען א פּאָר הונדערט ענטלעך דאַרף ער געברויכען א מאשין. אין מאשין דאַרף זיין מעהר ווענטילאציאָן איידער צוליעב אייער פון א הוהן, ווארום די ענטעלשע אייער זיינען גרעסער און דעריבער פאָדערט זיך מעהר לופט אום עס זאָל זיך אויסטריקענען די ריכטיגע פּראָפּאָרציאָן פייכטקייט פון דעם איי, און עס זאָל בלייבען גענוג לעדיגער פּלאַץ אין דעם איי אז די ענטעלע זאָל האָבען וואו צו ארבייטען ביז זי וועט דורכפּיקען די שאָלעכץ, ביי אן ענטעלע איז דאָך דער קאָפּ און דער שנאָבעל פיעל גרעסער איידער ביי א היהנדעלע.

די צייט פון אויסבריהען די אייער פון אן ענטעל איז געוועהנליך 28 טעג. נאָר די אייער פון די מאסקאָווים קאָן געדויערען מעהר פון 30 טעג. דורכבערעכען דאָס איי געדויערט ביי דער ענטעלע פון 36 ביז 48 שטונדען.

253. אָבהיטען די קליינע ענטלאך. — די קליינע ענטעלאך האָבען זייער מורא פאַר פייכטקייט און פאַר קעלט. מען זאָל זיי ניט לאָזען אין דרויסען, ווען עס רעגענט, אָדער ווען די ערד איז באדעקט מיט טוי. קיין היץ קאָנען זיי אויך ניט איבערטראָגען, דא־ריבער זאָל מען זייער הויף צודעקען, אָדער זיי זאָלען ארומגעהן צווישען בוימער. די אויסגעבריהטע מיט א מאשין האלט מען אין ברודער פון 3 ביז 6 וואָכען, אָבהענגיג פון וועטער. אין ברודער זעצט מען זיי אין 24 שטונדען נאָכ'ן ארויסקריכען פון איי. ווען זיי ווערען אַלט א וואָך זאָל מען יעדען טאָג ארויסלאָזען זיי אין דרויסען. מען זאָל זיי אָבהיטען, אז זיי זאָלען ניט אריין אין וואסער ביז זיי ווערען באדעקט מיט פעדערען.

254. עסען פאַר קליינע ענטעלאך. — די ערשטע 36 שטונ־

דען נאָכ׳ן אויסבריהען זאָל מען זײ ניט געבען קײן עסען. װען מען פאנגט אָן צו געבען זײ עסען, זאָל מען זײן פּאָרזיכטיג, אז זײ זאָלען זיך ניט איבערעסען. דאָס עסען מוז זײן רײן און פריש, ביף סקרעפּס און גרינסען זײנען אבסאָלוט נױטיג פאר זײ. אויך א קעסטעל מיט צוריבענע קויהלען זאָל מען האלטען פאר זײ.

די ערשטע 5 טעג גיט מען זײ צוריבענעם טרוקענעם ברויט און קאָרן מיל גלײכע טײלען געמאָסטען, דערצו גיט מען אביסעל גע־האקטע הארטע אײער און אביסעל זאמד. דאָס אלעס צומישט מען מיט װאסער אָדער סקים מילך. די מעש דארף זײן שטײף, אז דאָס זאָל זיך ברעקלען. און מען גיט זײ עסען 4 אָדער 5 מאהל א טאָג פיעל זײ קאָנען אויפעסען אין 15 מינוט.

פון 5 טעג ביז 3 װאָכען אלט מישט מען 2 טײלען װײצענע קלײען, 1½ טײלען צוריבענעם האָבער, 1 טײל קאָרן מיל, 5% ביף סקרעפּס, 5% זאמד און 10% גרינסען. דערפון מאַכט מען א גע־דיכטע מעש.

פאר גרינסען קאָן מען געברויכען קלאָװער אָדער אלפאלפא הײ, לעטוס, גרינעם האָבער, אָדער גרינעם ראי (ראגען) און ד. ג. די גרינסען זאָל מען צוהאַקען אויף קלײנע שטיקעלאך און מישען מיט די מעש.

פון 3 ביז 6 װאָכען גיט מען דיזעלבע מעש װאָס ביז יעצט, נאָר די האָבער מישט מען ניט אין דער מעש.

פון 6 ביז 10 װאָכען גיט מען 2 טײלען קאָרן מיל, 1 טײל װײצע־נע קלײען, 10% ביף סקרעפּס, 5% זאמד און 10% גרינסען. דערפון גיט מען געדיכטע מעש ניט מעהר אײדער 4 מאָל אין טאָג.

אײניגע גיבען פאָלגענדע שפּײזען: די ערשטע זיבען טעג גלײכע טײלען װײצענע קלײען, קאָרן מיל און א נידעריגען סאָרט װײצענע מעהל. אויף יעדערע 10 פונט שפּײז שיט מען ארײן א פונט זאמד. מען מאַכט דערפון א פײכטע מעש און מען גיט זײ 4 מאָל אין טאָג. פון 7 טעג ביז אכט װאָכען גיט מען דיזעלבע גלײכע טײלען קלײען, קאָרן מיל און װײצענע מעהל און אויף יעדערע 10 פונט גיט מען א פונט ביף סקרעפּס, א פונט זאמד און א פונט מיט א פערטעל גרינ־

סען, נאך אכט וואכען גיט מען 2 טיילען קארן מיל, איין טייל ווייצענע קלייען, איין טייל נידעריגען סארט ווייצענע מעהל, 10% ביף סקרעפס און 12% גרינסען.

255. די שנעלקייט פון וואקסען. — ענטלאך וואקסען אין די ערשטע דריי מאנאטען זעהר שנעל. א פעקין ענטעלע, ווען 24 שטונדען אלט, וועגט זי 2 אונצען, צו 4 וואכען וועגט זי א פונט, ביי 8 וואכען 4½ און צו 12 וואכען וועגט זי ביז 6 פונט.

256. די ענטעלאך פעט מאכען. — אין פריהלינג איז א גרויסע פאדערונג אויף קליינע ענטעלאך, און עס לוינט זיך זיי צו מאכען פעט. צוויי וואכען פאר'ן פארקויפען זאל מען זיי געבען פאלגענדע שפייזען:

10 טיילען ביי מאס קארן מיל (מעהל פון קוקורוזע), 4 טיילען ווייצענע קלייען, 4 טיילען מידלינגס, 3 טיילען ביף סקרעפס, 1 טייל א נידעריגען סארט ווייצענע מעהל, 2 טיילען גרינסען, 1 טייל גראבען זאמד.

פון די אלע מעהלען זאל מען מאכען א פייכטע מעש. אויב מען קאן דאס מאכען מיט סקים מילך איז געוויס גוט.

257. קראנקהייטען און אינזעקטען — ענטלאך ליידען פון דיזעלבע קראנקהייטען ווי היהנער, און מען געברויכט דיזעלבע מיטלען. ביי קליינע ענטעלאך טרעפט, אז זיי ליידען פון אויגען וועהטאג. אלם מיטעל איז גוט אויסצואוואשען מיט ווארימע וואסער און באשמירען מיט וואזעלין, פון לייז און מייטס ליידען זיי אויך.

## קאַפּיטעל 17.

# אינדיקעס

**258. דאָס געשעפט מיט אינדיקעס.** — אינדיקעס איז שווע־
רער צו האלטען אײדער די אַנדערע עופות, ווייל זיי זיינען נאָך זעהר
ווילד. זיי האבען ליעב ארומגעהן פריי און זיינען זעהר שרעקעדיגע.
אויב מען ווייס אָבער ווי אזוי ארומצוגעהן ארום זיי, באצאָהלען זיי
זעהר גוט. אין די פאראייניגטע שטאאטען איז אויף זיי א גרויסע פאָ־
דערונג אין נאָוועמבער, ווען דער אמעריקאנער פייערט דעם דהענקס־



א בראונז אינדיק.

גיווינג דעי און מוז דערצו האָבען א שטיקעל אינדיק. א יונגער אינ־דיק קאָן אין נאָוועמבער וועגען ביז 20 פונט.

259. **שטאַמען פון אינדיקעס.** — אין אמעריקא האלט מען פאָלגענדע שטאַמען פון אינדיקעס:

די בראנזע, וועלכע האבען ניט ליעב קיין קאלטען קלימאט. אן אלטער אינדיק קאָן וועגען ביז 36 פונט און זי וועגט ביז 20 פונט.

נאראגעסטעס זיינען אויך גרויסע. ער וועגט ביז 30 פונט און זי ביז 18 פונט. זייער פלייש איז זעהר געשמאק.

די באף, וועלכע זיינען געל ווי לעדער אדער טונקעל גרויע, זיי זיינען קלענער. ער וועגט ביז 27 פונט און זי ביז 16 פונט

די ווהייט האלענד, זיינען ווייסע אינדיקעס. זייער גרויס איז ווי די באף.

260. **הייזער פאר אינדיקעס.** — דער אינדיק האָט ליעב צו זיצען אונטער א בוים, און ד. ג. מען מוז איהם אָבער צוגעוואָהנען צו א הויז, ער זאָל וויסען פון א היים. זומער איז גענוג צו האָבען פאר זיי אפלאץ, וואו זיי זאָלען נאָר זיין באשיצט פון רעגען; ווינטער דארפען זיי האָבען א הויז מיט גענוג ווענטילאציאָן. און די טיר זאָל זיין אָפען ביי טאָג

261. **עסען פאַר אינדיקעס.** — עלטערע אינדיקעס לאָזט מען ארומגעהן פריי דעם גאַנצען טאָג, און זיי זוכען זיך אָב וואָס צו עסען; נאָר פארנאכט זאָל מען זיי געבען עסען, אום זיי אָלען וועלען קומען אהיים שלאָפען. ווארום אויב זיי וועלען איינמאָל בלייבען נעכטיגען אונטער א בוים, וועלען זיי שפּעטער ניט וועלען געהן אהיים. נאָך בעסער איז, אז מען זאָל זיי צוגעוועהנען קומען אהיים צוויי מאָל אין טאָג.

ווינטער־צייט גיט מען זיי 2 מאָל אין טאָג קאָרן אָדער ווייץ. אנדערע גיבען אין דער פריה האָבער און פארנאכט ווייץ. אין דער צייט ווען זיי לעגען אייער גיבען אייניגע גלייכע טיילען: קאָרן, ווייץ און האָבער.

אינדיקעס מוזען אימער האָבען ריינע, פרישע וואסער, ווארום פון אונריינע וואסער פאלען זיי טויט.

262. די צייט צו לעגען אייער. — די אינדעטשקע פאנגט אן צו לעגען אייער אין מערץ. אין ווארימע געגענדען קאן זי אנפאנגען צו לעגען אייער פריהער. ווען זיי לעגען די אייער, שרעקען זיי זיך און בעהאלטען זיך. זיי האבען ליעב צו לעגען די אייער אין א פארבארגענעם פלאץ. זי קאן אוועק א האלבען מייל פון דער היים ביז זי געפינט אזא פלאץ. איינינע האלטען זיי פארשפארט ביז זיי לעגען די אייער, און איינינע לעגען אוועק אין דרויסען א פעסעל גוט אויסגעבעט מיט שטרוי, און זי לעגט דארט די אייער. די אייער זאל מען באלד צונעהמען פון נעסט. און מען זאל אוועקלעגען א פארפרארענעם איי. אויב דארט וועט ניט זיין קיין איי, קאן זי אוועקגעהן אין אן אנדער פלאץ לעגען די אייער. די אייער זאל מען האלטען אין קלייען, און יעדערע צוויי טעג איבערקעהרען זיי ביז דער צייט פון אויסבריהען.

אן אינדעטשקע לעגט אין סיזאן ביז 30 אייער. ווען זי לעגט א טייל פון די אייער, וויל זי זעצען זיך אויף זיי. ווען מען פארניכטעט די נעסט, וועט זי מעהר ניט וועלען זיצען, און וועט ווייטער לעגען אייער. אין דער צייט, ווען זיי לייגען אייער, זאל מען זיי געבען עסען גלייכע טיילען: קארן (קוקורוזע), ווייץ און האבער, און דערצו זאלען זיי האבען גענוג גרינס, אויסטער שעלס, געמאהלענע בייגער און גענוג וואסער.

263. אונטערשיעדען די געשלעכטע (מינים). — דער אינדיק איז שווערער אין וואג איידער די אינדעטשקע. די רויטע ארום שנאבעל איז ביי איהם גרעסער. דאס גאנצע אויסזעהן פון קאפ איז אויך אנדערש. אין א קורצער צייט קאן מען זיך אויסלערנען אונטערצושיעדען פון א זכר ביז א נקבה.

264. אינדיקעס צוליעב בריד (פארמעהרונג). — צוליעב פארמעהרונג זאל מען נעהמען געזונטע און שטארקע אינדיקעס און אינדעטשקעס און זיי זאלען ניט זיין קיינע נאהענטע פריינד צווישען זיך. זייביידע זאלען זיין עלטער פון צוויי יאהר. עלטערע אינדיקעס זאל מען פאארען מיט איינגערע אינדיטשקעס און די איינגערע אינדיקעס מיט די עלטערע אינדיטשקעס. איין אינדיק איז גענוג פאר 15

אינדיטשקעס. אויב מען האט 25 אָדער 30 אינדיטשקעס זאָל מען האבען צוויי אינדיקעס. יעדען טאג זאָל מען איינעם פארשפארען און איינעם לאָזען מיט זיי. דער ברידינג סטאק טאָר ניט זיין פעט. אויב מען באמערקט, אז זיי ווערען פעט, זאָל מען זיי געבען וועניגער קאָרן און ווייץ, און פארבייטען דאָס אויף געבריהטען האָבער. אין די ווארימערע געגענדען לאָזט מען זיי אין דרויסען.

265. אויסבריהען אינדיקעס. — אינדיקעס קאָן מען אויס־בריהען מיט א מאשין פונקט ווי היהנער. פיעל בעסער איז אָבער, אז די אינדיטשקע זאָל אליין אויסבריהען. די בעסטע צייט אויסצוזיצען איז אין ענדע מאי אָדער אָנפאנג יוני. זעצען זאָל מען זי אין א הויף וואָס איז ארומגעצאמט און אויבען צוגעדעקט. די נעסט דארף זיין 3 פוס לאנג, 2 פוס ברייט און 2 פוס הויך. זי קאָן זיצען אויף 15 אייער. איידער מען זעצט זיי, זאָל מען זיי גוט באשיטען מיט פודער וואָס פארהיט פון לייז. ווייץ און קאָרן זאָל שטעהן נעבען איהר נעסט, אז זי זאָל קאָנען עסען ווען זי וויל, אויך גרינסען זאָל מען איהר געבען, און פרישע ריינע וואסער זאָל אימער שטעהן נעבען נעסט. דער פלאץ, וואו זי זיצט, דארף זיין פאָלקאָם א רוהיגער. דאָס אויס־בריהען געדויערט פון 27 ביז 29 טעג.

אינדיקעס קאָן מען אויסבריהען מיט היהנער. א גרויסע הוהן קאָן מען זעצען אויף 9 אָדער 10 אייער. די הוהן זאָל ניט זיצען מיט אנדערע היהנער.

266. האָדעווען די קליינע אינדיקלאך.—אויסהאָדעווען גע־זונטע און שטארקע אינדיקעס איז א גאנץ שווערע זאך. אפילו די בראונז טוירקיס, וועלכע זיינען די גרעסטע און שטארקסטע, איז שווער צו ענטוויקלען אין זיי די ריכטיגע לעבענסקראפט און שטארקייט.

די קליינע אינדיקלעך זיינען זעהר עדעל און צארט, דעריבער מוז מען מיט זיי זיין זעהר פארזיכטיג. די ערשטע 36 שטונדען זאָל מען זיי לאָזען אין נעסט, און ניט געבען קיין עסען. דער קופ, אין וועל־כען מען זעצט זיי אריין, זאָל זיין גענוג הויך, ברייט און לאנג, אז זיי זאָלען קאָנען פריי ארומגעהן. דעם קופ זאָל מען שטעלען וואו עס

וואקסט גראָז, נאָר די ערד זאָל ניט זיי פייכט, ווארום פון פייכט־קייט ווערען זיי באלד קראנק. אויפ'ן דריטען טאָג, ווען זיי זיינען שוין אין קופּ, און דאס וועטער איז שעהן, קאָן מען זיי ארויסלאָזען אין הויף אויף איינינע שטונדען. נאָר ניט גאנץ פריה און ניט שפּעט פארנאכט. מען מוז זיי אָבער פערהיטען פון רעגען און טהוי ביז זיי ווערען אלט 12 וואָכען. אויב יונגע אינדיקעס ווערען פארנעצט, זאָל מען זיי באלד אריינגעהמען אין א ווארימען צימער, וואו זיי זאָלען זיך דערווארימען און אָבטריקענען. אויך זאָל מען זיי ניט לאָזען, ווען די זון ברענט שטארק, ווארום פון די שטראהלען פון דער זון פאלען זיי טויט. דעריבער איז גוט, אז דער קופּ זאָל שטעהן צווישען בוימער אָדער אין אן אנדער פּלאץ, וואו עס איז פאראַן גענוג שאטען. ארום קופּ זאָל מען אָנשיטען זאמד, און זעהן אז דער זאמד זאָל אימער זיין טרוקען. ארום קופּ זאָל מען מאכען א הויף, וואו די אינדיקלעך זאָלען קאָנען ארומלויפען. דעם הויף מאכט מען 10 פוס לאנג און 4 פוס ברייט, און מען צאמט אים ארום מיט ברעטער. דעם הויף מאכט מען, אז מען זאָל איהם קאָנען איבערטראָגען פון איין פּלאץ אויפ'ן צווייטען, ווארום עס איז וויכטיג, אז מען זאָל יעדען טאָג אָדער יעדערע צוויי טעג איבערטראָגען דעם קופּ מיט'ן צאם אין אן אנדער פּלאץ, וואו עס וואקסט גראָז, ווייל זיי מוזען האָבען פיעל גראָז.

איינע פון די געפעהרליכסטע זאכען פאר קליינע אינדיקלעך זיי־נען לייז. איידער מען זעצט זיי אין קופּ זאָל מען אויסשמירען מיט א פעטקייט די קעפּלעך, די העלזער און דעם הינטערשטען טייל פון קערפּער, און דעם גאנצען קערפּער זאָל מען באשיטען מיט א פּאודער.

267. עסען פאר קליינע אינדיקילעך. — די ערשטע 36 שטונדען נאָכ'ן אויסבריהען זאָל מען זיי ניט געבען קיין עסען. ווען מען פאנגט אָן צו געבען זיי עסען, איז גוט צו געבען 4 טיילען צו־ברעקעלטען אלט־געבאקענעם ברויט מיט איין טייל געקאָכטע הארטע אייער צוהאקט צוזאמען מיט די שאָלעכץ. פון צופיעל אייער ווערען זיי בעקומען בויך־וועהטאָג. עסען זאָל מען זיי געבען פינף מאָל א טאָג, פיעל זיי קאָנען אויפעסען אין 15 מינוט. פון אן איבעריגען

ביסען קאָנען זיי באלד אומקומען. אויך זאָל מען זיי געבען גענוג גע־האקטע גרינע גראָז, אָדער גרינע ציבעלע אָדער לעטום. אויך זאָל אי־מער שטעהן נעבען זיי אַ קעסטעל מיט צוריבענע האָלץ־קויהלען און אַ קעסטעל מיט גריט (גראָבע זאמד). אויב מעגליך זאָל מען זיי געבען זויער מילך.

קיין רויהע פלייש און קיין פרישע קעז זאָל מען זיי ניט געבען. אויך קיינע פייכטע שפייז זאָל מען זיי ניט געבען, און מען זאל זיי פערהיטען אז זיי זאָלען ניט דארפען שלינגען קיין גרויסע שטיקער.

ווען זיי זיינען שוין אַלט 2 וואָכען קען מען אָנפאַנגען געבען זיי קרעקד קאָרן, קרעקד ווייץ און דערצו גיט מען זיי די ברעקלעך ברויט מיט אייער אזוי ווי פריהער. ווען זיי זיינען אלט 6 וואָכען גיט מען זיי נור קערנער אליין ווי גאנצע ווייץ, קרעקד קאָרן אָדער האָבער אהן שאָלעכץ, ווייל די שפיצען פון האבער קאָנען זיך ארײנשטעקען אין קראפ, און דערפון זאָל ווערען אן ענטצינדונג אין קראפ. ווען זיי זיינען זעקס וואָכען אלט קען מען זיי לאָזען געהן פריי. פון צעהן וואָכען, ביז זיי ווערען פאָלקאָם רייף, גיט מען זיי 10 טיילען ווייץ, 2 טיילען האָבער און 10 טיילען קרעקד קאָרן. די פראָפּאָרציע פון דעם האָבער זאָל מען ביסלעכווייז פערגרעסערען, אז ביז צוויי וואָכען זאָל האָבער אויך זיין צעהן טיילען. זיי מוזען אימער האָבען גענוג גריט אין דער פאָרמע פון דינעם גרעוועל, אויך צוריבענע אויסטער שעלם און צוברעקעלטע האָלץ־קויהלען, און זיי מוזען האבען גענוג גרינסען אין זייער עסען. דאָס וועט זיי פארהיטען פון מאָגען קראנקהייטען.

268. אינדיקעס צוליעב פלייש. — די אינדיקעס, וואָס מען רעכענט פערקויפען צוליעב פלייש, קאָן מען לאָזען ארומגעהן פריי ביז דער צייט וואָס עס ווערט קיהלער, און דאָן זאָל מען אָנפאַנגען צו געבען זיי גלייכע טיילען: מעהל פון האָבער, פון גערשטען און פון קאָרן (קוקורוזע). די מעהל זאָל מען מישען מיט געקאָכטע מעהרען אָדער פּאָטייטאָס, נאָר די מעש דארף זיין גערדיכט. אויב מעגליך זאָל מען ארײנמישען סקים מילך. דערפון וועט די פלייש פיעל גע־שמאַקער זיין. זיי דארפען עסען די מעש דריי מאָל אין טאָג, יעדער טאָג אין דער זעלבער צייט. פון אָנפאַנג זאָל מען זיי געבען צוביסלעך

עסען, און וואס ווייטער אלץ מעהר, ביז מען גיט זיי פיעל זיי קאנען אויפעסען. פאר נאכט גיט מען זיי: ווייץ, האבער און קארן געמישט. פון קארן אליין קלייבט זיך די פעטקייט נאר אונטערן הויט און די גאנצע פלייש בלייבט ניט פעט.

269. **קראנהייטען פון אינדיקעס.** — אינדיקעס לײדען אמ־מיינסטען פון דיזעלבע קראנקהייטען ווי היהנער, און מען געברויכט דיזעלבע מיטלען. א ספּעציעלע קראנקהייט, פון וועלכע אינדיקעס לײדען, איז דאס וואס מען רופט בלעק העד. דאס מיינט א שוואר־צער קאפ ווייל דער קאפ ווערט אין גאנצען שווארץ. די קראנקע בע־קומט א שוואכען מאגען האט ניט קיין אפּעטיט צום עסען, און געהט ארום ארבגעלאזען די פליגלען. די קראנקהייט נעהמט זיך פון אזא באקטעריע און איז אנשטעקענד. פיעל מאהל קומט די קראנקהייט פון די אייער וואס מען האט אויסגעבריהט. דעריבער זאל מען נעהמען אייער צוליעב אויסבריהען פון אזעלכע אינדיטשקעס, וואס מען איז זיכער, אז זיי האבען קיין מאל ניט געליטען פון דיעזער קראנקהייט. אלס א מיטעל צו בלעק העד גיט מען א פּאודער (פּא־ראשאק) צוזאמענגעשטעלט פון 10 גריין סאלפאר, איין גריין סאל־פייט או אייראן און איין גריין סאלפייט או קווינין. דאס דארף מען איינגעבען עטליכע מאל אין טאג.

## קאפיטעל 18.

# טויבען (פידזשענס)

270. **דאס געשעפט מיט טויבען.** — טויבען האלט מען איבערהויפט צוליעב די פלייש פון די יונגע, ווי מען רופט זיי אין ענגליש „סקוועבס". געוועהנליך פערקויפט מען זיי ווען זיי זיינען פיער וואכען אלט. ווען א דוצענד וועגט פון 8 ביז 12 פונט לייזט מען פון 50 סענט ביז א דאלאר פאר א פאאר. אויב זיי וועגען וועניגער פון אכט פונט לייזט מען פיעל ביליגער. א פאאר גוטע טויבען, דאס הייסט איין „ער" און א „זי" קענען אין א יאהר האבען פון 5 ביז 10 פאאר טייבעלעך. דאס עסען דארף קאסטען פון א דאלאר ביז 1.20 א יאהר פאר א פאאר. אייניגע בעשעפטיגען זיך מיט די טויבען, וואס מען האלט צוליעב שעהנקייט און פליהען. פאר אזעלכע טויבען נעהמט מען פון 10 ביז 100 דאלאר פאר א טויב. טויבען קען מען האלטען ביז זעקס אדער זיבען יאהר אלט, נאר וואס אינגער זיינען זיי בעסער. דער אנפאנגער דארף נאר זעהן קויפען פון א זיכערען פלאץ גוטע, געזונטע, גוט געפארטע און האלטען זיי אין דעם ריכטיגען פלאץ און אבהיטען וועלען זיי געוויס גוט בעצאהלען.

271. **שטאמען פון טויבען.** — די האמערס רעכענען זיך די בעסטע צוליעב סקוועבס, דאס הייסט פערקויפען קליינערהייט צוליב פלייש. זיי זיינען שטארקע און גוט צום אויסבריהען. פון א פאאר קען מען האבען פון 7 ביז 12 פאאר סקוועבס א יאהר. די סקוועבס קען מען פערקויפען ווען זיי זיינען פון 25 ביז 28 טעג אלט. זייער פלייש איז ווייס. די האמערס זיינען פערשידענע קאלירען. האמערס זיינען פאראן די אמעריקאן אנטווערפס, ווהייט דזשווירמען און בעלדזשיען.

די דראגיגס זיינען די צווייטע פון האמער צוליעב סקוועבס. אויב די האמערס זיינען טייער, קאן מען פּאָרען די האמערס מיט די הראגונס און האבען גוטע רעזולטאטען.

די דאטשעס זיינען פיעל ערגער פון די האמער, זיי האבען פעדערען אויף די פיס, עס איז ניט גוט צוצוגרייטען זיי געקוילעטע און פערקויפען די פלייש.

די ראונס זיינען די גרעסטע טויבען, נאר זיי האבען ווענינ סקוועבס. זעלטען מעהר פון פיער פּאָר א יאהר. אויב מען פּאָרט זיי מיט האמערס איז די פלייש דונקעל.

272. הייזער פאר טויבען. — דער פלאץ פאר דעם הויז זאל זיין א טרוקענער, און זאל זיין מיט'ן פראנט צו דער סאוט (דרום זייט) אדער צו איסט (מזרח). דאס הויז זאל זיין פערשטעלט מיט ביימער אדער מיט א געביידע צו פארהיטען פון ווינטען. עס איז גוט, אויב מען האט נאהענט פון הויז א לויפענדיגע וואסער, ניט קיין טיעפע.

עס איז מעהר עקאנאמיש צו בויען א לאנגע הויז און צוטהיילען אויף צימערען. מעהר פון 50 פּאָר זאל מען ניט האלטען אין איין צימער, און ניט מעהר ווי 5 אזעלכע צימערען זאלען זיין אין איין הויז. דאס הייסט איין הויז איז גוט פאר 250 פּאָר. מען בויט א הויז 40 פוס לאנג און 12 פוס ברייט און 9 פוס הויך, אין די נארד (צפון) זייט לאזט מען 3 פוס פאר א דורכגאנג, און מען צוטהיילט די לענג אויף 5 צימערען, דאס הייסט, אז יעדער צימער זאל זיין 8 פוס לאנג און 9 פוס ברייט. צווישען איין צימער און צווייטען מאכט מען ווענטלעך פון ברעטער, און דער זייט וואס פון צימער צום דורכגאנג איז פון ווייער (דראט).

דער פלאר (פוס באדען) פון הויז דארף זיין העכער פון דער ערד און גוט צוזאמענגעבונדען, אז פון אונטען זאל קיין ווינד ניט נוקומען. אין אלגעמיין דארף מען די טויבען פערהיטען פון צוג-ווינטען, אבער זיי מוזען האבען אימער גענוג פרישע לופט. אויך דארף מען זיי פארהיטען פון מייז, וועלכע טהוען אן פיעל שאדען. דער פלאר מוז אימער זיין באדעקט מיט אן איגטש גראב זאמד-

און אמוועניגסטען צוויי מאל אין יאהר זאל מען קאלכען דאס הויז. א נייע הויז דארף מען אויך קאלכען איידער מען לאזט אריין די טויבען. רייניגען מוז מען איין מאל אין וואך.

273. די נעסטען. — אין יעדען צימער מאכט מען צו 60 נעסטען פוןביידע זייטען נעבען די פארטישאנס (וועגטלעך), דאס הייסט, אז אין יעדען פון די אויבענדערמאנטע צימערען וועלען זיין 120 נעסטען, צו 2 נעסטען פאר יעדער פאאר און 20 נעסטען עקסטרא. די אונטערשטע נעסטען דארפען זיין העכער פון דער ערד. יעדער נעסט דארף זיין 9 אינטשעס הויך, 12 אינטשעס אין דער לענג און 12 אין דער ברייט. דעם פלאר פון נעסט דארף מען קענען ארויסנעהמען. די נעסטען מוז מען גוט רייניגען יעדערע צוויי מא־נאטען.

צו צוויי נעסטען פאר יעדער פאאר דארף מען האבען, ווייל עס טרעפט, אז איידער מען קען פערקויפען די סקוועבס, פאנגט זי אן ווייטער צו לעגען אייער, דעריבער מוז זי האבען נאך א נעסט. אין נעסט שטעלט מען א קעסטעלע, אין וועלכער מען שטעלט אריין אזא שיסעלע, וואס איז פון 7 ביז 9 אינטשעס אין דיאמעטער און 2 אדער 1½ אינטשעס טיעף. אין נעסט זאל מען אריינשיטען עטוואס געזיפטע קאלך. נאר ווען די יונגע געפינען זיך דארט זאל מען ניט שיטען קיין קאלך.

274. הויפען צו די הייזער. — צום הויז מאכט מען א פלייר־אינג, דאס הייסט א הויף, וואו זיי זאלען קענען ארויספליהען. דעם הויף מאכט מען 32 פוס לאנג און 9 פוס הויך, און פאר יעדען צימער מאכט מען א בעזונדער הויף. דער הויף איז ארומגעצאמט פון אויבען און פון די זייטען מיט ווייער נעטינג (געוועבטע דראט). די ווייער נעטינג שלאגט מען צו צו פאסטס וואס זיינען 3 אינטשעס ברייט און 2 אינטשעס גראב. צו די פאסטס שלאגט מען אינוועניג צו ברעט־לעך, אז די טויבען זאלען האבען וואו צו זעצען זיך. פון יעדען צימער עפענט זיך א טהירעל צום הויף. דאס טהירעל איז 3 אינטשעס ברייט, 4 אינטשעס הויך און פון אויבען מאכט מען קיילעכדיג. פון ביידע זייטען פון טהירעל מאכט מען א ברעט 6 אינטשעס ברייט,

אז זיי זאָלען האָבען וואו צו אָברוהען. ווען דאָס וועטער איז קאַלט פערמאַכט מען די טהירעל. דעם הויף זאָל מען בעשיטען מיט דינע זאַמד פיער אינטשעס דיק. פיער מאָל אין יאָהר זאָל מען גוט ריי־ניגען דעם הויף.

275. באָדען זיך. — די טויבען מוזען האָבען אַ פּלאַץ וואו צו באָדען זיך, זומער אַמווייניגסטען איין מאָל אין צוויי טעג, און ווינטער נאָר ווען דאָס וועטער איז שעהן. צוליעב באָדען זיך שטעלט מען אין אַ ווינקעל פון הויף אַ וואַנע (באַטה) 2½ פוס לאַנג און 2½ פוס ברייט און 3 אינטשעס טיעף. די וואַנע שטעלט מען אַריין אין אַ הילצערנער באָקס (קעסטעל). נאָכ'ן באָדען זאָל מען איבער־קעהרען די וואַנע, אום זיי זאָלען ניט טרינקען דאָס וואסער, ווייל דאָס איז שעדליך.

276. עסען פאַר טויבען. — די הויפּט שפּייזען פאַר טויבען זיינען פאָלגענדע: קרעקד קאָרן, פון וועלכע מען זיפּט אויס די מעהל, ווייץ, קענעדער פּיז, דזשווירמען מילעט, קעפיר קאָרן, און העמפּ (קאַנאַפּלעס). אין דער פריה קען מען זיי געבען גלייכע טיילען: קרעקד קאָרן, ווייץ און פּיז, און פאַר נאַכט גיט מען גלייכע טיילען קרעקד קאָרן, קעפיר קאָרן, מילעט און פּיז; און צוויי מאָל אין וואָך גיט מען העמפּ אַנשטאַט מילעט. אייניגע גיבען ווינטער 2 טיילען קאָרן און נאָר 1 טייל ווייץ, און זומער 2 טיילען ווייץ און נאָר איין טייל קאָרן. פון ווייץ און קאָרן אַליין קען מען ניט ערוואַרטען קיינע גוטע רעזולטאַטען. פון ווייץ אַליין בעקומען די סקוועבס אַ שוואַכען מאָגען און זיינען מאָגער. צופיעל מילעט אָדער העמפּ איז אויך אומגעזונד. נייע ווייץ און קאָרן זאָל מען זיי ניט געבען ביז עס געהן ניט דורך אייניגע מאָנאַטען נאָכ'ן אַראָפּנעהמען פון פעלד. עסען זאָל מען זיי געבען אימער אין דער זעלבער צייט. זומער גיט אין דער פריה 6 אַ זייגער און ווינטער 7 אַ זייגער, און פאַר נאַכט זומער 4 און ווינטער 3 אַ זייגער. ווען מען דאַרף זיי געבען עסען זאָל מען אַריינגעהן שטיל און אַוועקגעהן באַלד. עסען זאָל מען זיי אימער געבען נאָר אין הויז. אין יעדען צימער האַלט מען אַ טראָף (קאָריטאַ) 4 פוס לאַנג, 10 אינטשעס ברייט און 1 אינטש מיט אַ

האלב טיעף. דריי קווארט שפייז צו יעדען מאָל איז גענוג פאר 50 פּאָאר. אין בעזונדערע קעסטלעך זאָל שטעהן דינע זאַלץ, דינע אויסטער שעלס און האַלץ־קויהלען צומאָהלענע ווי קאַפּע. די אַלע כלים זאָל מען גוט רייניגען איין מאָל אין וואָך. וואסער צוליעב טרינקען זאָל מען האַלטען אין פאונטיינס. יעדען אין דער פריה פאַר׳ן עסען זאָל מען אויסרייניגען די פאונטיינס און אַנגיסען פריי־שע וואסער. זומער זאָל מען אַנגיסען פרישע וואסער צוויי מאָל אין טאָג. איין מאָל אין וואָך זאָל מען די פאונטיינס וואשען מיט וואַ־סער, אין וועלכע מען מישט אריין 10 טראָפּען קארבאָליק עסיד.

277. **דערקענען דאָס געשלעכט.** — ביי טויבען איז שווער צו אונטערשידען צווישען דעם זכר און דער נקבה. מען זאָגט, אַז, אויב מען נעהמט דעם שנאָבעל פון אַ טויב אין איין האַנד און די פיס אין דער אנדער האנד, איז אויב דאָס איז אַ זכר (ער) וועט ער האַלטען דעם עק פעסט צוגעקוועטשט צום קערפּער, און אויב דאָס איז אַ נקבה (זי) וועט זי פּערררייסען דעם עק ארויף. ווען זיי זיינען ביידע צוזאַמען קען מען באַמערקען, אַז דער זכר לאַשטעט זיך און דרעהט זיך ארום מעהר פון איהר.

278. **דאָס פּאָאָרען און אויסבריהען פון טויבען.** — דאָס פאמיליען לעבען צווישען טויבען איז זעהר פיין. ער לעבט נאָר מיט איין טויב, און אין דערצייט פון אויסבריהען געהט זי יעדען טאָג אַראָב פון די אייער, און ער פערבייט זי, און זיצט אויף די אייער פיער שטונדען אין טאָג. מען דאַרף נאָר זעהן, אַז יעדער איינער זאָל האָבען זיין פּאָאר, אויב ניט, וועט ער זיך ארומרייסען מיט די אַנדערע און שטערען זיי. נייע טויבען זאָל מען ניט אריינלאָזען אין ברידינג רום ביז יעדערער וועט זיך אויסגעפינען זיין פּאָאר. צוליעב דיעזען צוועק איז גוט צו האָבען אַ באַזונדער צימער, וואָס מען רופט „מייטינג רום". ווען אַ טויב שטאַרבט, זאָל מען איהם נעהמען אין דיעזען צימער, וואו ער וועט זיך אויסקלייבען אַן אַנדערע.

אַ טויב לעגט נאָר צוויי אייער און בריהט זיי אויס. דאָס אויס־בריהען געדויערט פון 16 ביז 18 טעג.

279. **די קליינע טייבעלעך.** — טייבעלעך זיינען זעהר הילפלאָז. זיי קענען ניט ארומגעהן, דעריבער מוזען זיי זיצען אין נעסט, און די ערשטע פינף אָדער זעקס טעג לעבען זיי נאָר מיט די מילך, וואָס געפינט זיך ביי די עלטערען אין קראָפּ, ביי איהם אַזוי גלייך ווי ביי איהר, און זיי ביידע לאָזען אַריין די מילך פון זייער מויל גלייך די טייבעלעך אין מויל אַריין. ווען זיי ווערען אַלט 5 אָדער 6 טעג פאנגען אָן די עלטערען אַריינלעגען די טייבעלעך אין מויל אַנדערע שפּייזען. ווען איינע וואַקסט שלעכט, קען מען איהר געבען ברויט אָדער קערנער איינגעווייקט אין וואַסער, אָדער מען זעצט זי אריין צו איין אנדער פּאָאַר, וועלכע האָבען נור איין סקוועב. די יונגע פערבלייבען אין נעסט ביז זעקס וואָכען, נאַכהער זעצט מען זיי אַריין אין מייטינג רום ביז יעדערער זוכט זיך אָב זיין פּאָאר און דאַן זעצט מען זיי אַריין אין זייער נעסט. ווען זיי זיינען צוויי אָדער דריי וואָכען, קען טרעפען, אז די מוטער זאָל זיך ווייטער זעצען אויף אייער און דער פאָטער גיט אַכטונג אויף די קליינוואַרג.

280. **די פליירס.** — פלייערס מיינט עס די טויבען, וואָס מען לערענט אַרומפליהען ווייט און קומען צוריק. די האָמערס קען קען מען אָנפאַנגען לערנען פליהען. ווען זיי זיינען אלט ארום פינף מאָנאטען. מען זעצט זיי אריין אין א בעסקעט, און מען פיהרט זיי אוועק א מייל פון דער היים און מען לאָזט זיי פריי, וועלען זיי אליין קומען אהיים. וואָס עלטער זיי ווערען קען מען זיי לאָזען אליין ווייטער. ווען זיי קומען צוריק זאָל זיין פאר זיי צוגעגרייט א גוטע מאָהלצייט אלס בעלוינונג פאַר'ן קומען.

281. **פערקויפען געקוילעטע.** — אויב מען וויל פערקויפען די סקוועבס געקוילעטע, זאָל מען זיי פליקען ווען זיי זייגען נאָך ווארעם. און באַלד אַריינלעגען אין אייז־וואַסער, און לאָזען איבער נאַכט אין דעם וואַסער. ווען מען פיהרט זיי צום פערקויפען זאָל מען פּאַקען אין באקסעס און איבערלעגען מיט אייז.

282. **קראַנקהייטען און אינזעקטען.** — די טויבען ליידען פון אַ קראַנקהייט, וואָס מען רופט „גאָאינג לייט". די קראַנקע ווערט שוואך און מאָגער, און אָפט האָט זי א שוואכען מאָגען. דאָס קומט

פון אונריינע אָדער זויערע שפּייז, פון עסען צופיעל ווייץ, אָדער ווען זי עסט נייע קערנער. אַלס אַ מיטעל דערצו איז גוט סוויט פערן טי, מען גיסט אַריין אַ קאָפּי טע אין גאַלאָן וואסער צום טרינקען. אויב די מיסט איז קלעפּיג איז גוט צו נעהמען אַ דרעם קריאָזאָט און צו־מישען מיט צוויי אונסעס קאָד ליווער אויל. אויב זי פאנגט אָן צו אַטהעמען שווער און עפּענט אָפּט דעם מויל זאָל מען זיי בעסער קוילען. פון רופּ איז אַ גוטער מיטעל אויסצוואַשען די נעזליכער און אריינשפּריצען צו 2 טראָפּען קעראָסין אין די נאָזלעכער. טויבען ליידען זעהר פיעל פון לייז, איבערהויפּט זומער צייט, דעריבער זאָל מען זעהן פערהיטען זיי.

# ביילאַגע

283. **מעהר איינצעלהייטען וועגען עסען.** — ווען מיר ווילען האָבען א ריכטיגען באַגריף וואָס צו געבען עסען מוזען מיר געדענקען פאָלגענדע זאַכען:

א. **דאָס וואַסער**, וואָס געפינט זיך אין די שפּייז שטאָפען, גיט נאָר צו א געשמאַקייט צום עסען, אָבער דאָס שפּיעלט ניט קיין גרעסערע ראָליע איידער דאָס וואַסער וואָס מען טרינקט. דעריבער, ווען מען דאַרף געבען א געוויסע וואָג שפּייז וואָס דער קערפּער פאָ־דערט, מוז מען רעכענען נאָר דעם טרוקענעם טייל וואָס די שפּייז ענטהאַלט.

ב. **די פערדייהליכקייט פון די שפּייז** שפּיעלט אויך א גרויסע ראָלע. יעדע שפּייז ענטהאַלט אין זיך א טייל, וועלכער ווערט ניט איבערגעקאָכט אין מאַגען, און געהט ארויס פון קערפּער, אַלס מיסט. דיעזער טייל פון די שפּייז איז אויך נויטיג צוליעב דעם געזונט פון קערפּער, אום דער מאַגען זאָל האָבען גענוג אַרבייט; אָבער מיר מוזען האָבען אין זינען, אז דאָס עסען זאָל ענטהאַלטען גענוג פערדייהונגסאַרטיגע שפּייז, וועלכע מוז בלייבען אין קערפּער.

ג. **ניוטריטיוו ריישא** מיינט די פּראָפּאָרציע פון די פּראָ־טיין אין פערגלייך מיט די קארבאהיידריים און פעטס, וועלכע גע־פינען זיך אין שפּייז שטאָפען. אזוי ווי די קארבאהיידריידס און די פעטס שפּיעלען איין ראָליע, צו געבען דעם קערפּער וואַרימקייט און ענערגיע דאַרף מען זיי רעכענען צוזאַמען; און אזוי ווי א פונט פעטס האָט די ווירקונג ווי 2¼ פונט קארבאהיידריידס, דאַרף מען דאָבלען דעם פּראָצענט פון די פעטס אויף 2¼ און צוזאַמענ־לעגען מיט דעם פּראָצענט פון די קארבאהיידריידס, און דיזע סומע צוטיילען אויף דעם פּראָצענט פון די פּראָטיין. וועט עס באַווייזען מיט פיעל מאָל איז די קארבאהיידריידס צוזאַמען מיט די פעטס מעהר פון די פּראָטיין, צום ביישפּיעל, קאָרן (קוקורוזע) ענטהאַלט

אין זיך 10.4% פּראָטיין, 70.3% קארבאהיידריידס און 5% פעטס. נעהמט מען די 5% און מען דאַבעלט אויף 2¼, וועט עס זיין 11.25. דערצו לעגט מען צו די 70.3 קארבאהיידריידס וועט עס זיין 81.55 און יעצט צוטיילט מען די 81.55 אויף 10.4 (דעם פּראָצענט פון די פּראָטיין), וועט עס זיין בּיינאהע 7.9 (זיבען מיט ניין צעהנטעל). דאָס ווערט באוויזען אויף פאָלגענדען אופן: 1:7.9, און דאָס ווערט אָנגערופען די ניוטרייטיוו ריישאָ, דאָס מיינט אַז די קארבאהיידריידס מיט די פעטס איז בּיינאַהע אַכט מאָל אַזוי פיעל ווי די פּראָטיין.

ד. בּעלענסד ריישאָן מיינט אַז מען זאָל געבען עסען פערשיעדענע שפּייזען, אום די פּראָטיין זאָל זיין פּראָפּאָרציאָנעל צו די קארבאהיידריידס און פעטס. צום ביישפּיעל, פאַר היהנער צוליעב פעט מאכען דאַרף מען א נוטרייטיוו ריישא 1:7.5, דאָס מיינט, אַז די קארבאהיידריידס מיט די פעטס דאַרפען זיין 7½ מאָל מעהר פון די פּראָטיין; און פאַר היהנער, וועלכע לעגען אייער, דאַרף מען אַ ניוטריטיוו ריישאָ פון 1:4.8, דאָס הייסט, אַז די קארבאָהיידריידס מיט די פעטס זאָלען זיין ווייניגער פון פינף מאָל איידער די פּראָטיין; און, אויב אַזעלכע היהנער וועלען עסען נאָר קאָרן (קוקורוזע), וועלכער האָט אַ ניוטריטיוו ריישא פון 1:7.9, וועלען די היהנער ניט לעגען קיינע אייער, דעריבער מוז מען צום קאָרן געבען אנדערע שפּייזען וועלכע זיינען רייך אין פּראָטיין.

284. אַ טאַבעלע פון שפּייז שטאָפען. מיר גיבען דאָ א טאַבעלע פון די מער געוועהנליכע שפּייז־שטאָפען, וועלכע מען געברויכט פאַר עופות. אין דעם ערשטען קאָלום איז באוויזען וויפיעל פונט וואַסער עס געפינט זיך אין 100 פונט שפּייז, אין צווייטען קאָלום איז בעוויזען וויפיעל פונט פּראָטיין איז אין 100 פונט שפּייז, אין דריטען קאָלום איז באַוויזען די קארבאהיידריידס, אין פערטען — די פעטס, אין פינפטען — די אַש, דאָס מיינט די מינעראַלען, און אין זעקסטען — די ניוטרייטיוו ריישא, דאָס מיינט, מיט וויפיעל מאָל איז די קארבאהיידריידס צוזאַמען מיט די פעטס מעהר פון די פּראָטיין.

## נעמען פון שפייז־שטאָפען

| | וואַסער | פּראָטעין | קאַרבאָ־הידראַטן | פעטס | מינעראַלן | נוטריטיווע ראַציאָ |
|---|---|---|---|---|---|---|
| **קערנער** | | | | | | |
| ווייץ | 10.5 | 11.9 | 71.9 | 2.1 | 1.8 | 1:6.3 |
| ראי — ראגען — | 11.6 | 10.6 | 72.5 | 1.7 | 1.9 | 1:7.2 |
| גערשטען | 10.9 | 12.4 | 69.8 | 1.8 | 2.4 | 1:6 |
| האָבער | 11. | 11.8 | 59.7 | 5.0 | 3.0 | 1:6.1 |
| קאָרן (קוקורוזע) | 10.9 | 10.4 | 70.3 | 5.0 | 1.5 | 1:7.9 |
| סווים קאָרן | 8.8 | 11.6 | 66.8 | 8.1 | 1.9 | 1:7.5 |
| אַרבעס | 13.4 | 22.4 | 52.6 | 3. | 2.4 | 1:2.4 |
| סאָנפלאַוערס | 8.0 | 13.0 | 23.9 | 23.6 | 3. | 1:6.3 |
| מילעט (פּראָסא) | 13.5 | 12.7 | 58. | 3.3 | 3. | 1:5.3 |
| באָקהוויט | 12.6 | 10. | 64.5 | 2.2 | 2.0 | 1:7 |
| פלעקס סיד (זאָמען) | 11.8 | 21.7 | 19.6 | 35.6 | 3.4 | 1:5 |
| העמפּסיד (קאַנאַפּלעס) | 8.0 | 10.0 | 45.0 | 21.0 | 2.0 | 1:9.7 |
| **ביי־פּראָדוקטען** | | | | | | |
| אויל מעהל | 10.1 | 33.2 | 38.4 | 3.0 | 5.7 | 1:1.4 |
| גלוטאַן מעהל | 9.6 | 29.4 | 52.4 | 6.3 | 0.7 | 1:2.3 |
| ווייצענע קלייען | 11.9 | 15.4 | 53.9 | 4.0 | 5.8 | 1:4.1 |
| ווייצענע מידלינגס | 12.1 | 15.6 | 60.4 | 4.0 | 3.3 | 1:4.7 |
| באָקהוויט קלייען | 14.0 | 17.1 | 46.4 | 4.4 | 3.4 | 1:3.3 |
| באָקהוויט מידלינגס | 13.2 | 28.9 | 41.9 | 7.1 | 4.8 | 1:2.1 |
| אַלפאַלפאַ מעהל | 11.00 | 14.0 | 37.0 | 2.0 | --- | 1:3.3 |
| האָבערנע מעהל | 7.9 | 14.7 | 67.4 | 7.1 | 2.0 | 1:5.8 |
| האָבערנע קלייען | 7.7 | 7.1 | 57.9 | 2.3 | 3.7 | 1:8.9 |
| האָבערנע מידלינגס | 9.2 | 20.0 | 56.2 | 7.6 | 3.2 | 1:3.7 |
| גריבענע האָבער | 8.4 | 15.0 | 66.6 | 7.5 | 1.9 | 1:5.7 |
| ברואיערס גריין (טרוקענע) | 8.2 | 19.9 | 51.7 | 5.6 | 3.6 | 1:3.3 |
| מאַלט ספּראַוטס | 10.2 | 23.2 | 48.5 | 1.7 | 5.7 | 1:2.3 |

| נעמען פון שפּייז־שטאָפען | וואַסער | פּראָטעין | קאַרבאָ־הידראַטן | פעטס | מינעראַלן | נוטריטיווע ראַציאָ |
|---|---|---|---|---|---|---|
| קאַטאָן סיד מעהל | 8.2 | 42.3 | 23.6 | 13.1 | 7.2 | 1:1.3 |
| אַלט־געבאַקען ווייץ־ברויט | | 6.9 | 44.2 | 0.5 | | 1:6.6 |
| ביט פּאַלפּ (פרישע) | 90.0 | 1.2 | 6.2 | 0.1 | 0.4 | 1:5.4 |
| **היי** | | | | | | |
| קלאָווער (רעד) | 15.3 | 12.3 | 38.1 | 3.3 | 6.2 | 1:3.7 |
| קלאָווער (הווייט) | 9.7 | 15.7 | 39.3 | 2.9 | 8.3 | 1:2.9 |
| אַלפאַלפאַ היי | 8.4 | 14.3 | 42.7 | 2.2 | 7.4 | 1:3.4 |
| טימאַטהי היי | 13.2 | 5.9 | 45.0 | 2.5 | 4.4 | 1:8.7 |
| **גאָרטענוואַרג** | | | | | | |
| קרויט | 90.5 | 2.4 | 3.9 | 0.4 | 1.4 | 1:2 |
| בוריקעס (מענגעלס) | 90.9 | 1.4 | 5.5 | 0.2 | 1.1 | 1:4.3 |
| מאַירניפּ | 90.5 | 1.1 | 6.2 | 0.2 | 0.8 | 1:6 |
| פּאָטייטאָס | 78.9 | 2.1 | 17.3 | 0.1 | 1.0 | 1:8.3 |
| לעטוס | 95.9 | 1.0 | 1.6 | 0.2 | 0.8 | 1:2.1 |
| בלעטער פון בוריקעס | 90.0 | 1.3 | 2.3 | 0.3 | 0.1 | 1:2.3 |
| פעדערען פון ציבעלע | 91.0 | 0.8 | 3.0 | 0.2 | 0.1 | 1:2.7 |
| מעהרען | 88.6 | 1.1 | 7.6 | 0.4 | 1.0 | 1:7.8 |
| פּאָמפּקינס | 93.3 | 0.9 | 3.9 | 0.1 | 0.6 | 1:4.6 |
| **פרוכטען** | | | | | | |
| עפּעל | 84.1 | 0.2 | 14.3 | 0.3 | 0.2 | 1:75 |
| בארען | 80.9 | 1.0 | 15.7 | 0.5 | 0.5 | 1:17 |
| פּיטשעס | 89.4 | 0.7 | 5.8 | 0.1 | 0.4 | 1:8.6 |
| פלוימען | 78.4 | 1.0 | 20.11 | — | — | 1:20 |

נעמען פון שפּייז־שטאָפען

| פלייש און מילך פּראָדוקטען | וואַסער | פּראָטיין | קאַרבאָ־ הײדרײדס | פעטס | מינעראַלען | ניוטריטיוו ־רײשא |
|---|---|---|---|---|---|---|
| ביף סקרעפּס | 1.3 | 58.0 | — | 32.9 | 8.0 | 1:1.4 |
| גרינע ביינער | 6.9 | 22.3 | — | 16.5 | 24.5 | 1:1.8 |
| פיש סקרעפּס | — | 34.0 | — | 6.5 | — | 1:0.4 |
| טרוקענע בלוט | 6.7 | 65.1 | 5.3 | 16.3 | 6.6 | 1:0.6 |
| מעהל פון בלוט | 9.6 | 74.1 | 8.8 | 2.1 | 3.8 | 1:0.2 |
| מילך | 87.2 | 3.6 | 4.8 | 3.7 | 0.7 | 1:4 |
| סקים מילך | 90.6 | 3.3 | 5.2 | 0.2 | 0.7 | 1:2 |
| בוטער מילך | 90.1 | 4. | 4.0 | 1.0 | 0.7 | 1:1.6 |
| הוועי (סראוועטקע) | 93.8 | 0.6 | 5.1 | 0.1 | 0.4 | 1:8.5 |
| קעז | 34.4 | 23.7 | 1.7 | 36.9 | 3.4 | 1:4 |

285. **די מיסט פון היהנער.** — די מיסט, וואָס די הוהן לאָזט איבער נאַכט אין היהנער הויז, קאָן זיך אָנקלייבען 40 פונט אין אַ יאָהר. דאָס הייסט, אַז פון 50 היהנער קאָן מען האָבען אַ טאָן מיסט, און דאָס ענטהאַלט אין זיך ביז 30 פונט נייטראַדזשען, 20 פונט פאָספאָריק עסיד און 18 פונט פּאָטאַש. דאָס איז בײנאַהע ווערט דריי מיט אַ האַלבען מאָל אַזוי פיעל וויפיעל געוועהנליכע מיסט. די מיסט פון היהנער טריקענט זעהר שנעל, און זומער קאָן איז אַ גאַנץ קורצער צייט אויסטריקענען צוויי דריי־טעל פון דער וואָג, און דערביי זאָל פערלאָרען געהן אַ העלפט פון די נייטראָדזשען. צו פּאַרהיטען דעם פערלוסט דאַרף מען די מיסט מישען מיט ערד, מיט עסיד פאָספּייט, מיט קייניט, מיט מיוריאַייט און פּאָטאַש אָדער לענד פּלעסטער. די בעסטע זאַך, אַז מען זאָל גע־ברויכען איינינגע פון דיעזע זאַכען צוזאַמען געמישט. די מעין עקס־פּירימענט סטיישאָן האָט געברויכט אויף יעדערע 30 פונט מיסט 16 פונט עסיד פאָספּייט, 8 פונט קייניט און אָנשטאָט ערד האָט מען געמישט 10 פונט טרוקענע סאָודאָסט (אָפּילקעס פון האָלץ). די

מעסעטשוזעטס עקספּערימענט סטיישאַן רעקאָמענדירט, ווען עס איז ניטאָ קיין קייניט, זאָל מען אויף יעדערע 100 פונט מיסט מישען 60 אָדער 70 פונט טרוקענע דינע ערד און 20 פונט עסיד פאַספּייט, אויב מען וויל די מיסט געברויכען פאַר אַ פעלד וואו עס וואַקסט גראַז. אויב מען וויל אָבער די מיסט געברויכען צוליעב גאָרטענוואַרג אָדער קאָרן (קוקורוזע) זאָל מען אויף 100 פונט מיסט געבען 50 פונט עסיד פאַספּייט.

די מיסט זאָל מען האַלטען צוגעדעקט, אַז קיין רעגען זאָל דאָס ניט נעצען. מיט די מיסט זאָל מען קיין מאָל ניט מישען קיין לאַים (קאַלך) און ניט קיין אַש פון האָלץ, ווייל פון דיביידע זאַכען וועט פאַרלאָרען געהן די נייטראַדזשען פון די מיסט. די זריעה (סיד) און די יונגע וואָרצלען פון פלאַנצונגען זאָלען ניט קומען אין בעריהרונג מיט היהנערשע מיסט, ווייל זיי קאָנען פאַרבערענט ווערען. דע־ריבער דאַרף מען די מיסט גוט אויסמישען מיט דער ערד, אָדער שפּרייטען ווייטער פון די פלאַנצען.

286. פיעל טעג געדויערט דאָס אויסבריהען פון פער־שיעדענע עופות.

היהנער דורכשניטליך 21 טעג.

בענטאַמס און אנדערע קליינע סאָרטען 19 ביז 20 טעג.

אינדיקעס פון 27 ביז 29 טעג.

ענטליך געוועהנליך 28 און די מאָסקוויטעס (ענטליך) ביז 35 טעג.

גענז פון 27 ביז 33 טעג, דורכשניטליך 28 טעג.

טויבען פון 16 ביז 20 טעג, געוועהנליך 17.

גיני הען פון 28 ביז 30 טעג, געוועהנליך 26 טעג.

פּעזענטס, 24 אָדער 25 טעג.

אָסטריטשעס 40 אָדער 42 טעג.

אָנמערקונג. — דער אונטערשיעד אין דער צייט פון אויס־בריהען איז אָבהענגיג פון דעם סאָרט עוף. דיזעלבע עוף נאָר פון איין אנדער שטאַם קען געדויערען וועניגער אָדער מעהר דאָס אויס־בריהען.

287. **עסען פאר די יונגע הינער.** — פאר די יונגע הינער פון היינטיגען יאָהר דארף מען רעגולירען דאָס עסען, אז זיי זאָלען ניט אָנפאנגען צו לעגען קיין אייער צו פריה אין סעזאָן. די קלע־נערע סאָרטען הינער, ווי די לעגהאָרנס, ווען זיי זיינען אלט פינף מאָנאטען; און די גרעסערע סאָרטען הינער, ווען זיי זיינען אלט זעקס מאָנאטען, זאָל מען געבען גאנצע קערנער: גלייכע טיילען קרעקד קאָרן (צושפּאָלטענע קוקורוזע) און ווייץ פון 12 ביז 14 פונט א טאָג אויף הונדערט הינער, און די געמאָלענע פּראָדוקטען (דריי מעש) זאָלען זיין פון 2 טיילען ווייצענע קלייען, 2 טיילען געמאָ־לענעם האָבער, 2 טיילען מידלינגס און איין טייל ביף סקרעפּס. די דריי מעש קאָן מען האלטען אימער אין אָפענע האפערס. אָט די שפּייזען דארף מען אָנפאנגען געבען זיי מיט א מאָנאט פריהער איידער זיי דארפען אָנפאנגען לעגען אייער. די ערשטע צוויי וואָ־כען קאָנען זיי ארומגעהן פריי, און די צווייטע צוויי וואָכען זאָל מען זיי שוין האלטען אין זייערע ווינטער הייזער. צום ענדע מאָנאט דארפען זיי אָנפאנגען עסען דיזעלבע שפּייזען, וואָס מען גיט די אלטע הינער.

אויב די יונגע הינער פאנגען ניט אָן צו לעגען אייער, זאָל מען זיי געבען ארום האלבען טאָג א פייכטע מעש (קאשע) געמאכט פון א קוואָרט מילך מיט פיער פונט דריי מעש (געמאָלענע פּראָדוקטען), דאָס וועט זיין גענוג פאר 100 הינער.

288. **באלייכטונג אין די הינער הייזער.** — אויבען אויף זייט 82, פּאראגראף 66 האָט איר געלעזען, אז ווינטער דארף מען יעדער נאכט א געוויסע צייט ליכטיג מאכען אין די הינער הייזער, אום די הינער זאָלען קאָנען עסען; און עס איז זעהר וויכטיג, אז די הינער, וועלכע באקומען עסען ביי־דער־נאכט, זאָלען אין אלגע־מיין באקומען זייער שפּייז ווי געהעריג. זיי מוזען האָבען גוטע דריי מעש (געמאָלענע פּראָדוקטען), וועלכע מען האלט אין אָפענע האפערס; און זיי מוזען האָבען גענוג גאנצע קערנער געשפּרייט אין טיפע אונטערבעטונג. אויף 100 הינער דארף מען 14 פונט גאנצע קערנער דורכ'ן טאָג און נאכט. דערפון גיט מען זיי 3 פונט

גאנץ פריה אין פריה־מאָרגען, 2 פונט ארום האלבען טאָג, 4 פונט פארנאכט און 5 פונט ביי־דער־נאכט, ווען מען מאכט ליכטיג.

289. **הינער שטאַרבען פון ראָוז טשייפער.** — דער ראָוז טשייפער איז א ביטל (זשוק) געלבליך־ברוין אין קאָליר, מיט לאנגע פיס, און באדעקט מיט געלע האָר. פון ענדע דזשון ביז אין מיטען דזשולייי לעגען זיי זייערע אייעלעך אין דער ערד. אין צוויי דריי וואָכען צייט ווערען פון די אייעלעך אויסגעבריהט ווערים. דער וואָרים (לארווא) איז געלבליך־ווייס אין קאָליר, און ער שפייזט זיך מיט די וואָרצלען פון גראָז. איבער ווינטער באגראָבט ער זיך אין דער ערד, און נעקסטען פרילינג ווערט פונ׳ם וואָרים א פופע; און מיט 3 וואָכען שפעטער ווערט פון דער פופע א טשייפער (זשוק). דער ראָוז טשייפער באפאלט האָלץ־בוימער און אלע סאָרטען פרוכט בוימער, גרויסע און קליינע, ווי אויך אלע סאָרטען בלומען און איבערהויפט ראָזעס. אויסער דעם שאדען, וואָס די טשייפערס ברייננגען צו די פלאנצונגען, פאַראורזאכען זיי דעם טויט פון יונגע הינער, ענטלאָך, געגנז און אינדיקעס, ווייל די טשייפערס ענטהאלטען אין זיך אזא גיפט, פון וועלכען יונגע עופות שטארבען. אלטע הינער ווערען וועניגער געשעדיגט פון דעם גיפט; אָבער יונגע הינער פאלען טויט אין פיר און צוואנציג שטונדען נאָכ׳ן עסען דעם אינזעקט. און צום באדויערען האָבען די הינער זעהר ליב צו עסען דעם טשייפער. די הון, וואָס עסט די טשייפערס ווערט ווי שלאָפעדיג, זי פארמאכט די אויגען, לאָזט אראָפּ די פליגלען און טרייסעלט זיך. שפעטער קאָן זי מעהר ניט שטעהן אויף די פיס, און פאלט טויט.

די געפערליכסטע צייט איז אין דזשון און דזשולייי, איבערהויפט פאר די הינדעלאך, וואָס זיינען אינגער פון צעהן וואָכען.

וואו מען באמערקט די טשייפערס, זאָל מען די הינער האלטען אין הויף, אָדער אויף א פעלד, וואו מען האָט אָפּגעשניטען די גראָז אָנפאנג דזשון. אין אלגעמיין זאָל מען פארהיטען, אז די הינער זאָלען ניט ארומגעהן וואו עס וואקסען ראָזעס, דעיזיס און וויינ־שטאָקען. איבערהויפט אזעלכע פלאנצען, וואָס בליהען אין דזשון

און אָנפאנג דזשולײ, װײל די טשײפערס באפאלען די פלאנצען, איבערהױפּט אין דער צײט פון בליהען.

פארניכטען די טשײפערס קאָן מען נאָר מיט פאָלגענדער שפריצונג:

צװײ מיט א האלבען פונט ארסענײט אָװ לעד אין א פּאודער
אײן גאלאן ביליגע מאלעסעז
פופציג גאלאן װאסער.

צוליב פיטשעס בוימער זאָל מען געברױכען נאָר אײן פונט מיט א האלבען (1½) ארסענײט אָװ לעד. ראָזעס קאָן מען דערמיט ניט שפריצען, און קײן אנדער זיכערען מיטעל האָט מען נאָך ניט אויסגעפונען. די ראָזעס קאָן מען נאָר פּראָטעקטען, װען מען זאָל זײ צודעקען מיט טשיז קלאָט (גאנץ שיטערע לײװענט).

290. שװאכע פיס בײ קלײנע הינדעלאך. — אױבען אויף זײט 201 פּאראגראף 193 האָט איר געלעזען װעגען שװאכע פיס בײ אלטע און בײ יונגע הינער. אין דער לעצטער צײט האָט מען אויסגעפונען, אז קאד לײװער אױל (פיש־טראָן) איז א גוטער מיטעל צו פארהיטען די הינדעלאך פון שװאכע פיס, און צו הײלען דערמיט, װען דאָס טרעפט.

מען געברױכט א פּײנט (א האלבע קװאָרט) קאד לײװער אױל אויף הונדערט פונט מעש, דאָס מײנט, די געמאָלענע פּראָדוקטען, װאָס די הינדעלאך עסען. אויב מען מישט גוט אוים די אױל מיט די מעש, בלײבט די מעש טרוקען, און די הינדעלאך האָבען ליב מעש, װאָס ענטהאלט אין זיך די אױל. די אױל פאנגט מען אָן צו געבען, װען די הינדעלאך זײנען אלט אײן װאָך, און מען גיט זײ די אױל ביז זײ װערען אלט פיר אָדער פינף װאָכען. די הינדעלאך, װאָס װערען אויסגעבריהט שפּעטער אין סעזאָן, װען זײ האָבען גענוג באװעגונג און גענוג זונשײן, דארפען זײ ניט האָבען די אױל. די אױל זאָל מען קױפען פון א זיכערען פּלאץ, װײל עס מוז זײן רױהע אױל אבסאָלוט רײנע און פון די בעסטע.

**.291 אַ מיטעל צו פארקיהלונג ביי הינער. —** אויב די הינער ליידען פון א פארקיהלונג אָדער פון רופּ, אָדער זיי זעהען אוים צו זיין שוואך, זאָל מען טאָן די פאָלגענדע זאכען:

.1 מען זאָל געבען מער גאנצע קערנער געשפּרייט אין די אונטערבעטונג.

.2 מען זאָל זיי געבען איינגעזוייערטע סקים־מילך אָדער סעמי־סאליד באָטערמילך.

.3 מען זאָל זיי איינגעבען עפּסאָם זאלץ, איין פונט אויף 100 הינער. די זאלץ צולאָזט מען אין הייסע וואסער, און מען מאכט דערמיט א פייכטע מעש, און מען גיט דאָס זיי מיט צוויי שטונדען פריהער איידער זיי געהען ארויף אויף די רוסטס. פריהער זאָל מען זיי ניט געבען קיין עסען א פּאָר שטונדען, אום זיי זאָלען עסען די פייכטע מעש מיט מער אפּעטיט.

.4 מען זאָל נעמען אין אפּטייק פאָלגענדען טאניק:

1 lb. pulverized Gentian

¼ lb. pulverized Ginger

¼ lb. pulverized Saltpeter

½ lb. pulverized Ferric (iron) sulphate

דערפון זאָל מען נעמען 2 אָדער 3 טעעלעפעלאך און צומישען מיט 10 קוואָרט דריי מעש (געמאָלענע פּראָדוקטען) און מאכען דערפון א פייכטע מעש און געבען די הינער ארום 10 א זייגער אין דער פריה. דעם טאניק קאָן מען געברויכען ביז 2 וואָכען.

.5 אין הינער הויז זאָל אימער זיין פרישע לופט. ביי טאָג, ווען עס איז ניט קיין גרויסער שטורם, זאָלען אלע פאָרהאנגען (קוירטענס) זיין אָפען, און ביי־דער־נאכט זאָל אמווייניגסטען איין קוירטען זיין אָפען אין יעדער אָפּטיילונג פון הינער הויז.

292. **די דריי פארשידענע טערמאָמעטערס.** — טערמאָ־מעטערס זיינען פאראן דריי: רעאומיורס, סעלסיאוס און פארענ־הייטס: רעאומיורס איז צוטהיילט אויף 80 גראַד, דאָס הייסט פון דעם פונקט, וואו עס פריהרט (פון נול) ביז דעם פונקט, וואו וואסער הויבט אָן צו קאָכען, איז 80 גראַד. דיעזער טערמאָמעטער ווערט געברויכט אין רוסלאנד און דייטשלאנד, נאָר אין מעדיציין ווערט דאָרט געברויכט סעלסיאוס טערמאָמעטער, וועלכער איז צוטהיילט אויף 100 גראַד, און אין אמעריקא געברויכט מען צו אלעס נאָר פא־רענהייטס, וועלכער איז צוטהיילט אויף 212 גראד. אין דיעזען טער־מאָמעטער אבער איז דער פונקט פון אנפאנגען פריהרען ניט דער נול, נאָר דער 32־טער גראַד, דאָס הייסט, אַז צווישען דעם פונקט פון פריהרען און דעם פונקט וואו וואסער הויבט אָן צו קאָכען איז 180 גראַד (32 פון 212 בלייבט 180).

אזוי ווי די 80 גראַד רעמיורס זיינען דאָסזעלבע וואָס 180 גראַד פאַרענהייטס, וועט איין גראד רעמיורס זיין צוויי מיט א פערטעל גראַד פארענהייטס (80:180=2¼). און אזוי ווי 100 גראַד סעלסיאוס איז גלייך צו 180 גראַד פארענהייטס, וועט איין גראַד סעלסיאוס זיין איין גראד מיט פיער פינפטעל גראַד פארענהייטס (180 : 100=1 4/5), און 1 גראַד פארענהייטס וועט זיין 4/9 גראַד רעמיורס (80 : 180=4/9), און 5/9 גראַד סעלסיאוס (100:180=5/9).

ווען מיר ווילען פארגלייכען פארענהייטס גראַדען צו די אנדע־רע, דארפען מיר אראָבנעהמען 32 פון דער צאָהל גראַדען, וואָס איז באוויזען, און דאן, אויב מיר ווען כפל'ן אויף 4/9 וועט עס זיין רעמיורס גראַדען; און אויב מיר וועלען כפל'ן אויף 5/9, וועט עס זיין סעלסיאוס גראַדען. צום ביישפיעל, אין אינקיובייטאָר דארף זיין 103 גראַד פארענהייטס. ווען מיר נעהמען אראָב 32 פון 103 בלייבט 71, די 71 כפל'ט מען אויף 4/9 וועט עס זיין 31 5/9 גראַד רעמיורס; און, ווען מיר וועלען די 71 כפל'ן אויף 5/9 וועט עס זיין 39 4/9 גראַד סעלסיאוס.

293. אַמעריקאַנער מאָסען און געוויכטען.—

געוועהנליכעס געוויכט

16 דרעמס זיינען 1 אונס.
16 אונסעס זיינען 1 פאונד (פונט).
25 פאונדס זיינען 1 קוואַרטער.
4 קוואַרטערס זיינען 1 האַנדרעד וויים.
20 האַנדרעד וויימס זיינען 1 טאָן.
(1 טאָן איז 2,000 פונט).

לענג מאָס.

12 אינטשעס זיינען 1 פוט (פוס).
3 פוט זיינען 1 יארד.
5½ יארדס זיינען 1 ראָד.
40 ראדס זיינען 1 פאירלאנג.
8 פאירלאנגס זיינען 1 מייל.
3 מיילס זיינען 1 ליג.
(5,280 פוט איז א מייל).
אַן אַקער איז 43,560 סקוועַר (קוואדראט) פוס.

טרוקענע מאָסען

2 פיינטס זיינען 1 קוואָרט.
8 קוואָרט איז 1 פעק.
4 פעקס זיינען 1 בושעל.

נאַסע מאָסען

4 דזשילס זיינען 1 פיינט.
2 פיינטס זיינען 1 קוואָרט.
4 קוואָרט זיינען 1 גאלאן.

294. די מעטרישע מאָסען און געוויכטען. — אין די מעט־רישע מאָסען און געוויכטען ווערט געברויכט דער מעטער צוליב מעסטען די לענג, דער ליטער צוליב מעסטען פליסיגקייטען און דער גרעם צוליב וואָג. ווען מען שטעלט צו פון אָנפאנג וואָרט די זילבע (סלאג) דעקע מיינט עס 10 מאָל, די זילבע העקטא מיינט 100

מאל און קילא איז 1000 מאל. צום ביישפיל, דעקעמעטער איז 10 מעטערס, העקטאמעטער איז 100 מעטערס און קילאמעטער איז 1000 מעטערס.

און, ווען עס שטעהט פון אנפאנג ווארט די זילבע דעסי מיינט עס 1/10. סענטי מיינט 1/100 און מילי מיינט 1/1000, צום ביישפיל, א דעסימעטער איז 1/10 מעטער, א סענטימעטער מיינט 1/100 מעטער. א מילימעטער מיינט 1/1000 מעטער.

## לענג מאס אין מעטערס.

10 מילימעטערס זיינען 1 סענטימעטער.
10 סענטימעטערס זיינען 1 דעסימעטער.
10 דעסימעטערס זיינען 1 מעטער.
10 מעטערס זיינען 1 דעקעמעטער.
10 דעקעמעטערס זיינען 1 העקטאמעטער.
10 העקטאמעטערס זיינען 1 קילאמעטער.

## מאסען פאר פליסיגקייט.

10 מיליליטערס זיינען 1 סענטיליטער.
10 סענטיליטערס זיינען 1 דעסיליטער.
10 דעסיליטערס זיינען 1 ליטער.
10 ליטערס זיינען 1 דעקעליטער.
10 דעקעליטערס זיינען 1 העקטאליטער.
10 העקטאליטערס זיינען 1 קילאליטער.

## געוויכט אין גרעמס.

10 מיליגרעמס זיינען 1 סענטיגרעם.
10 סענטיגרעמס זיינען 1 דעסיגרעם.
10 דעסיגרעמס זיינען 1 גרעם.
10 גרעמס זיינען 1 דעקעגרעם.
10 דעקעגרעמס זיינען 1 העקטאגרעם.
10 העקטאגרעמס זיינען 1 קילאגרעם.

295. פערגלײכען די אמעריקאנער מאסען און גע־װיכטען מיט די מעטרישע און מיט די רוסישע. —

1 אינטש איז 2.51 סאנטימעטער, אדער 1 דיום.
1 פוט איז 30.48 סאנטימעטער, אדער 1 פוס.
1 יארד איז 91.44 סאנטימעטער, אדער 1 2/7 ארשין.
1 מײל איז 1.6 קילאמעטער, אדער 1½ װיארסט.
1 אקער איז 2.471 העקטארס, אדער 0.37 דעסיאטין.
1 גאלאן איז 3.784 העקטאליטערס, אדער 0.3077 עמער.

296. א לוח (קאלענדער) פאר דעם מאן װאס האלט היהנער. — מיר װילען אין קורצען אנװײזען װאס מען האט צו טאן יעדען מאנאט דורכ'ן יאהר.

### יאנואר

די היהנער און העהנער, פון װעלכע מען װיל אויסבריהען די אײער, זאל מען יעצט אבזונדערען פון די אנדערע היהנער. מען זאל זײ האלטען אין באזונדערע הײזער. די העהנער זאל מען פאראײניגען מיט די היה־נער מיט דרײ אדער פיער װאכען פריהער אײדער מען דארף אויסבריהען די אײער. פון אנפאנג זאל מען האלטען װאס װעניגער היהנער מיט אײן האהן. (לעזט קאפיטעל 5). גרײט צו די אינקיובײטארס. פרופט זײ אויס אויב זײ ארבײטען גוט.

בײ דער נאכט דארף מען א געװיסע צײט ליכטיג מאכען אין די היהנער הײזער, אום זײ זאלען קאנען עסען. לעזט אויבען אויף זײט 82 פאראגראף 66, און אויף זײט 266 פאראגראף 288. פאר די היהנער, װאס מען האלט צוליב אויסבריהען, דארף מען אנפאנגען ליכטיג מאכען אין יאנואר.

### פעברואר

די גרעסערע סארטען היהנער, װי די פלימוט ראקס, קאן מען יעצט אנפאנגען אויסצובריהען. צוליב בראילערס און רוסטערס, דאס מײנט צו פארקױפען די יונגע עופות צוליב פלײש, איז יעצט די בעסטע צײט אויס־צובריהען. היהנדלעך, װעלכע קומען ארויס ענדע פעברואר װאקסען שנעל און גוט. װעגען די אײער צוליב אויסבריהען (זעה § 80).

## מערץ

עס טרעפען יעצט גרויסע ווינטען. פאַרהיט די היהנער פון צוג־ווינטען, היהנער וועלכע ווילען זיצען קאָן מען שוין זעצען. מערץ איז דער לעצטער מאָנאט פאר אויסבריהען די גרויסע סאָרטען היהנער. די קלענערע סאָרטען היהנער פאַנגט מען יעצט אָן אויסצובריהען. איבעריגע אייער פון דעם ברידינג סטאק קאָן מען פאַרקויפען פאַר אַ גוטען פּרייז. גרייט יעצט צו קופּס פאר די היהנדעלעך, וואָס די היהנער ווען אויסזיצען. די היה־נער הייזער זאָל מען אויסרייניגען, ווייסען און דעזינפעציצירען. (זעה § 47).

## אַפּריל

די קלענערע סאָרטען היהנער קאָן מען אויסבריהען גאַנץ אַפּריל. אָבער פאַר די גרעסערע סאָרטען איז דאָס צו שפּעט. אַלע היהנער וואָס ווילען זיצען זאָל מען לאָזען זיצען. אויב מען וויל ניט, אַז זיי זאָלען זיצען, זאָל מען זיי פערשפּאַרען אין אַ ברודי קופּ. (זעה § 38). מען קאָן יעצט נעהמען גוטע פּרייזען פאַר פעטע היהנער צוליעב פּסח. מען קאָן שוין אויסקלייבען העהנדעלעך אויסגעבריהטע אין פעברואר און פאַרקויפען צוליעב פלייש. צואַקערט און פאַרזעעט דעם הויף פון די היה־נער הייזער. די מיסט פון די היהנער איז זעהר גוט צוליעב אַ גאָרטען. (זעה § 285).

## מאַי

אויב מען האָט פאַרשפּעטיגט, קאָן מען נאָך פון אָנפאַנג מאָנאט אויסבריהען די קלענערע היהנער, ווי די לעגהאָרנס, און דאָס גלייכען. אַלע היהנער, וועלכע ווילען זיצען, זאָל מען זיי לאָזען זיצען. מען זאָל נאָכאַמאָל אויסקלייבען אלע קליינע העהנדעלעך און פערקויפען צוליעב פלייש. אַלע אַלטע העהנער זאָל מען פאַרקויפען. לאָזט נאָר איבער אייניגע פון די בעסטע צוליעב פאַרמעהרונג פאַר דעם נעקסטען ווינטער.

## יוני

אַלע היהנער זאָלען יעצט אין זייער עסען באַקומען וועניגער קאָרן (קוקורוזע), און מעהר ווייץ און האָבער. אין וואַרימען וועטער מוזען זיי האָבען גענוג גרינסען צום עסען. אויב זיי האָבען ניט קיין פּלאַץ, וואו אַרויסצוגעהן איבער גראָז, זאָלט איהר אָבשניידען גוטע ווייכע גראָז, אָדער די בלעטער פון גאָרטענוואַרג, וועלכע איהר אַליין ווילט ניט עסען. ביז סקרעפּס זאָל מען זיי געבען נאָר מאָגערע. פעטע פלייש, איבערהויפּט אין וואַרימען וועטער, קאָן זעהר שאַדען. זאָלען די היהנער אימער האָבען

רייגע פרישע קאַלטע וואַסער. סיי די אַלטע און סיי די יונגע היהנער זאָל מען פאַרזאָרגען מיט אַ פלאַץ, וואו עס איז פאראן א גוטער שאָטען צו באַהאַלטען זיך פון דער זון אין די גרויסע היצען. אויב איהר האָט ניט אזא פלאַץ ווי צווישען בוימער, און דאָס גלייכען, זאָלט איהר נעהמען פלעקער 2½ פוס הויך און צודעקען פון אויבען מיט קענוועס. עס איז ראַטזאַם, אַז איין זייט זאָל אויך זיין אין גאַנצען פאַרשטעלט, אום מען זאָל דאָס קאָנען א דרעה טאָן צו פאַרשטעלען פון דער זון. פון די היצען פאַרמעהרען זיך לייז און אַנדערע אינזעקטען. באַשיט די היהנער און די הייזער מיט א פאודער וואָס פאַרהיט דערפון. (זעה § 223).

די היהנער הייזער זאָלען ביי טאָג זיין אָפען, און ביי דער נאַכט זאָלען אַלע פענסטער זיין אָפען. האַלט זייערע הייזער און הויפען ריין ווי מעגליך. אויב ניט, [illegible]כען זיך עצט [illegible] קלייז פארשידענע קראנקהייטען. ביי די יונגע היהנדעלעך אין די קאָלאָניע הייזער און אין די קופס זאָל ניט זיין צו ווארים ווען זיי שלאָפען, ווייל דאַן קאָנען זיי פאַרקיהלען זיך אין מיטען זומער. אין דער פריה לאָזט אַרויס די היהנער אין דרויסען וואָס פריהער. וואַסער, וועלכע איז געוואַרמט פון דער זון איז זעהר שעדליך פאַר די היהנער. זונדערט אָב די העהדעלעך פון די היהנדעלעך. עס וועט זיין געזינטער פאַר זיי ביידען. לאָזט נאָר איבער די יונגע גוטע העהנדעלעך צוליעב בריד און די איבעריגע פאַרקויפט.

## יולי

היט אָב די קליינע היהנדעלעך, אז זיי זאָלען וואקסען ווי געהעריג. האלט די היהנער הייזער קאלט ווי נאָר מעגליך. פארהיט אלע עופות פון היץ און אינזעקטען. זאָלען זיי קיינמאָל ניט לניידען פון דאָרשט. די וואָס לעגען אייער פאָדערען געוויס פיעל וואסער. וואָס מעהר זיי טרינקען, וועלען זיי אלץ מעהר אייער לעגען, אויב זיי האָבען נאָר די ריכטיגע שפייזען. זיי מוזען יעצט אויך האָבען גענוג עסען, אויב ניט וועלען זיי אויפהערען צו לעגען אייער. יונגע היהנדעלעך, וועלכע וואקסען ניט ווי געהעריג, זאָל מען אביסעל פעטער מאכען און פארקויפען צוליעב פלייש. אויב די העהנער זייגען צוזאמען מיט די היהנער, וועלען פיעלע אייער זעהר גיך קאליע ווערען, ווייל א פרוכטבארע איי ווערט גיך קאליע. פאר יונגע העהנדעלעך קאָן מען יעצט נעהמען א גוטען פרייז.

## אויגוסט

אין פיעלע געגענדען איז יעצט די היץ א שווערע. היהנער ליידען

דערפון זעהר. זאָלען זיי האָבען א שאָטען וואו זיך צו באהאלטען. גיט זיי גענוג גרינע שפּייזען, און זאָלען זיי אימער האָבען גענוג קאלטע פרישע וואסער. די אלטע היהנער און העהנער, פון וועלכע מען קאָן שוין ניט ערווארטען קיינע גוטע רעזולטאטען, זאָל מען יעצט פארקויפען. (זעה § 154). די יונגע העהנדעלעך, וועלכע איהר האָט אָבגעקליבען צוליעב ברידינג, זאָלט איהר האלטען אָבגעזונדערט פון די היהנער. אונטערזוכט די שפּאלטען אין די היהנער־הייזער טאָמער זיינען דאָ מייטס.

## סעפּטעמבער

רייניגט, קאלכט און דעזינפיצירט די היהנער־הייזער צוליעב ווינטער. און לאָזט שוין אריין די היהנער אין זייערע ווינטער־הייזער. פארהיט זיי פון די קאלטע רעגענס און שטארקע ווינטען. זאָלען זיי ניט נעכטיגען אין דרויסען. אויב זיי וועלען יעצט כאפּען א קעלט, קאָן מען פון זיי האָבען צרות א גאנצען ווינטער. לאָזט איבער די נידעריגערע סאָרטען גאָרטענווארג פאר אייערע היהנער אויף ווינטער.

## אָקטאָבער

אין געגענדען, וואו עס פאנגען זיך שוין אָן קליינע פרעסטלעך, זיינען שוין די היהנער אין די ווינטער־הייזער. די וואָס מען האלט צוליעב בריד (פארמעהרונג) זאָלען זיין וואָס מעהר אין דרויסען, ווען דאָס וועטער איז שעהן. פארהיט די הייזער פון פייכטקייט און צוגווינטען. זאָלען די היהנער האָבען גענוג פרישע לופט און גענוג באוועגונג זאָלען זיי אימער האבען ריינע אונטערבעטונג.

## נאָוועמבער

די נעכט ווערען לענגער און די טעג קירצער. זומער האָבען די היהנער געשלאָפען נאָר ביז זיעבען שטונדען, און די איבעריגע צייט האָבען זיי געקאָנט עסען ווען זיי האָבען נאָר געוואָלט, און היינט האָבען זיי נאָר א דריטעל פון דער צייט צום עסען. דעריבער, אויב מען וויל, אז זיי זאָלען עסען גענוג אום אויפצוהאלטען דעם קערפּער אין א געזונטען

צושטאנד, און דערצו נאָך האָבען גענוג מאטעריאל פון וואָס צו פּראָ־דוציִרען אייער, מוז מען פארזאָרגען זיי מיט גענוג עסען. (זעה § 66).
די היהנער צוליעב בריד לאָזט ארויס אין דרויסען יעדען טאָג ווען דאָס וועטער איז שעהן. די פיס פון א הוהן האָבען זעהר מורא פאר קעלט און פאר נאסקייט. פארהיט דערפון.

די היהנער פאנגען יעצט אָן צו לעגען אייער. פיהרט א רעכענונג וויפיעל אייער זיי לעגען, און וויפעל איהר לויזט אָב פאר זיי.

## דעצעמבער

די היהנער, וועלכע מען האלט צוליעב פארקויפען זייערע אייער צוליעב עסען, זאָל מען ניט לאָזען אין דרויסען. אָבער אין דער פאָ־דערשטער וואנד זאָל זיין גענוג אָפּענער פלאץ אום זיי זאָלען אימער האָ־בען גענוג פרישע לופט. נאָר אין א רעגען אָדער שטורם זאָל מען דעם אָפּענעם פלאץ פארהענגען מיט א פאָרהאנג. ארבייט יעצט אויס אייערע פּלענער פאר׳ן נעקסטען יאָהר.

פיעלע היהנער פאנגען יעצט אָן צו קרענקען פון פארקיהלונגען. וועלכע קומען פון א צוג־ווינט אָדער ווען זיי איז צו ענג, אָדער צו ווארים, אָדער וואו עס פעהלט פרישע לופט, אָדער אויב עס איז נאַס אונטער די פיס. פארהיט זיי פון די אלע זאכען, וועלען זיי אייך באַ־צאָהלען פאַר אַלעס.

# ביבליאָגראַפיע

אַ ליסטע פון ביכער, מיט וועלכע דער פערפאַסער האָט זיך בענוצט,
שרייבענדיג דיעזען בוך.

---

# BIBLIOGRAPHY

## BOOKS


**Louis, Harry R.**—Productive Poultry Husbandry.
" " " —Poultry Keeping.
" " " —Making Money from Hens.
" " " —Poultry and Egg Production.
" " " —Winter Egg Production.
**Robinson, J. H.**—Principles and Practice of Poultry Culture.
" " " —Common Sense Poultry Doctor.
" " " —Poultry Craft.
" " " Winter Eggs; How to Get Them.
**Lippincott, W. A.**—Poultry Production.
**Drayden, J.**—Poultry Breeding and Management.
**Bailey, L. H.**—Encyclopedia of American Agriculture.
**Wilcox, E. V.**, and **Smith, C. B.**—Farmers' Encyclopedia.
**Columbia School of Poultry Culture.**
**International Correspondence School**—The Poultrymen's Hand Book.
**Hunt, T. F.**, and **Burkett, Ch. W.**—Farm Animals.
**Gibson, A.**—My Poultry Day by Day.
**Sando, R. B.**—American Poultry Culture.
**Purvis, M.**—Poultry Breeding.
**Valentine, C. S.**—How to Keep Hens for Profit.
**Solomon, D. E.**—The Diseases of Poultry.
**Jackson, H. W.**—Chicken Money.
**Biggle, J.**—Poultry Book.
**Powell, E. C.**—Making Poultry Pay.
**Brigham, A.**—Progressive Poultry Culture.
**Wortley, E. J.**—Poultry Diseases.
**Foster, J.**—The Million Egg Farm.
**Paterson, C. P.**—Twenty Lessons on Poultry.
**Park, Ph. R.**—Poultry Guide Post.
**Thorner, C. E.**—Poultry Book.
**Hastings, M. M.**—The Dollar Hen.
**Fiske, G. B.**—Poultry Feeding and Fattening.
**Woods, P. T.**—Open Air Poultry House.

## BULLETINS

**California University**—No. 99, Hatching and Rearing of Chicks.

**Canada Department of Agriculture.**—No. 87, Poultry House Construction; No. 88, Preparing Poultry Produce for Market.

**Ontario,** No. 208, Farm Poultry, etc.

**Connecticut Agricultural College (New Haven).**—No. 2, Poultry Selection, Care and Management; No. 8, Poultry Farm Management.

**Agricultural College (Storrs).**—Nos. 60, 68, 74, 85, Bacillary White Diarrhea of Young Chicks; No. 81, Poultry House Construction; No. 86, Lice and Mites of Hens; No. 87, International Egg Laying Contest; No. 92, Selection of Laying Hens.

**Cornell University.**—No. 14, Poultry Houses; No. 29, Poultry Parasites; No. 130, Rearing Chicks; No. 246, A Gasoline-Heater Brooder House; No. 318, Constitutional Vigor in Poultry; No. 327, Methods of Chicken Feeding; No. 353, The Interior Quantity of Market Eggs.

**Cornell Reading Course.**—Nos. 4 and 6, Incubation; No. 45, Importance of Constitutional Vigor in the Breeding of Poultry; No. 88, Feeding Young Chickens; No. 133, Preparation of Eggs for Market.

**Delaware Agricultural College.**—No. 2, Egg Laying Competition.

**Idaho Agricultural College.**—Circular No. 3, Feeding for Egg Production.

**Indiana Agricultural College.**—No. 182, Poultry Investigation; No. 196, Cost of Rearing Leghorn Pullets; No. 214, Cost of Raising White Plymouth Rocks.

**Inetrnational Harvester Company.**—No. 7, Poultry is Profitable.

" Make More from Farm Poultry.

**Kansas Agricultural College.**—No. 60, Chicken Management on the Farm.

**Louisiana Agricultural College.**—No. 14, The Farm Flock.

**Massachusetts Agricultural College.**—No. 6, Poultry Sanitation; No. 53, Poultry Manure.

**Maine Agricultural College.**—No. 168, The Fertility and Hatching of Eggs; No. 214, Biology of Poultry Keeping; No. 216, Poultry Notes.

**Missouri Agricultural College.**—No. 4, Poultry House; No. 79, Sour Milk for Chicken Feeding; No. 80, The Missouri

Poultry House; No. 82, Protein Feeds for Laying Hens; No. 107, Farm Poultry House Construction.

**Minnesota Agricultural College.**—No. 36, Egg Marketing.

**Montana Agricultural College.**—No. 4, Standard Bred Poultry; No. 163, White Diarrhea.

**North Dakota Agricultural College.**—No. 78, Poultry Experiments, etc.

**New Jersey Agricultural College.**—No. 22, Rearing Chickens; No. 32, Diversified Poultry Farming; No. 39, Poultry Rations and Methods of Feeding; No. 244, Essentials in Profitable Egg Production. Vol. 8, No. 5, Poultry Rations and Methods of Feeding.

**Ohio Agricultural College.**—No. 118, Farm Poultry; No. 284, Rations for Poultry.

**Oklahoma Agricultural College.**—No. 112, Cotton Seed Meal for Poultry.

**Oregon Agricultural College.**—No. 1, Breeds of Chickens; No. 2, Housing of Chickens; No. 6, Incubating and Breeding Chickens.

**Pennsylvania Agricultural College.**—No. 47, Farm Poultry; No. 107, Pennsylvania Experiments and Management; No .219, Increasing the Winter Yield of Eggs.

**Rhode Island Agricultural College.**—No. 126, Feeding Experiments.

**United States Department of Agriculture.**—Nos. 51, 806 and 898, Standard Varieties of Chickens; Nos. 64, 697 and 767, Ducks and Geese; No. 128, White Diarrhea; No. 140, Fattening Poultry; No. 200-791, Turkey Raising; No. 236, Incubation and Incubators; No. 287, Poultry Management; No. 357, Methods of Poultry Managment; No. 378, Fish Meat as Poultry Food; No. 445, Marketing Eggs Through the Creamery; No. 528, Hints to Poultry Raisers; No. 530, Important Poultry Diseases; No. 574, Poultry House Construction; No. 585, Natural and Artificial Incubation of Hens; No. 594, Shipping Eggs by Parcel Post; No. 801, Mites and Lice on Poultry; No. 889, Backyard Poultry Keeping; No. 1040, Poultry Primer.

**Utah Agricultural College.**—No. 135, Annual Egg Production; Nos. 148 and 149, Breeding for Egg Production.

# ערקלעהרונג פון ווערטער

אַיאָדין — יאָד.
אָיסטער שעלס — שאָלעכץ פון אוסטריצעס.
אינקיוביטאָר — מאַשין צום אויסבריהען.
אָליוו־אויל — בוים־אויל.
אַלפאַלפאַ — לוצערן.
באטערמילק — פוטער מילך, מאַס־ליאַנקע.
באקהוויט — בוכוויין, גריקע.
באַרלי — גערשטען.
בראָילער — היהנדעלעך צוליעב פלייש.
ברודער — אַ שטיבעלע צו האָדע־ווען היהנער.
בריד — אַ שטאַם.
ברידינג — געבאָרען, ערציהען.
ברען — קלייען.
גיזארד — פופיק פון עופות.
גייפ — אַ קראַנקהייט, זעה זייט 202.
גלוטאָן — אַזאַ שפייז, זעה זייט 71.
גריט — גראָבע זאַמד.
דייעריע — שלשול, שוואַכער מאָ־גען.
דראפינג באָרד — אַ פלאַטפאָרם.
האווער — זעה זייט 139
האפער — אַ קאַסטען פאַר שפייז.
הוועי — קעז־מילך, סיראָוועטקע.
העמפסיד — האַנף. קאַנאָפליע.
וואטעלס — די שטיקלעך וואָס הענ־גען אַראָב פון האַלז ביי אַ האָהן.
טאָירניפס — אַ מין ברוקווע.
לאַים — קאַלך.
לינסיד אויל — מעהל פון זאַמען מאקוכע.
לעטוס — גרינע סאַלאַטע.
מאלטינג — בייטען די פעדערען.
מידלינגז — דער אויבערשטער טייל פון קערנער אונטער'ן שאָלעכץ.
מילעט פראסע.
מענגעלס — גרויסע בוריקעס.
סאלפאר — שוועבעל, סיערע.
סקים מילק — אָבגעשמאַנטע מילך.
סקריינינגס — אָבפאַל סון תבואָה, פאסליעד.
עפסאָם זאַלץ — ענגלישע זאַלץ, בי־טער זאַלץ.
פאָטייטאָס — קאַרטאָפעל.
פיז — אַרבעס.
פראָטיין — זעה § 55.
קאטאנסיד מיל — מעהל פון מא־קובע.
קאַרבאָהיידריידס — זעה § 55.
קאָרן—קוקורוזע, טערקישע ווייץ.
קופ — אַ שטייג.
קלאָווער — קלעע, אַזאַ גראָז.
קעבעדזש — קרויט.
ראַי — ראגען, ראזש.
רוסט — סיעדעלעס וואו די היה־נער זיצען.
רייזשאָן — פראָפאָרציע פון שפיי־זען.

# אינהאַלט נאָכ'ן א"ב (אינדעקס).

זייט

## א.

---

## ב.

זייט



## ג.



זייט